# דאָס ערשטע קאַפּיטל.

וואָס מע וויל מעג מען אף קאַבּצאַנסקער אידן זאָגן: זיי זיינען עפּעס נישט אַזעלכע גרויסע בעריעס, טוען אין דער וועלט נישט אוף עפּעס אַזעלכע גרויסע כאָכמעס, — משטיינס-געזאָגט, זייער לעבן, שטערכען אָפּ די וועלט—עט, אזוי, מיט גאָרנישט... און קומען אָפּ מיט שיע-פּיע [1] — דאָס און נאָך אַזעלכס מעג מען זאָגן, — נאָר אין דעם איניען פון פּרוכפּערן און מערן זיך קען מען צו זיי, כאָלילע, גאָר נישט האָבן. זיי זיינען דערינען געוואָרנט, נישט ערגער פון אלע אַנדערע אידן. סאָנים אַפּילע קענען נישט לייקענען, אַז איטלעכער קאַבּצאַנסקער איד איז אַ מעטופּל, אָן איינאָרע, מיט אַסאַך קינדערלעך. און די טויווע, וואָס דער וועלט קומט דערפון אַרויס, ווערט דאָ באַשיינפּערלעך דערוויזן ווייטער אַביסל.

די קאַבּצאַנסקער באלעבאטים זיינען, נישט פאר אייך געדאַכט, גרויסע עוויוינים, האָבן נישט, איר זאָלט זאָגן, אַ צעבראָכענעם גראָשן בא דער נעשאָמע. אין קאַבּצאַנסק אליין איז פאר זיי נישטאָ קיין שום פּאַרנאָסע, סיידן איינער צום אנדערן מיט אַ טאָרבע אין די הייזער אַרומצוגיין. זאָל פּרואוון איינער מאכן עפּעס אַ געשעפטל, אַ קלייטל, אַשטייגער, באלד טאקע טוט אים דער איבעריקער אוילעם נאָך, און וויפל אידן, אַזויפיל קלייטלעך. קרעמער זיינען דאָ ווי מיסט, און אַ קוינע נישט איינער. דאָסגלייכן איז אין אַנדערע זאַכן. איטלעכער האָט ליב אַריינצושטופּן זיך אינדערמיט, אָנצוטרעטן יענעם אַפן פוס גאנץ אידישלעך, וואו צוויי, זאָל ער זיין אַ דריטער, וואו דריי — אַ פערטער און אַזוי אלץ ווייטער, ווייטער, ביז עס קומט אויס „וקבצנו יחד״, אַלע קאבצאָנים איניינעם [2]. שטיקן זיך צונויף, כאפּן זיך ארום גאָר ברידערלעך, און ווערן אזוי דערשטיקט, פארכאפּט אלע אף איין מאָל. אזא שטארקע אַכדעס, דאָס הייסט, אריינצוקריכן מיט אַ פוס צו יענעם

[1] מיט אַבי וואָס. [2] דער עמעסער טייטש פון „ווייקאַבציינו יאַכאַד״ איז: „זאַמל אונז צונויף איניינעם״. ווייקאַבציינו קלינגט אָבער ענלעך צו קאַבּצן. דערפון קומט באַ מענדעלען דער שפּילעוודיקער טייטש: „אַלע קאַבּצאָנים איניינעם״. (רעד.)

אין ביטל, איינער באם אנדערן דעם ביסן פונם מויל ארויסצונעמען, וואָס גאָט גיט, אַבי איניינעם, מיר נישט, דיר נישט — דאָס איז איינע פון די „מדות טובות" [1], וואָס געפינען זיך נאָר טאַקע בא קאבצאנסקער אידן. און אין דעם זכות קומט זיי טאַקע אויס איינער צום אנדערן אין די הייזער ארומצוגיין... די גאַנצע יעניקע זייערע איז פון דער פרעמד, מיינסטנס פון גלופסק. אַ נעס פאר קאבצאנסק, וואָס ס'איז דאָ אַ גלופסק, וואו מע קען נאָך עפּעס טון און אַ שטיקל קיעם האָבן. קאַבצאַנסק שיקט אַהין געוויינטלעך ארויס אלערליי סאָרטן נעפאשעס: מינע מע-לאמדים, באהעלפערס, מעקלערס, באטלאָנים, צוגעלעגערטע, אויך פרישצאַפּלדיקע איידעמלעך אזעלכע, ערשט אַראָפּ פון קעסט; אידן אַזוינע און אַזוינע, וועלכע דאָס האַרץ נאָר גלוסט: מיט קסאָווים, מיט מיכושן [2], זיידענע, גילדנאָדערדיקע, באלע-טפילעס, שויפער-בלאָזערס; אידענעס קאָל-האמינים: זאָגערנס, וויינערנס, שפּרעכערנס, אויסגעקינדל-טע, ווייבער מיט אייער, מיט פייסעכדיק געגזשמאלץ, פעדערן-פלי-קערנס, נאָך אין רעכטן קינדלען. היינט אַ מיש-מאַש באָכורים, דינסט-מיידלעך, מיידן מיט צוגעדעקטע קעפּ, וויבלעך אַזוינע און דאַמען אַזוינע, אָן אַ שיר. דידאָזיקע לעבעדיקע סכוירע גילט אין גלופסק מעשונע שטאַרק, האָט דאָרט אַ גרויסן אָפּגאַנג, און קאבצאנסק פון איר זייט, וואָס אַרבעט געשמאק לעטויוועס האקלאל, פאבריצירט אזא סכוירע צו באגליקן די וועלט, איז דערמיט זיך זייער מעיאַכעס. דעריבער הייסן אַלע קאבצאנסקער אידן — מעיוכאָסים. אז מע באגעגנט אַ אידן עפּעס א ווילדן באל-גאַיווע, האָט מען דעם בעסטן סימען, אַז ער מוז זיין אַ קאַבצאַנסקער...

דער מעכאַבער פון דעם „ווינשפינגערל" האָט געהאט די זכיע גע-בוירן צו ווערן דאָ בק"ק קאבצאנסק [3].

די עלטערן זיינע האָבן פון אים באָם געבוירן ווערן נישט געמאכט אזא פיירעש. זיי איז נישט איינגעפאלן אפילע צו טראכטן אַ וויי-לע, צו וואָס האָבן אזעלכע קאבצאָנים, ווי זיי, אַראָפּגעבראכט אף דער וועלט אַ לעבעדיק באשעפעניש, אף צאָרעס נאָר פאר זיך און אויך פאר אים. אָדער, וואָס האָט מען מיט דעם נעפעש צו טון עפּעס אזוינס, אז דאָס לעבן, וועלכס זיי האָבן אים געשיינקט, זאָל אים ניכע זיין און ער זאָל נישט שפּעטער האָבן צו זיי קיין טאַינעס: קאבצאָנים, געוואלד, וואָס האָט איר מיך געהאט!... נאַרישע זאַכן, כ'לעבן! די מאַ-מע האָט געטון איר זאַך, אים געטראָגן און געהאט פּאָשעט אָן כאָכמעס.

---

1) „מידעס טויוועס" — גוטע מידעס, גוטע אייגנשאַפטן. 2) שלאַפקייטן. 3) אין דער שטאָט קאַבצאַנסק. ק"ק — ראָשעטייוועס פון די ווערטער „קהילה קדישאָ" — הייליקע קעהילע.
(רעד.)

אַף דערויף איז זי דאָך אַ אידענע, זי זאָל קינדלען. וואָס דען? אַפילע א הון, לעהאַוודל, טוט אויך, וואָס גאָט האָט געבאָטן — לייגט זיך און קוואָקעט, נישט צו פרעגן קיין קאַשעס. דעם טאַטן ווידער האָט עס אויך נישט אַזוי שטאַרק אויסגעמאַכט. מיילע, איז דאָ נאָך אַ נעפעש, וואָס קען עס אים אַרן? קיין בויכווייטיק האָט דאָך עס אים אויך נישט געקאָסט. בויכווייטיק האָט די נעקייווע און אַז פאר איר איז רעכט, איז דאָך פאר דעם זאָכער פשיטע[1]!... אַי וואָס, ער איז אַ קאַבצן, מיט אלע כיין-גריבעלעך אַ קאַבצן, און נאָך א צוגעקומען מויל באדארף דאָך פיקן? נישטמער גאָרנישט, לאָז זיך די וועלט זאָרגן. מיט דעם ביטאָכן טאקע פריער אף גאָט, דערנאָך אף דער וועלט, איז ער אליין דאָך, זיינע עלטערן און די עלטערנס עלטערן געבוירן געוואָרן. ווארטן אף דערע־כערעץ, ביז מע וועט פאר אַ אידישער נעשאָמע אָנגרייטן דאָ פריער אַלצ־דינג, וואָס נייטיק איז צום לעבן, און דערנאָך ערשט זי אָפּאַכטן אהער צום גרייטן — דאָס קען אַ איד נישט. אַ איד, אז ער וועט זיך נישט שטופן מיט געוואלד, וועט ער מעגן אייביק טאקע דאָרט ווארטן. עפּעס נישט אזא מעציע, די וועלט זאָל אָן אים, כאָלילע, זיך נישט קענען באַ־גיין. האָט ער זיך אָבער שוין דורכגעשטופּט און איז שוין דאָ מיטביידע פיס, שטופּט ער זיך מיט גאָטס קויעך ווייטער, ווייטער. ער שטופּט זיך, קוועטשט זיך מיט אַלע קרעפטן, פאָרנט־ארום, הינטן־ארום,—אלץ איינס, דורך טיר אָדער דורך פענצטער, שטופּט אזוי אָפּ דאָס גאנצע לעבן און גאָרנישט.

אף איין זאך נאָר האָבן די עלטערן באַ זיין געבוירן זיך יאָ, נעבעך, פארטראכט און שטארק געבראָכן דעם קאָפּ: ריבוינע שעל אוילעם! וואָס פאר אַ נאָמען גיט מען דעם נייעם נעפעש דיינעם? די אַלע נע־מען, וואָס אין דער מישפּאָכע איז געווען, האָט מען שוין פאַרטון אַף די אַלע קינדערלעך, וואָס האָבן זיך פארכאפּט געבוירן צו ווערן פריער פאר אים. מע האָט אָנגעהויבן פון די נאָענטע קרויווים און געגאנגען קעסיידער ביז די ווייטסטע—פּערדס־פּוס־פּאָדקאָווע. באַ איטלעכס קינד האָבן זיך געמיט צוויי קרויווים: דער טאַטע האָט אויסגעקראַצט איינעם פון זיין מישפּאָכע, און די מאַמע איינעם פון איר מישפּאָכע; אַזוי איז צווישן זיי שוין געווען אָפּגעמאַכט, און דאָס קינד האָט געהייסן צוויי נעמען. עס האָט זיך געפּאָרט: כאַצקל־בענציען, ליפּע־טאָדרעס, דוואָסיע־קרוינע, פּייסעך־זעליק, ציפּע־סאָסיע, סטיסע־הינדע, קאַרפּל־פּייוויש, כאָנע־לעמל, שמערל־אייזיק, קיילע־ריקל. אין אַ נויט האָט זיך איבערגעלייגט אַ זאָכער אין אַ נעקייווע, אַ נעקייווע אין אַ זאָכער, צוויי מייסים האָבן זיך

1) אַוואַדע. (רעד.)

געפּאָרט און דער זיווּג איז אוילע-יאָפּע געווען [1]. פונם פּעטער כאַים ווערט לעמאזל כאיע, פון דער מומע בראָכע—באָרוך; פון גרונע שפּרינגט אַרויס גרוינעם, און נאָכעם ווערט איינס מיט נעכאמע. אַזוי איז דאָס אַ לאַנגע צייט געגאַנגען, ביז מע האָט פלוצלים זיך אַרומגעקוקט—אַ ווײ-טיק די סאָנים! די מישפּאָכע האָט זיך אויסגעלאָזט, נישטאָ קיין נע-מען!... די עלטערן האָבן אַ היפּשע צייט זיך געדרייט די קעפּ טראַכטנ-דיק, און גאָרנישט אויסגעטראַכט.

— הערסטו, לייזער-יאַנקל! — איז די קינפּעטאָרן לעסאָף אַרויס מיט דער שפּראַך, נאָכדעם אַז זי האָט פריער זיך אַביסל געקווײנקלט, — פּאָלג מיך, מיין מאַן, און לאָז דאָס קינד הייסן גדאַליע-הערש, נאָך גדאַליע-הערשן, אָלעוו האַשאָלעם.

— שאַ, טיפּשע! — מאַכט דער טאַטע שטארק אופגעבראַכט. — לאָז מיר דיין גדאליע-הערש מויכל זיין, נישט מויכל זיין, דעם נאָמען זיינעם וויל איך נישט הערן. ניין, צען מאָל, הונדערט מאָל ניין.

גדאַליע-הערש איז פון דער מאמעס מישפּאָכע. די באָבע כאָלצע (פון איר איז דאָס ארויסגעשפּרונגען כאַצקל) האָט אים אָנגעקערט אַ לייבלעכע מומע. אין די הענט האָט ער געהאט אַ מעלאָכע, עפּעס גאָר אַ קאָפּל-שמוינעדיקע [2]. ער האָט געשטשאָבעט טאכטוינים, קאַ-פּאָטעס, היטלען, ווייבערשע קליידלעך, יופּעס, יאַמפּערקעס און אמאָל אויך טאקע געלאטעט שיך. האַקלאַל—אַלצדינג, וואָס נאָר מע האָט אים געגעבן. אַ בעריע אַף לאַטעס לייגן איז אין גאַנץ קאבצאנסק זיין גלייכן נישט געווען. און ווייל לאַטעס גילטן ערגעץ נישט אזוי ווי אין קאבצאנסק, דעריבער איז גדאליע-הערש שטארק אין דער מאָדע געווען דאָרט. בא וועמען נאָר עפּעס אַ טרען, אַ ריס—באלד צו גדאליע-הערשן; בא ווער אַ שוך, נישט פאר אידישע קינדער געדאַכט, האָט געפּייפט, פארשטאָפּט אים גדאליע-הערש דאָס מויל און זאָגט אים אָן מיטן האַרבן וואָרט, ער זאָל נישט פּייפן. איז דער אייגענער טרען, דער אייגענער ריס ווידער טאַקע דאָ מאָרגן און דער שוך הערט אים נישט, האָט אַ האָזע באלד טאקע ווידער צו עפּענען אַ מויל, איז גדאליע-הערש נישט פויל, לאַטעט און לאַטעט, ביז דער רועך נעמט צו די לאָך מיט דעם מאַלבעש אינײנעם. ווען אַזאַ גדאַליע-הערש זאָל געווען אָנ-שפּאַרן אין פּאַריז, וואָלט ער געגאַנגען אין גאָלד, געטראָגן וואָלט מען אים דאָרט אַף די הענט. אין קאבצאנסק אָבער איז ער געגאנגען נאַקעט און באָרוועס. און אַז מע האָט אים דאָ שוין געטראָגן אַף די הענט, איז דאָס געווען דענסטמאָל נאָר, ווען ער איז געפאלן פון די פיס, בעשאַס

1) דאָס צווייפּאָרן האָט זיך איינגעגעבן אָמבעסטן. 2) פילפאכיקע. (רעד.)

ער האָט געכאַפּט אַ איבעריקע קויסע. טרינקען האָט ער אַפּילע גע־קענט, ווייל די מעלאָכע האָט ליב דעם טרונק און אַנדערש קען מען נישט איינגעקויפּט זיין אין דער כעוורע פויאַליי־צעדעק[1], נאָר פונ־דעסטוועגן קען מיט דעם גרעסטן טרינקער זיך מאַכן, ער זאָל דאַפּקע זיין אַמאָל שיקער־לאָט. באם אויסניכטערן זיך, פלעגט ער, ווי געוויינטלעך אַ געוויסער טייל שיקורים, זיך פאַרענטפערן, אַז ער איז נישט שול־דיק, דאָס אומגליק איז געשען נאָר, ווייל ער האָט גענומען די קויסע פון דער לינקער האַנט. א סימען, אָט נעמט ער באלד טאַקע א פלעשל מאַשקע, ווי געהעריק איז, זופט עס אויס פאר אן איידע אידן און ער זאָל זיך כאָטש פאַרקרימען. אזעלכע קונצן פלעגט ער עפּטערס באוויזן, און דער קאַבצאנסקער אוילעם פלעגט גאָר אָנקוועלן. נישט אָנגעקוואָלן דערפון האָט נאָר לייזער־יאַנקל אליין: גדאַליע־הערש האָט אים מיט דער מעלאָכע פארשוואַרצט די אויגן. אַ קאַטאָוועס עפּעס, ער, ר׳ לייזער־יאַנקל, יאָמים נוראָים א באַל־טפילע ערגעץ אין א גלופּסקער קלייזל און דאָס גאנצע יאָר אַזוי זיך א שיינער איד, קוקט אריין אין א סייפער און רייבט זיך אין בעסמעדרעש אונטערן אויוון — ער און דער באַלמעלאָכע, דער אַמאָרעץ, זאָלן זיין קרויווים! ער האָט גדאַליע־הערשן בעשומויפן נישט געוואָלט אָנעמען פאר א קאָרעוו, זיך אַקעגן אים גע־בלאָזן און קיינמאָל אים נישט פאַרבעטן צו זיך אמאָל אף א סימכע. איז ער געקומען אומגעבעטן, האָט מען אף אים זיך אפילע נישט אומ־געקוקט. גדאַליע־הערש פון זיין זייט, האָט פון לייזער־יאַנקלס גאַדלעס זיך גאָר נישט געמאַכט און אַמאָל אויס אים אויך געלאַכט מיט גוטן, אָן גאַל: „ווייס איך, וואָס מיט לייזער־יאַנקלען איז אזוי דער איכעס! אַרומגיין שלינג־און־שלאַנג איז עפּעס נישט אזא בעריעשקייט. א לאַטע זאָל ער פּרואוון לייגן, אַזא לאַטע ווי איך, דענסטמאָל וועלן מיר זען. נאַט אייך א שמעלקע! א בעהיימע איז ער, נישט מער... לאָז אים גאָט נישט שטראָפן פאר די זינד". אַזוי פלעגט ער געוויינטלעך אויסלאָזן דעם שמועס, א מאַך־געבנדיק מיט דער האַנט. מיט לייזער־יאַנקעליכן האָט ער זיך פארהאלטן זייער גוט, פלעגט אויסלאַטען אירע מאַלבושים, איבערניצעווען די קינדערשע זאַכן, לייגן לאַטעס אויך אף דעם טאַטנס בגאָדים, נישט צו נעמען דערפאר א פּרוטע[2]. פארקערט, אונטער אן איינגער צייט פלעגט ער שטילערהייט נאָך אונטערהעלפן איר מיט עטלעכע גראָשן. לייט זאָגן, אז אין דער יוגנט איז ער אין איר געווען פארקאָכט, זי נאָך אים האָט אויך געצאַפּלט און עס האָט געהאלטן שוין אף א שטייגער, אָט ברעכט מען טעפּ — נאָר פלוצלים האָט זיך אונטער־

---

[1] באַלמעלאָכעס. [2] א שפּאָט־קליינע מאטבייע, א גראָשן. (רעד.)

גערוקט דער שידעך מיט לייזער-יאַנקלען, באָבעס, מומעס האָבן זיך פאר אים געמיט, אָפּגעשאַצט זיין בייקעלכן, פאר וויפל מע קען עס אָנעמען אין נאַדן אַריין. ס'איז אויסגעקומען עפּעס גאָר א גליק, וואָס טרעפט זיך איין מאָל אין הונדערט יאָר. עס ווערט אַ קנאַסמאָל, און גדאַליע-הערש בלייבט, נעבעך, פונדרויסן אף דער מילכעדיקער באַנק. פון דענסטמאָל אָן, אַזוי שמועסט מען, איז גדאַליע-הערש פונם פּאָנים אַראָפּ, גאָר נישט דער אייגענער, וואָס פריער — עפּעס נאָר טאַקע אַ קישעף, אַן אָפּגעטו-נענע זאַך, באהיט זאָל מען ווערן! — איז געווען אלץ פאראומערט, פאר-זאָרגט און פאר צאָרעס זיך גענומען צום טרונק. זייער מעגלעך, אַז דערמיט האָט אויך געשמעקט די סינע אָקעגן אים בא לייזער-יאַנקלען אין האַרצן. נאָר ווי די מאַיסע איז, אַזוי אָדער אַזוי, די סינע איז געווען גרויס. דעריבער, אז לייזער-יאַנקל האָט דאָ פונם ווייב נאָר דערהערט דעם נאָמען זיינעם, איז ער אָנגעצונדן געוואָרן.

האַגאַם לייזער-יאַנקעליכע איז געוואוינט געווען צו דעם מאַנס זיד-לעריי און בייזקייט אף גדאַליע-הערשן, נאָר היינטיקס מאָל, ליגנדיק אין קינפּעט, האָט עס זי אָנגעכאַפּט באַם האַרצן און זי האָט זיך באַ-וואַשן מיט טרערן; דער מאַן האָט אף איר געקוקט מיט ראַכמאָנעס און געמאַכט צו איר שוין ווייכער אביסל:

— וויין נישט, דו טיפּשע איינע! זאָג איך דיר. א קאָשערע, ער-לעכע אידענע באדארף טון דעם מאנס ראָצן, אז דער מאן זאָגט ניין, באדארף זיין ניין. באַרעכן זיך נאָר, נאַרעלע, ווער, באָרכעשעם, איז דיין מאַן, און ווער איז גדאַליע-הערש!...

— גדאליע-הערש איז געווען א קאָשערער איד, א גוטע נעשאָמע.

— א קאָשערער איד — א באלמעלאָכע! נאָר א געלעכטער, כ'לעבן. קארג פארשווארצט האט ער מיר די אויגן בא זיין לעבן, זאָל איך אצינד נאך אים א נאָמען געבן מיינס א קינד און מיר אליין אָנטון אזא כאַרפּע! גיי שוין, נאַרעלע, גיי, רעד נישט קיין נאַרישקייטן!

— אָבער אַ נאָמען, לייזער-יאַנקעל! וואו האָסטו אַ נאָמען? אַ שיינער טאַטע, משטיינס-געזאָגט!...

— אַ נאָמען!... עס... נישקאָשע. — שטאַמלט דער טאַטע און פאַר-טראַכט זיך אַביסל.

— אָבער, הע-הע! אַז איך האָב געהאט אַ כאָלעם, הע-הע!...

— וואָס כאָלעם?! — מאַכט דער טאַטע, אויסשטעלנדיק אַ פּאָר אויגן אַף דער מאמע.

— גדאַליע-הערש איז מיר נעכטן באַנאַכט געקומען צו כאָלעם. — מאַזלטאָוו דיר, מאַלקע-טויבע!, זאָגט ער, און טוט דערביי אַ קרעכץ. איך ליג נישט רואיק אין קייווער דערפאַר, וואָס אַף דער וועלט איז נאָך

נישטאָ מיין נאָמען. דערבאַרם זיך, מאַלקע-טויבעניו! מאַכט ער מיט אַ געבעט, ווייזנדיק דערביי אפן קינד אין די קישעלעך. דו האָסט אַצינד אין האַנט מיך צו בארואיקן. איך וועל מיך מיען דאָרט פאַר דעם „כסא הכבוד" [1]) פאַר דיר, פאַר דיין מאַן. דאָס קינד דיינס וועט, אימירצע-שעם, זיין אַ גוט שטיקל אַרבעט, אַ שאַרפע נאָדל מיט אַ שפּיציק קעפּל. באַ דידאָזיקע ווערטער האָט אים געלויכטן דאָס פּאָנים און איז באלד פארשוואונדן... וואָס זאָגסטו, לייזער-יאַנקל?

— נו, נו... — מאכט דער טאַטע אָן ווערטער.

— נוקע נישט, לייזער-יאַנקל, — זאָגט די מאַמע, — אַזוי זאָל איך זען פיל נאַכעס, ווי איך האָב אים געזעען... היינט באַנאַכט איז ער ווידער געקומען. אַלץ געקוקט אַף מיר און געוויזן אפן קינד, געוויזן אפן קינד און געקוקט אף מיר... געוויזן, געקוקט פריער מיט אַ געבעט, דערנאָך... אוי, דערנאָך שטשירעט ער אויס אַ פּאָר אויגן און לאָזט זיך צו מיר מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי ער וויל מיך שטיקן, טוט אַ זאָג בייז: ווען נישט...

— ווען נישט, וואָס? וואָס? — טוט זיך דער טאַטע אַ כאַפּ דער-שראָקן, באַטראַכט די „שיר המעלותן" [2]) און דעם קרייז מיט דער קאָט-שערע אַף די ווענט אַרום דער קינפּעטאָרן.

— וואָס פרעגסטו, לייזער-יאַנקל? ווי איז מיר נישט. עפּעס שפּילט מען זיך מיט אַ מעס! ווי איז מיר, ווינד איז מיר...

— נו, נו. וואָס-זשע ווילסטו, טיפּשע איינע?

— האָב גאָט אין האַרצן, ווי איז מיר, לייזער-יאנקל! און זיי נישט קיין אַקשן, ווינד איז מיר!

— שאַ...

---

1) „קיסע האַקאָוועד" — גאָטס טראָן. 2) „שיר האַמאַילעסן" — פּאַפּירלעך, אַף וועלכע ס'איז אָנגעשריבן אַ באַשטימטער קאַפּיטל טילים. זיי פלעגן הייגען אף די ווענט, וואו די קינפּעטאָרן געפינט זיך, אַף צו פאַרהיטן דאָס קינד פון אלערליי שיידים און רוכעס. (רעד.)

## דאָס צווייטע קאַפּיטל.

ס'איז געבליבן, דאָס קינד זאָל הייסן הערשל נאָך דעם לעצטן נאָמען פֿון גדאַליע־הערש, און עס האָט דערינען געשטעקט אַסאַך שפּיצלעך. איין מאָל, האָט דאָך דער טאַטע דאָס רעכט אויך אַף אַ נאָמען; צווייטנס, איז דאָך אַ פּשאָרע מאַכן גאַנץ אידישלעך, ווי זאָגט דער אוילעם: יאַק ני פּסאַק, ניכאַי בודע פּסאַקעץ, ביידע צדאָדים זאָלן צופרידן זיין; דריטנס, איז הערשל פּאָרט נישט גדאַליע־הערש, די כאַרפּע האַלב צוגעדעקט, וואָרפט זיך נישט יענעם אַזוי אין די אויגן. און די מאַמע, זייער אַ גוטע באַלעבאָסטע, ליב אָפּצושפּאָרן אַלץ אַף שפּעטער, האָט באַ זיך געטראַכט: האַ, לאָז זיך וואַלגערן אין דער באַלעבאַטישקייט אַ איבעריקער נאָמען גדאַליע, ער וועט עפּשער צונוץ קומען אַף שפּעטער.

די מאַמע האָט טאַקע געטראָפן, ווי אַ כאַכאָמע! זי איז אויסגעקומען מיט די נעמען, ווי מיטן קרעפּל־פליישׁ. אין אַ קורצער צייט אַרום איז זי געלעגן געוואָרן ווייטער מיט אַ אינגל און ער האָט, הערשלען אַף צו לאַנגע יאָר, געהייסן גדאַליע.

איך זאָג: הערשלען אַף צו לאַנגע יאָר, ווייל דער ברודער גדאַליע האָט זיך נישט לאַנג געהאַלטן, אים איז נישט געפעלן דער מאַמעס קעסט. עס האָט אים געגרימט אין בייכל, זיך, נעבעך, געגנוג אָנגעליטן און באַם אויסשניידן זיך אים ציינדלעך, האָט ער זיך מעיאַשעוו געוועזן און זיך אָפּגעטראָגן. אַף דעמדאָזיקן סייכל זיינען געפאַלן עטלעכע פֿון די שוועסטערלעך און ברידערלעך נאָך פריער, איידער הערשעלע איז געבוירן געוואָרן. זיי האָבן געזעען, אַז מיט קאַבצאָנים איז נישט גוט צו האָבן אייסאָקים, דאָס לעבן באַ זיי איז נאָר אַן אומגליק, אייביקע צאָרעס, שטענדיקע יעסורים. בעסער איינמאָל שטאַרבן, ווי צען מאָל אין טאָג אויסגיין פאַר הונגער; איידער עלטערן זיך אין דאַלעס, פאַרוואַרפן אַף דער פּאָליצע די ציין, בעסער יונגערהייט פֿון דער וועלט גיין. אַ לאַנג לעבן אָן ברויט איז אַ ביסלעכווייזער טויט. נישט אַלע מענטשן אָבער זיינען גלייך. דוואָסיע־קרוינע און פייסעך־זעליק האָבן זיך איינגעשפּאַרט דאַפקע לעבן און פאַרזוכן, משטיינס־געזאָגט, דעם

טאַם פון כאַסענע האָבן. זיי זיינען ביטערע עוויונים און באפאלן מיט קינדערלעך. אכוץ זיי, האָבן פונם מאַלעך-האַמאָוועס הענט זיך אויסגע-דרייט ציפּע-סאָסיע, שוין אַ מויד אין די יאָרן, איז געווען, נעבעך, הויט און ביין. דאָס פּאָנים אויסגעצויגן, די באַקן איינגעפאלן, מיט בלויע רינגען אונטער די אויגן. אין דער יוגנט אָבער איז זי געווען אַ בילד שיינע, אַ לעבעדיק מיידל, זייער אַ גראָטענע, אַ כיינעוודיקע, אַ גוטע, ערלעכע, קאָשערע נעשאָמע — מאַילעס, וואָס אין רייכן שטאַנד ברייגגען זיי גליק, און דעם אָרעמען אָבער זייער אָפט נאָר אומגליק. צוזעענדיק דאָס גרויסע עלנט בא די עלטערן אין הויז, איז איר גע-וואָרן אַ לאָך אין האַרצן. איר איז נישט אזוי אָנגעגאַנגען אייגענע צאָרעס, וויפל די צאָרעס פונם הויזגעזינד, ווי מענטשן, נעבעך, קומען עס אָפּ, ווי פּיצלעך אומשולדיקע קינדערלעך דארפן עס, נעבעך, דארן-קווארן און גייען אויס ביסלעכווייס, ווי אַ ליכט. באַ איר איז געבליבן צו גיין אין דער פרעמד, דינען, פאַרדינען און אָפּדינען די ליבע עלטערן אין דער נויט. זי האָט גוט געוואוסט, אַז דער טאַטע איז באַ זיך אַ גרויסער מעיוכעס, עס וועט אים נישט אָנשטיין, זיינס אַ קינד זאָל זיך שטעלן אין דער פרעמד. נאָר דאָס האָט זי אָבער ניט אָפּגע-שראָקן, זי האט זיך פאָרגענומען צו טון אַלע מיטל, זיך שטרעקן נאָך די עקן, אַזוי לאַנג—אַזוי ברייט, ביז זי וועט אירס פויעלן. זי האָט אויס-געקליבן דערויף אַ צייט, ווען עס איז געווען זייער איינג. אין הויז איז נישט געווען קיין שטיקל ברויט, דער ווינטער האָט צוגעטראָטן מיט זיינע שרעקלעכע פרעסט, און אין שטוב איז קאַלט, כאָטש וועלף צו טרייבן. וואָכנווייס איז אויס דעם קוימען ניט געגאַנגען קיין רויך. די מאַמע איז געווען אַף דער צייט מיט קיילע-ריקלען און געהאט זייער אַ שווער טראָגן. שמערל-אייזיק, אָלאָוו-האַשאָלעם, האָט געמאָזלט, געפּאָכט מיט דער נעשאָמע און די איבעריקע נאַקעטע, הונגעריקע קינ-דערלעך האָבן זיך פאַרשלאָגן אין אַ ווינקל, געזעסן איינגעהויקערט אין צענטן, מיט סמאַהע אַף די ליפּן, שאַ, שטיל, נאָר צייטנווייס אַ קרעכץ, אַ זיפץ טיף פונם האַרצן, און געקוקט אין דער וועלט ארײן מיט טאַמע-וואַטע גלעזערנע אויגן, אין וועלכע עס זיינען געשטאַנען פאַרגליווער-טע טרערן... דענסטמאָל האָט זיך ציפּע-סאָסיען געעפנט דאָס מויל, זי האָט געוויינט, געכאַלעשט פאַר דעם טאַטן, ער זאָל ראַכמאָנעס האָבן אַף דער מאַמען, אף די קינדער, אויך אַף איר און לאָזן זי שטעלן זיך ערגעץ אף אן אָרט. עס האָט אויס איר גערעדט די נעשאָמע, אַ מאַבל הייסע געפילן האָט זיך איר געגאָסן טיף פונם הארצן, און דער טאַטע, דערהארגעט, דערשלאָגן פון דער ביטערער נויט, האָט לעסאָף איר איינגעוויליקט מיט אַ געבראָכן געמיט... איר אַוועקפּאָרן קיין גלופּסק

האָט דער מאַמע גענוג טרערן געקאָסט, דער טאַטע האָט מיט איר זיך געזעגנט שטאַרק באַטריבּט. די גוטע, שטילע טויבּ איז ארויס פון דער נעסט לײַדיק און בלויז, נאָר מיט דער בראָכע פון די עלטערן, מיט דעם הייסן „פאָר געזונט!" פון די וויינענדיקע שוועסטערלעך און ברי-דערלעך.

קאַבּצאַנסק האָט אין אַ טראַנספּאָרט לעבּעדיקע סכוירע צוגעשטעלט גלופּסק — אַ שיינע, אַ יונגע דינסטמיידל!...

ציפּע-סאָסיע האָט באַלד באַקומען אַן אָרט ערגעץ דאָרט אין אַ נעגי-דיש הויז. די ערשטע צייט איז איר געגאַנגען קיין מאַיסע נישט. מע איז מיט איר און מיט איר אַרבּעט שטאַרק צופרידן געווען. זי האָט געשריבּן אַהיים פריילעכע בריוולעך און אויך צוגעשיקט אַביסל געלט. נאָר דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבּן אַ מאַיסע. דער באַלעבּאָס האָט אַף איר געוואָרפן אַן אויג, און הינטערווײַלעכס געפּרואווט ווערן מיט איר אַ נאָענטער מעכוטן. אין אָנפאַנג איז דאָס נאָך געווען אַביסל פאַר-שטעלט, אַפן וואונק, גלאַט אַזוי זיך. ער איז א גוטער מענטש, באַ זיך פּראָסט, זייער צוגעלאָזט און וויל אַן אָרעם קינד, נעבּעך, מעקאַרעוו זיין. פאַרוואָס נישט? פון זיין הויז האָבּן שוין עטלעכע גאַנץ פיינע דינסטמיידלעך כאַסענע געהאַט, גאָר נישקאָשעדיק... לאָז זי נאָר נישט זיין קיין נאַרעלע, וועט איר אויך אַז וואויל זיין... ווייטער, ווייטער האָט זיך שוין קלערער אַרויסגעוויזן, וואָס אַ נאָגידס גוטסקייט און צוגעלאָזטקייט באַטייט. באַהיט זאָל מען ווערן! עס האָט זיך פאַר איר געעפנט פּלוצלים גאָר אַ נייע וועלט מיט אַנדערע מינע קריינקונגען — אַ וועלט מיט אַ סאָטן, מיט אַ גענעם און אַ קאָכעניש, פייער און שוועבל; אַזעלכס, וואָס האָט זיך איר נאָך פריער גאָרניט געכאָלעמט, דאָס לעבּן איז פאַר איר געוואָרן אַ מילכאָמע. זי, א שלאָפע, אָרעמינקע, נעבּעך, האָט געמוזט שטיין שטענדיק געוואָפנט אַקעגן אַ שטאַרקן סאָטן, אַ געבּאַלעוועטן פּעמפּיק. דער געדאַנק אירער, ווי אַזוי אירע ליבּע קומען עס, נעבּעך, אָפּ, דאָרט אינדערהיים, ווי אַזוי נייטיק ס'איז פאַר זיי כאָטש אַ קליינע הילף, האָט איר אונטערגעגעבּן קויעך צו ליידן אירע גרויסע ווייטיקן. זי האָט זיך געראַנגלט, געראַנגלט ביז איבּער די קויכעס און געמוזט פאַר צאָרעס דערנאָך פאָרט אָפּטרעטן פונם אָרט.

זי האָט זיך געשטעלט נאָך אַף אַן אָרט. דאָרט איז געווען ווייטער דאָס אייגענע: פריער קיין מאַיסע נישט, דערנאָך אַ מאַיסע, שוין נישט איינע, נאָר צוויי. אַ מאַיסע מיט דעם באַלעבּאָס און אַ מאַיסע מיט דעם באַלעבּאָס אַ זון... קריינקונג, האַרצווייטיק און לעסאָף אַוועק פונם אָרט. ווייטער און ווייטער אַלץ אַף דעמדאָזיקן שטייגער: קיין מאַיסע נישט, שפּעטער אַ מאַיסע, די אַלטע מאַיסע, אַ מאַיסע איבּער אַ מאַיסע

און דער פינצטערער סאָף פון דער מאַיסע. אַכוץ מאַיסעס אין שטוב, איז נאָך מאיסעס אין קיך: מיט קעכנס, מיט אַריינגייערס, מיט מעק־לערנס און מיט יענע, וואָס ווערן אַף דער עלטער גאַבעטעס. האַקלאַל, אַ „טויזנט און איין נאַכט" מיט מאַיסעס. ציפּע־סאָסיע איז געוואָרן, נעבעך, אַ קאָרבן פאַר איר שיינקייט... אַף צאָרעס נאָר איז זי געבוירן געוואָרן אַ שיינע. ווי קומט אַזוינס צו אָרעמעלייט, מיט וועלכע מע איז עפּעס נישט אַזוי מעכויעוו צו מאַכן צערעמאָניעס און קוקן דערויף, טאָמער קריינקט מען זיי מיט אַ גראָב וואָרט און מע נעמט באַ זיי צו דאָס גאַנצע כאַיעס מיט אַ מיעסער באַהאַנדלונג?... אויך מיר אַ מענטש, ציפּע־סאָסיע, אַן אָרעמע דינסטמיידל! דיין שיינקייט, אָך, מאַכ־טייסע, און דו אַליין... ווען מענס אייסעק איז עס? מעגסט אַפילע די קאַפּאָרע ווערן. אַי טאָמער האָט ציפּע־סאָסיע פאָטער און מוטער, וועלכע האָבן זי האַרצנדיק ליב, מיט איר אין לעבן פיל מי געהאַט, גענוג קאָפּ־דאַרעניש, נישט דערגעסן, נישט דערשלאָפן, ביז גאָט האָט געהאָלפן, זי איז אויסגעוואַקסן; אַי טאָמער האָט ציפּע־סאָסיע אירע עלטערן אויך שטאַרק ליב, זי ארבעט, זי דינט, ווי ס'איז אונטערצוהאַלטן אירע ליבע, נעבעך, וואָס כוץ זיי קריכט איר גאָרנישט אין קאָפּ קיין אנדערע זאַכן — אַזעלכס גייט קיינעם אַפּן געדאַנק אַפילע נישט ארויף. נאַרישקייטן, פון וועמען מע האָט דאָ צו טראַכטן!... ציפּע־סאָסיע אָבער האָט אויך אַ נעשאָמע, זי טראַכט, זי פילט... באַרירט מען זי גראָב, טוט איר ווײ...

„דעריבער, אַזוי זאָגט דער מעכאַבער פונם „ווינשפינגערל" אין זיינע קסאָווים, דעריבער האָט ציפּע־סאָסיע ניט געקענט מער אויסהאַלטן און איז קראַנק, צעבראָכן, מיט אַ שווער געמיט, נעבעך, געקומען צוריק אַהיים, צוריק צו אירע אָרעמע עלטערן, שוין נישט די ציפּע־סאָסיע, וואָס פריער, די מאַמע האָט געפילט דער טאָכטערס ביטער האַרץ און איז אויסגעגאַנגען פאַר ראַכמאָנעס אַף איר דערשלאָגן קינד.

„אָרעמע, בידנע שוועסטער! דיין אומגליק איז, וואָס גאָט האָט דיר געגעבן כיין; דיין אומגליק איז יענע גליקלעכע מיט דיין שיינקייט צו געפעלן. פאַרשפּילט איז דיין וועלט, פאַרוויסט איז דיין לעבן, — אַז אָך און ווײ דיר, נעבעך, אָרעמע, אומגליקלעכע שוועסטער!....."

# דאָס דריטע קאַפּיטל.

אַצינד, אַז הערשעלע אונזערער זאָל נעמען די בעסטע לאַנדקאַרטע, אף וועלכער עס שטייען געצייכנט די אלע שטעט פון גרויס ביז קליין, און זאָל זוכן אפילע מיט ליכט, איז פון קאַבצאַנסק קיין זייכער נישטאָ דאָרט, און אמאָל, אין דער יוגנט, האָט ער געמיינט, ווי א וואָרעם זי־צנדיק אין כריין, אז קיין בעסערס פון קאַבצאַנסק איז גאָר נישטאָ. קאַבצאַנסק אליין טאַקע—איין שטאָט אף דער גאַנצער וועלט. דער פּופּיק אירער, פונקט אין רעכטן מיטן. ווייטער, אין דער זייט, איז שוין מידבער, פארלעגענע ערטער מיט ווילדע כאַיעס. מענטשן, וואָס מענטשן הייסן, אַטאָ-וועכאַרטאָניקעס, סאמע צימעס, זיינען נאָר דאָ. פאר זיי אַליין שיינט די ליכטיקע זון באַטאָג, די לעוואָנע און שטערן באַנאַכט און גאָט גיט זיך אָפּ, האָט מער נישט צו טון נאָר מיט זיינע קאַב־צאַנסקער אידן... ער גיט רעגן פון זייערע בעהיימעס וועגן — ציגן זאָלן האָבן פּאַשע, אויך קאַליזשעס וואַסער אף צו טרינקען, ביכדיי צו פאר־שפּאָרן אָפּפּרעסן די שטרוי פון אידישע דעכער און לעקן די ווענט פונם בעסמעדרעשע. ער גיט טרוקענע שיינע פּאָגאָדע, די ווייבער זאָל גוט זיין צו גיין פּרייטיק אין יאַטקע, אין מאַרק אַריין, איינצוקויפן אַף שאַבעס; ער מאכט א גרויס געראָטעניש אין קאַרטאָפליעס, ציבעלעס און קנאָבל,— אידעלעך, נעבעך, זאָל האָבן וואָס צו עסן. האַקלאַל, ער דרעמלט נישט און שלאָפט נישט דער היטער פון איסראָעל, ער אַר־בעט מאַיסים, קערט א וועלט נאָר צוליב זיי, צוליב זיי... דערפאר בלאָזן אים אידן שויפער, זינגען אים א „מלך עליון״ [1] און שפּרינגען קאָדעש, דערפאַר מאַכן זיי פון זיין קאָוועד וועגן א לאָקשן-קוגל — שאַ־בעס, קניידלעך און כרעמזלעך — פּייסעך און גייען א טענצל לעבעדיק, פריילעך צו די האַקאָפעס סימכעס-טוירע. כאַנוקע דאַנקען זיי אים אָפּ מיט א דריידל, פּורים—מיט אַ האָמען-קלעפּל, פארשטעלן זיך און מאַכן די פּורים-שפּיל, די גאנצע קאָמעדיע אלץ לעשעם שאָמאַיִם [2], צוליב זיין

---

[1] „מעלעך עליוין״ — אַ טפילע, וואָס מע זאָגט ראָשעשאָנע און יאָמקיפּער. [2] פון גאָטס-וועגן. (רעד.)

הייליקן נאָמענס-וועגן... נאָך איין שטאָט, עמעס, איז אים געווען באַקאנט, וועלכע עס האָט געשוועבט פאַר אים עפּעס ווי אין דער לופטן, געשווייבלט און געגריבלט מיט גאַנצע מאַכנעס מאַלאָכים, פליגל-אַדיוטאַנטן, און קוריערן פון גאָט-באָרוך-הו צו די קינדער איסראָעל — דאָס איז די הייליקע שטאָט יערושאָלאַים, וואו אידן ליגן באַגראָבן אין דער ערד, אין ערעץ-איסראָעל-ערד, טאַקי נאָר לעבעדיקע מייסים, וואָס פוילן נישט און עס האַלט זיך זייער געביין; וואו אידן האָבן אַ פּייג... איילבערטן, טייטלען, מילגרוימען, און ציגן עסן דאָרט באָקסערן. נאָר, אוי-וויי! יערושאָלאַים איז אָבער אַצינד וויסט, כאָרעוו, אויס שטאָט, אויס וועלט און פאַר אונז, אידישע קינדער, איז היינט א לעבן דאָ, אין קאַבצאַנסק — אין קאַבצאַנסק, אין גאָלעס. דער קאַבצאַנסקער גאָלעס איז דענסטמאָל אין הערשעלעס אויגן באַשטאנען פון גאַוורילאָ דעם שאַבעסגוי, וואָס שנייצט אָפּ שאַבעס די ליכט, נעמט אַראָפּ פונם טיש די מעשענע לייכטער, און הייצט בא אידן די רובעס; פון טעקלע, וואָס וואַשט גרעט, שווינקט איבער געל-גרינע ווינדעלעך פון אידישע קינדער און מעלקט די קו; פון קאָנדראַט דעם שיקער, וואָס פאַר א גלעזל בראַנפן פאַהקויפט מען אים — דעם גאַנצן קאַבצאַנסקער כאָמעץ; פונם פּאָרעץ, וואָס אידן האַלטן בא אים אַרענדעס, דערנערן זיך דערפון מיט ווייב און קינדער און מוזן, נעבעך, פון יויצע וועגן, אים צאָלן ראַטע, וואָס מוזן, נעבעך צו אים אָנקומען אונטער אַ יאָנטעוו, ער זאָל זיי שיינקען זעקלעך קאַרטאָפליעס, אינדיקעס און ווייץ אף מאַצע און, ווייי, ווייי-געשריען! ערגער נאָך ווי אַלע — פון מיטקאַ דעם קליין שייגעצל און זשוקל זיין קליין הינטל, פאַר וועלכן ניט נאָר קליינע אינגעלעך האָבן געציטערט, אויך אידן מיט בערד, באווייבטע, גרויסע טאַקיפים פלעגן האָבן דאָס נייניאָריקע און פאַר אים פאַר א מייל אַנטלויפן; גאָט ווייסט צו וואָס דער ביטערער גאָלעס שעל [1]) מיטקאַ וואָלט געפירט, ווען ער זאָל זיך ציען שטענדיק...

אַ נעס נאָר איז געשען, וואָס מיטקאַ האָט ליב געהאַט א אידיש שטיקל כאַלע. פון א שטיקל כאַלע, וואָס מע פלעגט אים אונטערוקן כיירעש [1]), איז ער, געוויינטלעך, אף א געוויסער צייט, געוואָרן גוט, ווייך ווי א טייג, האָט זיך באַלעקט און געקוקט שוין אַנדערש אף אידישע קינדער. וואָס אינגלעך האָבן פריער ניט געטאָרט, האָבן זיי שוין געמעגט. יאַנקעווס טאָפּ לינזן איז געבליבן אף טאָמיד טאַקע זייער א גוט מיטל. ווער שמועסט, א אידיש שטיקל געפילטע פיש—איז גאָר א וואונדער! נאָר כויץ די אַלע זאַכן, איז דאָך מיטקאַ ניט מער געווען ווי א- נאַריש אינגל און טאַקע אליין ליב געהאַט אָפּטון מאַיסים, שטיפן מיט כעוורע

1) פון. 2) אינדערשטיל. (רעד.)

קונדייסים. באַם שפּילן זיך איז ער מיט זיין גראָבן קאָפּ שוין געלעגן באַ אונז אין די הענט. אַ פערדל איז ער געווען זייער א וואוילס, קויעך צו לויפן, צו דריגען מיט די פיס, האָט ער געהאַט, און זיי, מיט זייערע אידישע קעפּלעך, פּלעגן אף אים פּאָרן רייטנדיק, דערלאַנגען אים הינטערווייִלעכס א שמיצל און פירן אים באַ דער נאָז, וואוהין זיי האָבן געוואָלט... האָבן זיי עפּעס געמאַיסטערט, געשטעלט א מילכן ערגעץ אף א רינשטאָקל, האָט ער מער ניט געטויגט ווי נאָר דערצו, צו ברייִנגען זאַמד, טראָגן שטיינער, גראָבן די ערד און קריכן אין בלאָטע. אידישע קינדער פּלעגן זיך נאָר קוועטשן, אונטערהעלפן אים מיט אַ סאָפּען, מאַכנדיק: האַ-האַ, אַרבעט, טו, מיטקאַ, אַזוי, אַזוי!... אַצינד, אז מיטקע איז פון א שייגעצל געוואָרן אַ גרויסער גוי, איז עפּשער מעגלעך, אַז ער איז ערגעץ אין דער וועלט היינט אַ גאַנצער פּאָרעץ און טוט דאָס אייגענע, וואָס אין דער יוגנט: נעמט באַ דעם און באַ יענעם און איז ניט פויל אף דער האַנט.

זשוקל איז אויך נישט געווען קיין שלעכטער הינטל. פאר א שטיקל ברויט פּלעגט ער סלוזשען, שטיין אף די לאַפּקעס און דרייען מיט דעם ווייִדל. און האַגאַם אַ שטיקל ברויט האָט א גרויסן ווערט באַ קאַבצאַנסקער אידן, פונדעסטוועגן האָט זיך קיינער דערויס ניט געמאַכט אונטערוואַרפן עס אַמאָל זשוקלען, טראַכטנדיק באַ זיך: לאָמיך אַ הונט פאַרשטאָפּן דאָס מויל. ניכאַי ני לאַיע, לאָז ער נישט בילן. אידן מיט בערד פּלעגן שמאָכן פאר גרויס האַנאָע, ווען זשוקל האָט זיי אָנגעטון דעם קאָוועד אַ כאַפּ צו טון פון זייערע הענט דאָס ביינדל און געקוקט, און געקוקט אף זיי פּריינטלעך, בעשאַס קנאַקעדיק עס מיט די שאַרפע הינטישע ציין, פלעגן שמאָכן, גלעטן דאָס בערדל, טרייסטנדיק זיך מיט דער האָפענונג: נו, כאַווער... פון היינט אָן זיינען מיר שוין כאַווער. שוין אָן סאַקאָנעס... דערביי טאַקע זיך מאַכן קוראַזש אָנצורירן פונדערווייטנס זשוקלען, מיט א שפּיץ פינגער א גלעט צו טון אים באַם קעפּל, און אַז מע איז שוין יאָ אַ שטיקל כאָשעוו באַם הונט, פּרואוון דערווייל טאַקע אָנצורייצן אים אף אַנדערע: אַטו-נאַ, קוסאַי! ווי דער שטייגער איז פון אַ אידן אַ טאַקעף...

היינט, אין די עלטערע יאָרן, ווייסט אונזער הערשעלע שוין, אַז אידן צווישן אַלע מענטשן אף דער וועלט זיינען די הענער, וואָס ליגן שטענדיק אונטערן פּעקעליק נעבן ווייב און קינדער. דאָס הויזגעזינד איז באַ אים דאָס גאַנצע לעבן, טיף איינגעבאַקן אים אין האַרצן, און דער טאַטע זיינער איז דרינען געווען א איד שעבעאידן, אַ האָן שעבעהענער. ער ווייסט היינט וואויל, אַז דער טאטע האָט אים זייער ליב געהאַט, נאָר דאָס איז געווען אַ פאַרבאָרגענע ליבשאַפט אינווייניק אין

האַרצן, אפֿן אידישן שטייגער, אין פּאָנים אָבּער האָט מען עס אים נישט
אַרויסגעזען. פֿאַרקערט, אפֿן פּאָנים איז אים שטענדיק געלעגן א פּינצ-
טערע כמאַרע. ער האָט געקוקט עפּעס ווי בייז, אָנגעלאָדן, מיט א בּי-
טער-זויערער מינע. ס'איז אים עפּעס ווי נישט אָנגעשטאַנען צו רעדן,
לאַכן, נאַריש צו מאַכן זיך מיט די קינדער, האַלטנדיק אין דער סוואָרע,
אַז פֿאַר אַ טאַטן פּאַסט נישט אַזעלכע זאַכן. קינדער באַדאַרפֿן פֿאַר אַ
טאַטן מוירע האָבּן, וויסן דערעכערעץ, אין זיינע אויגן נישט אונטער-
שטעלן זיך הויך רעדן, אַ לאַך צו טון, כאָלילע, און באַדאַרפֿן גיין אף די
שפּיץ פּינגער. האָט זיך אַמאָל א קינד פֿאַרזינדיקט מיט א הויך קאָל,
מיט אַ געלעכטער און עפּעס א פּרייע באַוועגונג, איז אים עס, ניש-
קאָשע, באָקום אויסגעפֿאַלן פֿון טאַטנס אַ בּליק, וואָס האָט אים דורך-
און-דורך געשטאָכן. מיט דעם ווייבּ האָט ער פֿאַר פֿרעמדע, אויך פֿאַר
אייגענע מענטשן, קאַרג-וואָס גערעדט, זי נישט גערופֿן באַ דעם נאָמען,
נאָר געזאָגט, געוויינטלעך: דו, הערסט דו! און אַמאָל אויך: טיפּשע. אין
האַרצן איז ער געווען צו איר טאַקע זייער גוט, גוט ווי די וועלט, נאָר
אַרויסווייזן עס באַשיינפּערלעך האָט ער עס פֿאַר זיך געהאַלטן פֿאַר
אַן אומקאָוועד, עפּעס פּריקרע, נישט שיין פֿאַר א אידן. ער — איז דאָך
ער, אַ מאַנספּאַרשוין, אַ איד, און זי איז א זי, נאָך אַלע זאַכן פֿאָרט
נישט מער ווי אַ נעקייווע, אַ אידענע... ער איז געווען אין דעם הויז-
געזינד טאַקע אן עמעסער האָן, וואָס פּירט זיך שטענדיק אַרום מיט דער
הוּן און מיט איר פּליד, זוכט, קראַצט פֿאַר זיי אויס ווערימלעך, שפּייז
פֿון אונטער דער ערד. נאָר זאָל פּרוּאוון א הינדל עפּעס טון נישט ווי זיין
ווילן, גיט ער עס אַ פּיק אין קעפּל. ער גייט פֿאַריסן דעם קאָפּ אין דער
הויך, די אייגלעך פּייערן אים, קוקט מיט גאַדלעס און בּיכדיי צו באַ-
ווייזן, וואָס אַזוינס ער איז, טוט ער אַ קלאַפּ מיט די פֿליגל, מאַכט א
„המלך" [1]), אַ ברייטן, גרויסן קוקוריקו! דאָס באַטייט: טאַרבּוס [2]),
הינער, ווייסט, ווער עלטער איז!...

צוגעלאָזט און באַרעדעוודיק איז דער טאַטע געווען אין אַזעלכע
געוויסע פֿעל, ווען א קינד, אַשטייגער, איז קראַנק געווען. דענסטמאָל
איז ער פֿון אים נישט אָפּגעטראָטן אף א טריט, האָט עס געגלעט, גע-
טאַפּט באַם שטערן, איינגענומען מיט גוטע רייד און צוגעזאָגט מאַטאָ-
נעס, שיינע שפּילכלעך, וויפֿל דאָס האַרץ גלוסט: אַ שיין הילצערן שווערדל
אף טישעבּאָוו, אָפּגעפֿאַרבּט מיט שוואַרצע יאַגדעס, א גראַגער, א דריידל,
אַ פּאָן מיט א רויטן עפּל, אַרופֿגעשטעקט אויבן, דערביי טאַקע נאָכגע-

---

[1]) „האַמעלעך" — דאָס ערשטע וואָרט פֿון אַ געוויסער טפֿילע, וואָס דער כאַזן זינגט עס אויס מיט אַ הויכן אויסגעשריי. [2]) לייטיש, דערעכערעץ. (רעד.)

מאַכט ווי א גראַגער גראַגערט, ווי א דריידל דרייט זיך, זומזעט, און ווי אינגלעך מיט פּאָנען גייען צו די האַקאָפעס, קוויטשען: „עוזר דלים הושיעה נאָ!"[1] אָט אזוי, אזוי... ביכדיי אַרויסצובאַקומען דערמיט באַם קראַנקן קינד, נעבעך, כאָטש א קליין שמייכעלע. איז עס אים געראָטן, איז ער געווען איבערגליקלעך. אָדער, אשטייגער, ווען עפּעס א סימכע, א יאָנטעוו און מייסטנס פּייסעך צום סיידער, אז ער איז געזעסן אָנגעלענט, ווי א פּאָרעץ, אף דער עסעבעט אין קיטל, דאָס ווייב קלאָרווייס אָנגעטון נעבן אים, ער האָט זי גערופן מאַלקע, זי אים—מיילעך. ביידע האָבן געלויכטן, געקוקט מיט שיינענדיקע אויגן, דאָס איינער אפן אַנדערן, דאָס אף די אויסגעצוואָגענע קינדערלעך אַרום דעם טיש און דאָס אף די קויסעס, אף דעם טעלער, אין וועלכן עס ליגן שיין, פיין אויסגעלייגט ווי געהעריק: די זרויע[2] אין דער רעכטער האַנט, אונטן כאַרויסעס[3], דאָס איי אין דער לינקער האַנט, אונטן — קארפּעס, גרינס פון פּעטרישקע, און צווישן זיי מאָרער, געריבענער כריין, גאָר מעכאַיע. אַ-נו, הערשעלע, פלעגט מאַכן דער טאַטע, אָנעמענדיק דאָס קינד פארן בעקעלע, פרעג מיך, הערשעלע, די פיר קאַשעס. הערשעלע האָט זיך צעשאָקלט, אָנגעהויבן הויך אפן בייקעלכן, מאַכנדיק דערביי מיטן גראָבן פינגער: טאַטע! איך וועל דיך פרעגן, טאַטע! פיר קאַשעס! און אָפּגעקנאַקט לעבעדיק איין קאַשע נאָך דער אַנדערער. דענסטמאָל איז מען פריי געווען צו רעדן, צו לאַכן, וויפל מע וויל. העפקער א וועלט. די קינדער פלעגן זיך אָנשיקערן מיט גאַנצע קויסעס לאַקעריצע, וואס די מאַמע האָט אָנגעקאָכט אין יענעם גרויסן פּייסעכיקן טאָפּ, און פלוידערן אף וואָס די וועלט שטייט.

אַכוץ דידאָזיקע פעל, איז די מוירע פאַרן טאַטן געווען גרויס. אין שטוב איז אונזער הערשעלע, ווי די אלע איבעריקע קינדער, געווען שטיל, נאָר אָבער ווי אַ שטיל וואַסערל, וואָס גראָבט טיף. צווישן זיך פלעגן די קינדער שטילערהייט אָפּטון מאַיסים, קריגן זיך, נאָכקרימען זיך אפן וואונק, איינער דעם אנדערן ארויסשטעלן פייגן, דערלאַנגען אַ זעץ, אַ קניפּ און שא. איטלעכער האָט געוויינטלעך געהאַט זיינעם אף צו קריגן זיך. הערשעלס צעלאכעסניק איז געווען כאָנע-לעמל. זיי זיינען געווען פייער און וואסער, צוויי נישט קיין גלייכע מענטשן. כאָנע-לעמל האָט געוואָלט, ווי אַן עלטערער ברודער, וואָס אָט באַלד אַ כאָסן-באָכערל, לערנען דעם אינגערן דערעכערעך. עס האָט אים געברענט, פאַרוואָס דער טאַטע זעצט שאַבעס באַם טיש הערשעלען נאָענט נעבן

1) „אויזער דאַלים הוישיאָ נאָ" — א טפילע, וואָס מע זאָגט סימכעס-טוירע באַ די האקאָפּעס. 2) אן אָפּגעקאָכט ביינדל, וואָס מע לייגט צום סיידער. 3) אַ מין געמיש פון צעשטויסענע ניס-יאָדערן, פרוכטן און נאַך. (רעד.)

זיך און שמעלצט זיך גאָר הערענדיק, ווי ער טערעלייקעט „כּל
מקדש״ [1] און האַלט אים אונטער אין די זמירעס אף א דין-קוויטשיק
קעלכן. ער פּלעגט דעריבּער אלץ קריכן צום טאַטן אף הערשעלען מיט
מעסירעס, בּיכדיי צו פאַרמיעסן אים אין זיינע אויגן, און שטילערהייט
צווישן זיך פּלעגט ער נאָכקרימען הערשעלען ווי ער טערעלייקעט, אריינ-
שטעקן דערבּיי אַ פינגער אין גאָרגעלע, שאָקלען דאָס קעפּל און אָנ-
געבּלאָזן זיך ווי אַ אינדיק. הערשעלע פלעגט זידן ווי אַ קעסל, אַרויס-
שטעקן דאָס צינגל און מיט אופגעשטעלטע קולעקלעך מאַכן אין איין
קאַעס: פּיקע זיך, כאָנקע-לעמלדריג! אָבער אלץ שטיל, מע זאָל נישט הערן.
אין שטוב איז הערשעלע געווען ווי אַ שטאַרק אָנגעבּלאָזן פּאַכירל,
זיך איינגעהאַלטן, קיין פאַרע זאָל מען פון אים נישט הערן; אַקעגן-
זשע אָבער אין דרויסן האָט דאָס פּאַכירל געלאָפּנעט און ס'איז ארויס
פריי אלצדינג, וואָס אינעווייניק אין אים האָט זיך געשטיקט. דאָרט איז
ער געווען אַ פייער, אַ שפּירט, איין קונדעס אין דער וועלט. ער האָט
זיך איבּערגעשלאָגן מיט אַלע אינגלעך און אַרויסגעוויזן זיין גרויס בּע-
ריעשאַפט. אין שטיינער וואַרפן, כאַפּן אַ ציג פאַר די הערנער און
זעצן זיך אַף איר רייטנדיק, אָנעמען פלוצלים דעם קאַבּצאַנסקער קאָ-
האָלשן צאַפּ פאַר דער בּאָרד און אויסרייסן אים א פולן הויפן האָר,
שטעכן כאָסן-קאַלע אונטער דער כופּע מיט שפּילקעס, נאָכלויפן אַ מע-
שוגענעם אַף דער גאַס, אונטערכאַפּן זיך הינטער אַ וואָגן, בּעשאַס פאָרנ-
דיק געשווינד, — דערצו איז ער געווען איין בּעריע טאַקע. ווייסע כעוורע
האָט דעריבּער פון אים שטאַרק געהאַלטן און אים מעכאַבּעד געווען מיט
קויהען [2] אין אלע קונדייסקע זאַכן. אין די מילכאָמעס צווישן די קונדיי-
סים איז ער געווען דער גענעראַל, מיט עפּעס אַ פאַפּירן שקאַרמיצל פון
אַ בּסאָמים-קרעמל אפן קאָפּ, ארומגעשטעקט מיט פעדערן. די גוואורע
און דאָס גאַנצע גרויסקייט זיינס איז בּאַשטאַנען אין פיטשקען, וואָס
ער האָט געהייסן איטלעכן מעקאַיעם פּסאַק זיין [3], גלאַט אַזוי-זיך, פון זיין
קאָוועד וועגן, און אַז דער גענעראַל, הערשעלע לייזער-יאנקלס, האָט
באפוילן — איז מעכויעוו געווען איטלעכער, פון דעם קלענסטן בּיז דעם
עלטסטן, בּאַלד צו פאָלגן. בּעשאַס פרידן, נישט קיין מילכאָמע-צייט,
פלעגט אונזער הערשעלע מיט דעם גאַנצן פּעקל אינגלעך זיך אָפּגעבּן
מיט אַנדערע געשעפטן, און געשעפטן זיינען געווען זייער פיל, בּאָרכע-
שעם, אין איטלעכער צייט.
זומער בּאַטאָג פלעגט ער פירן ווייסע כעוורע בּאָדן זיך אין קאַבּ-
צאַנסקער טייך — אַ גרויסער רינשטאָק מיט אַ פאַרשימלטער בּלאָטע

[1] „קאָל מעקאַדעש״ — אַ טפילע-געזאַנג (אַ זעמער, זמירעס) שאַבּעס בּאַם טיש. [2] מיטן ערשטן גאַנג (ער זאָל זיין דער ערשטער). [3] אויספירן דעם מישפּעט, אָפּשמייסן. (רעד.)

באַם ברעג, וואו שטאָט־כאַזיירים זיינען געלעגן איינגעזונקען טיף ביז איבער די אויערן, ארויסשטעקנדיק נאָר דאָס פּיסקל. דער גאַנג אהין איז געווען לעבעדיק־ראַשיק, טאַקע ווי מע זאָגט, בעגראַנדע, נישט אויסגע־לאָזן איין זאַך אפן וועג, מע זאָל עס נישט באַרירן. יונגע גענזלעך צעלויפן זיך, אונטערפליענדיק אַביסל מיט די קליינע, נאָך נישט גוט באַ־פעדערטע פליגעלעך; דער גאַנער סאַפּעט, סמאָרעט מיט די נעזלעכער, אויסקרימענדיק דעם האַלז ווי א שאַלשעלעס [1], דאָס קעלבל דאָרט איז זיך מאטריעך אופצושטיין פונם גראָז, שטעלט אויס אַ פּאָר אויגן, רוקט זיך אַף עטלעכע טריט אָפּ, וואַרפנדיק מיטן קאָפּ און אָנבייגנדיק דעם שטערן צו דער ערד, פאַרייסט דערנאָך דעם וויידל און אוועק, אוועק... כעוורע שפּילעט זיך אָפּ, קנעפּלט זיך אָפּ, נאָך גייענדיק, אין איילעניש, אזוי אז צוקומענדיק צום ברעג טייך, פאַלט פון איטלעכן דאָס אָנטון פּלוצלים אַראָפּ — און פּוץ אין וואַסער אריין, בול־בול־בול! —

צווישן מינכע און מאירעוו איז ווייסע כעוורע זיך צונויפגעקומען אפן יאַריד אין בעסמעדרעש, אין פּאָלעש דאָרט, איטלעכער מיט זיין מין סכוירע און מע האָט געהאַנדלט געשמאַק. איינער בייט אַ קרומען, אלטן טשוואָק אף אַ מעשענעם קנאָפּ אָן אַן אויערל. דער אַנדערער טוט א ווייז א ניסל, א סווישטש און עס געפינען זיך דערוף צווי שטאַרקע קוינים, מיט שטיקלעך שפּיגל־גלאָז, פאָרצעלייענע שערבלעך פּולע קע־שענעס. יענער מיט אַ גרינער פאַטשערקע איז פארטיפּט אין אייסעק מיט דעם כאַוועד, וואָס באַרימט זיך מיט זיין נאָדל־טעשל און אַ צינערן אויער־לעפעלע. הערשעלע אונזערער איז דאָס געווען דער שאַצער און גע־כאַפּט פון אויבן פאַר זיין מי. געוויינטלעך לאָזט זיך דער יאַריד אויס מיט אַ קריג: קיינער איז נישט צופרידן, איטלעכער טאַינעט, ער האָט זיך מיעס אָפּגענאַרט. עס האלט שוין באם פּאַטשן זיך; עפּעס א קונ־דעס מיט אַ פריש גענזן גערגעלע טרומייטערט צו, אַ טאַראַראַם, אַ גע־פּילדער, ביז דער שאַמעש לויפט אין אין קאַס אַרויס מיט אַ היק: שקאָ־צים! און כעוורע צעלויפט זיך, ווי די מייז, איטלעכער אין זיין ווינקעלע.

כאַנוקע־צייט האָט געפלאַקערט דאָס געשעפט מיט דריידלעך, פּורים־צייט — מיט מאַטעריאַל אויף האָמען־קלעפּלעך, שוואועס־צייט — מיט אויסגעבלאָזענע אייער, צו מאַכן פייגעלעך, האַקלאַל, איטלעכער יאָנטעוו מיט זיין מין סכוירע... צייט אף צו האנדלען איז, באָרכעשעם, גע־ווען גענוג, ווייל דער מעלאמעד פון דער טאַלמוד־טוירע, וואו אונזער הערשעלע האָט געלערנט, איז אליין געווען שטענדיק פאַרנומען מיט זייער פיל געשעפטן, אָן איינאָרע: ער איז געווען אַ שטיקל שאַדכן, פול

[1] אַ זיגזאַגיש געדרייטע ליניע, וואָס באַצייכנט אין העברעאישן טראָפּ אַ גע־דריידלטן טאָן. (רעד.)

געווען אף אַלע כאַסענעס, בריסן און לעוואַיעס, געווען א באַשטענדי-
קער איידעס אף געטן. כוצדעס, האָט ער באַדארפט אָפּשפּרעכן אייג-
אָרעס, איבערקוקן מעזוזעס און פון אלע מעלאָכעס זיך אָפּרייסן צייט
דאַנערשטיק און פרייטיק מיט אַ פּושקעלע אין די הייזער ארומצוגיין. נאָך
דעם שוואך מעג מען אים נאָכזאָגן, אַז די שאַ צייט, וועלכע ער האָט
זיך גענומען צום קנעלן, האָט ער געאַרבעט געשמאק מיט אלע קיילים.
דידאַזיקע קורצע צייט איז אים גאַנץ גענוג געווען אף איבערצושמייסן
אלע קינדער און ס'איז אים נאָך איבערגעבליבן עטלעכע ליידיקע מי-
נוט צייט אויך אף צושפּאַרן זיך מיטן קאָפּ צום טיש, אביסל זיך אויס-
צורוען, אָדער קראַצן די באָרד, קרעכצן, גענעצן אוכעדוימע אזעלכע מעלאַ-
כעס. אף הערשעלען פלעגט ער זאָגן: הערשעלע איז אַ גרויסער
קונדעס, אָבער אַ וואויל אינגל מיט אַ גוט קעפּל. די מאמע פלעגט,
הערנדיק אזוינס, זיך דערמאנען אין איר כאַלעם, ווי גדאליע-הערש,
אָלאָוו-האשאָלעם, האָט, וויזנדיק אפן קינד, געזאָגט: „ער וועט זיין א גוט
שטיקל ארבעט, אַ שאַרפע נאָדל מיט א שפּיצעכיק קעפּל”, און פאַר
נאַכעס זיך געשמאָלצן, דער טאַטע-זשע אַקעגן, אויסהערנדיק אף אים
מעסירעס, ווי ער איז פארשייט, פלעגט מאַכן געוויינטלעך מיט
אַ שטעכווערטל: יענעמס נאָמען מיט יענעמס נאַטור, עס זאָל פעלן
א האָר! יענער, אָלאָוו-האַשאָלעם, האָט זיין גאַנץ לעבן זיך געפּאָרעט
מיט לעכער, און דער היינט איז אויך פול אין אלע לעכער. ער פּאָ-
רעט זיך אויך און מאכט נאָך לעכער... דאָס איז געווען אָנצוהערעניש
אקעגן יענער מאיסע, וואָס מיט הערשעלען איז זיך פאַרלאָפן, אַזוי ווי
וויטער וועט שטיין.

---

# דאָס פערטע קאַפּיטל.

וואַיהי האַיום, און ס'איז געווען אמאָל, איז אין קאַבּצאַנסק אַ גרויס וואונדער געשען. פּלוצלים, מען ווייסט נישט ווי און ווי ארום, איז פון ערגעץ א דאָקטער מיטאמאָל אָנגעקומען, עפּעס אזוי ווי פונם הימל אראָפּגעפאַלן. אידן ביכלאל, אז דערהערן נאָר א דאָקטער, רופט זיך זיי אלע קראנקייטן אָפּ און דערפילן איטלעכער זיינע ווייטיקן. בימיי ראכמיעל האָרויפע, פאר אונזער ראכמיעל דעם רויפע, ווערזוגאָסוי יאכנע האָרויפעס, און זיין ווייב יאכנע די רויפעטע, איז אין קאַבּצאַנסק שטענדיק געווען מיט כעסעד. בא אידן האָבן די קראנקייטן געבּורטשעט אינעווייניק און מע האָט זיך געמאכט נישט וויסנדיק. דער רויפע האָט געטון זיינס — געגעבן ראטונקעס: געגאָלט, געשוירן, געשטעלט באַנקעס, פּיאַווקעס, געלאָזט צו דער אָדער, געצאַפּט בלוט פון די מאנסבילן, און די רויפעטע פון איר זייט האָט געטון אירס: געצאַפּט בלוט בא די ווייבער. מע איז פארשלאפט געוואָרן און געשטאָרבן אָן כאָכמעס, אָן גרויסע דולעניש. גאָרנישט, מע האָט זיך פּלוצלים געלייגט און פּלוצלים צוגעמאכט אן אויג, נישט באדארפן דאפקע האָבּן דערצו פריער רעצעפּטן און אפּטייקן... זיבּעציק יאָר — אַזוי איז שוין אין דער וועלט געשטעלט — קומט דאָך א מענטשן צו לעבּן. דערוף איז דאָך דאָ בעפּיירעש א פּאָסעק אין טילים, וואָס אפּיקאָרסים אפילע קענען עס אויך נישט אָפּלייקענען. אַי וואָס, מע שטאַרבּט פריער פאַר דער צייט, דרינען איז נישט שולדיק קיינער, נישט ראכמיעל דער רויפע מיט זיין קלאָפּערגעצייג, נישט יאכנע די רויפעטע מיט איר קלאָפּערגעצייג און אויך נישט דער פּאָסעק, לעהאוודל. שולדיק אינגאנצן זיינען די כאטאָים... די כאטאָים אין שטעטל. דעם, יענעם האָט זיך פארגלוסט, וואָס מע טאָר נישט... און דערוף איז דאָך דאָ אַ ראָוו, זאָל געזונט זיין, מיט א קאָמיסיע שיינע אידן, די זאָך אָנצושמעקן און ארויסצופירן עס ווי בוימל אפן וואסער. אזוי האָט זיך עס געפירט און פירט זיך אף אזא שטייגער שטענדיק, נאָר מיט דעם דאָקטערס ווייז-געבּן זיך אין קאַפּצאַנסק האָט ווי קראָפּע-

ווע נאָך דעם ערשטן זומער-רעגן, ארויסגעשפּראָצט מיטאמאָל שלאַפּ-קייטן אלערליי, אָן א צאָל: ספּאַזמעס, בויכווייטיק, שטעכעניש אין די קריזשעס, שפּאַרעניש אונטערן לעפּעלע, קוועטשעניש, בייסעניש, מאקעס, געשווירן, און אונזער אידישע קראנקייט — מערידן, איז פון דער פאר-באָרגעניש ארויס גאַנץ אָפן, זיך אנטפּלעקט, ווי עס געהער צו זיין, מיט אלע פּישטשעווקעס... נישט געווען איין איד א גאנצער, אָן א כי-סאָרן. יונג און אלט זיינען צום דאָקטער געלאָפן אויסלאָטן און פּא-ריכטן אַביסל דאָס געזונט. קליינע קינדער מיט גרויסע בייכלעך און דינע פּיסלעך האָבן מאַמעס אף די הענט געטראָגן און צו אים געלאָפן. גאַנץ קאַבצאַנסק, ווי עס ווייזט זיך ארויס, איז איין ביקער כוילים, אלע זיינען צעבראָכן. גאָט דער לעבעדיקער ווייסט, מיט וואָס עס וואָלט זיך אויסגעלאָזט, ווען דער דאָקטער זאָל נישט געווען אַזוי פּלוצלים, ווי ער האָט זיך באוויזן, אַזוי פּלוצלים אויך פאַרשווינדן. אידן פאַרגעסן זיך ווידער די ווייטיקן, הערן זיך נישט צו, שלעפּן זיך ארום, קאָלזמאַן עס דינען זיי די פּיס, און לעבן, ווי דער שטייגער איז, מיט דעם אימ-פּעט... ראכמיעל דער רויפע קריכט ווידער ארויס, ווי די לעוואָנע נאָך דעם, אַז די זון פארגייט, אַרבעט אף אלע קיילים און אידן — שטאַרבן מיט כעסעד...

הערשעלען אָבער איז דער דאָקטער פונם זינען נישט ארויסגעגאַנ-גען. די גאַנצע מאַיסע איז אים זייער געפעלן. עס גלוסט זיך אים ווערן א דאָקטער, אים נאָכצוטון און צו מאכן, ווי ער, די גאַנצע שפּיל מיט דער ווייסער כעוורע. קינדער האָבן, ווי די מאַלפּעס, ליב נאָכצוטון די גרויסע אין אלע זאכן. ווי זאָגט מען עפּעס: קינדער קייען, וואָס אלטע שפּייען. ווייסע כעווּרע קרוינען לעמאזל אונזער הערשעלען פאַר אַ דאָק-טער און די שפּיל הייבט זיך אין א גוטער שאָ אָן. הערשעלע ווערט צוליב זיך, צוליב זיין קאָוועד, א גוטער און זאָרגט זיך קלאָמפּערשט פאַר זיינע כאווירימס געזונט, ווינשנדיק דערביי טאַקע פונם גאַנצן האַרצן: אַ, קריינקן זאָלן זיי, ריבוינע שעל אוילאָם! און באדאַרפן צו זיין הילף אָנקומען...

פרייטיק אײנמאָל אינדערפרי, אַז דער מאַמען איז מיט בויכווייטיק אָנגעקומען צו נעמען אין קלייטל אף באָרג פּעפּער, צימערינג און מעל אף שאבעס, לאקכנט אונזער הערשעלע שטילערהייט אַראָפּ צו ביסלעך פון דידאָזיקע זאכן און אַוועק, שאַ, קיטש אַהין, אַפּן פרייען גראָז, אַפּן ליידיקן פּלאַץ הינטער דער שטוב. ער זיצט זיך דאָרט נעבן פּליט, פאר אים שטייט אַ קליין פּאַפּירן קעסטעלע, וואָס קאָסט אים דריי קנעפּלעך מיט אַ יערכן בייטעלע אַ צוגאָב דערצו. אין קעסטעלע געפינען זיך עטלעכע קליינע פלעשעלעך, פּאַר וועלכע א

כאווער זיינער האָט באַ אים גענומען א נוס, א צווילינג, וואָס, האַלטנדיק אים אין מויל באַ דעם ניס-שפּילן, איז ער אים שטאַרק מאַזלדיק געווען אַף אָפּצודאַצן די קינדער; אויך א גרויסן זשוק מיט לאַנגע הערנער, געהאנגען צוגעבונדן אַף א לאַנגער פּערדישער סטרו-נע. און בעשאס די מאַמע פּאָרעט זיך אין שטוב דאָרט, ברעכט, נע-בעך, זיך דעם קאָפּ, ווי ס׳איז פונם ביסל מאַטעריאַלן עפּעס צו מאַכן, פּאָרעט זיך אויך איר זונדל דאָ מיט דעם אַראָפּגעלאַקכנטן פּעפּער, צימערינג, מעל און שאַר יעראָקעס 1) צו מאַכן דערפון רעפועס, ווע-סערלעך, טראָפּנס אין די פלעשעלעך. פּאַרטיק מיט די רעפועס, טראַכט ער באַ זיך: אַצינד וואו נעמט מען עפּעס אַ קראַנקן, טאַקע מיט א גוטער עמעסער מאַקע, צו באַווייזן די גרויסע קונץ אין דאָקטאָריע? און ווי ער זיצט זיך אַזוי און טראַכט, דערזעט ער פונדערווייטנס, ווי מוישע-יאָסי, אַ פאַרוואָרלאָזטער יאָסעם, אַ נאַקעטער, א באָר-וועסער, פּאָרט אַף א שטעקן רייטנדיק און אַרבעט, נעבעך, פאַר אלע, גאָר אַ שרעק: פאַר דעם פורמאַן, אויך פאַר דעם פערדל און פאַר דעם וואָגן. ער שמייסט דעם שטעקן, אָנטרייבנדיק אים מיט א געשריי: וויאָ. וויאָ! ער הייבט פיסלעך, פוצט אויס דאָס בייכל, פאַרוואַרפנדיק אַהינטער דאָס קעפּל, הירזשעט ווי א פערד, שפּרינגט האָץ-האָץ און לויפט גאַלאָפּ; ער פויקט מיט דער האַנט אף די אָנגעפּוישטע באַקן, פון דער זייט א קלאַפּ, פון יענער זייט א קלאַפּ, כריפּעט, סקריפּעט און מאַכט אַף אַלערליי קוילעס: טראַ-טראַם-טראַראַראַם! כואי-כיפּ-סיפּ! ווי א קלאַפּערריי און א סקריפּ פון רעדער. ער יאָגט לעבעדיק, קנאַקנדיק-טשאַקנדיק, פייפנדיק גלייך צו הערשעלען און, צוקומענדיק נאָענט, טוט ער א הירזשע, דערנאָך א געשריי: טפּררו! אויסלאָזנדיק מיט אַ צענגאָרנדיק כ כ כ איפּ-סיפּ, און שפּרינגט אַראָפּ פונם שטעקן.

אונזער הערשעלע פאַלט אף אַ האַמצאָע באַ מוישע-יאָסיס אָנ-קומען, און נישט לאַנג געטראַכט, מאַכט ער צו אים אף קונדעס-לאָשן אַזוי:

— סויסע-סאָסי, מוישע-יאָסי, סו-סילסט, דו ווילסט, סאַן-סראַנק, זיין-קראַנק?

— סיין, ניין! — ענטפערט מוישע-יאָסי אָפּ אויך אף דעם אייגענעם לאָשן טאַקע, סאָל-סאָט, זאָל גאָט, סיטן-היטן.

— זאָג יאָ, נאַרעלע. טאַקע גאָר אָן קאַטאָוועס. געווג דייטש! — מאַכט הערשעלע, — לאָמיר רעדן פּראָסט אידיש, זאָג-זשע יאָ, נאַרעלע. וואָס קען דיך עס אַרן? דו זיי קראַנק, און איך וועל דיר געבן רעפועס... נו, דו ווילסט?

1) אַלע איבעריקע קלייניקייטן. (רעד.)

— איך וויל, הערשעלע, איך וויל בעסער עסן.

— עסן ?... עסן, מוישע-יאָסעלע, האָב איך נישט, נאָר צוזאָגן אַף שפּעטער אמאָל, יאָ, זאָג איך צו. נאַ דיר מיין האַנט טקיעס-קאַף [1]. נו, ווּעסטו שוין זיין קראַנק, נאַרעלע ?

— איך בין דאָך אָבער געזונט, הערשעלע.

— נישקאָשע, נאַרעלע, איך וועל דיך מאַכן קראַנק. איך וועל דיר טון א דראַפּעלע, אַ קליין דראַפּעלע אונטן אפן פּוס. זעסטו, אָט מיט דעם טשוואָק.

אַזוי רעדט הערשעלע איין דעם כאַוועד און נעמט פון דעם פּלו-דערן-קעשענע אַרויס א פאַרזשאַווערטן טשוואָק.

— עס וועט דאָך אָבער וויי טון, הערשעלע !

— גאָר א קליין דראַפּעלע, מוישע-יאָסינו, ווי איך בין אַ איד ! עס וועט וויי טון אַ ווײַלע און באַלד טאַקע אופהערן. איך וועל דאָך דיך היילן, איך מיין דאָך דיין טויווע. וואָס דען ? דיין טויווע, נאַרעלע, מיין איך דאָך... און דו ווילסט עס נישט פאַרשטיין.

— גיב-זשע מיר, אויב יאָ אַזוי, באלד טאַקע עסן. אַי, בין איך הונגעריק, הערשעלע.

— אַ גראַם אביסל !—מאכט הערשעלע, אָנבאַרויגעזנדיק זיך קלאָמ-פּערשט,— גיי דיר, גיי ! איך וויל אים היילן, טון אַ טויווע, און ער עסן ! פרעסן !...

אַף דעמדאָזיקן שמועס קומען אָן עטלעכע ווייסע כעווריניקעס, זיי קוועלן גאָר אָן פון הערשעלעס אַפּטייקל און פון דעם איינפאַל זיינעם. נעמען זיך שטאַרק צו מוישע-יאָסין, איינצושמועסן אים מיט גוטע רייד:

— מוישע-יאָסינו, נאַרעלע איינער ! אַבי מע מאַכט דיך נאָר קראַנק, וועט מען דיר דערנאָך, נישקאָשע, שוין אונטערוקן עפּעס קייען. דו פאַרשטייסט ?...

איטלעכער גיט אים די האַנט טקיעס-קאַף, איבערשלאָגנדיק מיט א ציצע. מוישע-יאָסי קוקט איבער די ציצע, אויב זי איז נישט, כאָלילע, קיין פּאָסלדיקע און אז ער זעט, זי איז קאָשער, די אַלע אַכט פּע-דים מיט די פינף קניפּלעך זיינען ווי געהעריק איז, רופט ער זיך אָן, אופשטעלנדיק אַ פינגער נעבן דער נאָז, מיט אַ האַסראָע [2]:

— געדיינקט-זשע, קינדער ! אויב נישט, וועט אייך גאָט שטראָפן. זאָגט אָמיין !

מוישע-יאָסי שטרעקט אויס, אין אַ גוטער שאָ, דעם פוס, די אינג-לעך האַלטן אים גוט פון ביידע זייטן און הערשעלע נעמט זיך צו

---

1) דאָס געבן די האַנט אַף צו באַשטעטיקן דעם צוזאָג, דעם אָפּמאַך. 2) וואָרנונג. (רעד.)

דער פּיאַטע זיינער מיט דעם טשוואָק. פריער מאַכט ער אים פּאַמעלעך אַ קליין דראַפּעלע, מוישע-יאָסי פאַרבייסט די ליפּן און שווייגט; דערנאָך גייט ער אים אַריין אַביסל טיפער מיטן טשוואָק, מוישע-יאָסי מאַכט: אַי-אַי-אַי! — כעוורע טרייסט אים: נישקאָשע, לאָז זיך, נאַרעלע, לאָז! מע וויל דאָך דיר געבן אַ רעפוּע... הערשעלע איז נישט פויל און שטופּט דעם טשוואָק אַריין נאָך ווייטער, עס רינט בלוט, מוישע-יאָסי רייסט זיך, נעבעך, און שרייט: געוואַלד!

— שאַ, שאַ, סויסע־סאָסי, מוישע-יאָסי! — נעמט אים אונזער הער-שעלע איין אַף קונדעס-דייטש מיט א פריילעך האַרץ. סי סאַקע, די מאַקע דיר, האָב איך שוין געמאַכט. אַצינד באַקומסטו פון מיר סרוע, אַ רעפוּע.

הערשעלע נעמט אַ פלעשעלע און גיסט זיינע טראָפּנס אַף מוישע-יאָסיס פרישער וואונד. ער פאַרקרימט זיך, נעבעך, אַ שרעק, שרייט: עס ברענט, געוואַלד, עס ברענט! נישט מיט זיין קאָל.

מוישע-יאָסי האָט טאַקי געהאַט רעכט, געוואוסט, נעבעך, וואָס ער שרייט. די טראָפּנס זיינען געווען צו שטאַרק פעפערדיק און געברענט ווי פייער דאָס רויע פלייש אים אין דער בלוטיקער מאַקע, ער האָט געצאַפּלט, געקרעכצט און זיך פאַרגאַנגען וויינענדיק פאַר גרויס ווייטיק.

די קונדייסים האָבן געכאַפּט אַ ציטער און זיך צעלאָפן. הערשעלע איז אויך אַנטלאָפן אַביסל אין דער זייט און זיך געשטעלט קוקן פון דאָרט אַף זיין כוילע. אַ היפּשע צייט האָט ער, נעבעך, זיך געוואַלגערט אַף דער ערד, שרייענדיק אַלץ אין איין קאָל: עס ברענט, ברענט! דערנאָך איז ער ווי ס'איז אופגעשטאַנען און האָט מיט אַ יאָמער, אַ קלאָג זיך געלאָזט גיין זיין וועג, הינקענדיק שטאַרק אַף דעם רעכטן פוס. געקומען איז ער געזונט און אַוועקגעגאַנגען קראַנק. ער איז געקומען הונגעריק, נאָר לעבעדיק, פריילעך, האַנאָע האָבנדיק פון דער ליכטיקער וועלט, פונם שיינעם פרימאָרגן — און האָט, פאַר גרויס גוטס-קייט צו אים, באַקומען אַ מאַקע!...

מוישע-יאָסי איז אַוועקגעלעגן אַ היפּשע צייט מיט אַ פוס גע-שוואָלן, ווי אַ באַרג, און אויסגעקריינקט די טויווע הערשעלעס. אַז די-דאָזיקע מאַיסע איז אָנגעקומען צום טאַטן דורך כאָנע-לעמל, אַלצדינג, מיט איטלעכס פּיצעלע, האָט ער אים גוט מעכאַבעד געווען, אַז ער זאָל געדיינקען, און ווי אַ טאַטע דעם זון געזאָגט מוסער אַזוי:

— שקאָץ איינער! טויוועס ווילסטו טון? מאַך בעסער יענעם נישט קראַנק און פאַרשפּאַר, שקאָץ איינער, דערנאָך אים צו היילן, צו טון אים טויוועס. וואַרט נאָר, וואַרט, דו וועסט באַ מיר האָבן ט ו י ו ו ע ס! אַ צענטן וועסטו פאַרזאָגן...

— בין איך דען איינער? — טאַינעט דער זון ווײנענדיק און וויל די שולד אַרופלייגן אויך אַף אַנדערע. — פאַרוואָס מעגן יענע... יענע?

— שאַ, שקאָץ! — טוט דער טאַטע ביין אַ כיק. — יענע זיינען אויך אַזוינע שקאָצים ווי דו. דו הערסט, הערשל! מע איז מויכל דיר און דיין גלייכן אייערע שיינע טויוועס!...

---

# דאָס פינפטע קאַפּיטל.

אַך, ווען נישט דאָס עסן, ווען נישט דאָס עסן, וואָלט דאָס לעבן אין קאַבּצאַנסק פאַר הערשעלען קינדוויס געווען זייער אַ גליקלעכס, ווי אין גאַניידן! צייט אַף צו שטיפן, אַרומצולויפן פריי, האָט ער געהאַט, אַ שיינעם נאָמען באַ ווייסע כעוורע האָט ער, באָרכעשעם, געהאַט, אייסאָקים אַלערליי האָט ער, נישט צו פאַרזינדיקן. אויך געהאַט, ער איז געווען אַ גענעראַל, אַ סויכער, אַלצדינג, וואָס איר ווילט און וואָס מאַכט אינגלעך איבערגליקלעך. נאָר איין קלייניקייט — אָט דאָס עסן, וואָס דאָס מעגנדל זיינס פלעגט מאָגנען עסן, דאָס האָט אים נאָר צעדרייט, פאַרשטערט די סימכע. ס'זיינען געווען צייטן, ווען ער איז געקומען אַהיים הונגעריק נאָך אַזויפיל מי און אָנטופּען זיך, נעבעך, געכאַלעשט עסן, כאָטש וואָס ס'איז, פון יויצע ווענן — און גאָרנישט, נישטאָ קיין לעק! ער פלעגט וויינען, זיך קראַצן, האַלטנדיקביידע הענטלעך אין די האָר פונם קאָפּ און שרייען, שרייען. ביז ער איז געבליבן ליגן אָן קויכעס און אַנשלאָפן געוואָרן. שפּעטער איז ער שוין מיט אַזעלכע זאַכן געוויינט געוואָרן און, אַז ער איז הונגעריק געווען, פלעגט ער מאַכן מיט די ליפּן און שווייגן. אַ רעבן אַף שווייגן, אַף שטילערהייט ליידן, האָט ער געהאַט קיילע־ריקלען.

זי איז געווען אַ שלאַפע, בלייך ווי די וואַנט, דער האַלז געשוואָלן, איין אויער פאַרלייגט, פאַרשטעקט מיט וואַטע. זי פלעגט, נעבעך, איבערטראָגן איר שמערץ, אויך קעלט, הונגער, זיצנדיק איינגענורעט אין אַ ווינקל, ווי אַ שטילע טויבּ, און קוקן מיט אַ פּאָר פאַרטראַכטע, פייכטע אויגן. שאַ, שטיל, נאָר וואָס זי פלעגט מיט אַ כאָרכלען שלינגען די סליונקע און דערביי עפּיס מעשונע זיך קרימען. דאָס איז געווען אַ קרימען־זיך נישט מיט גאַל, מיט בייזקייט אַף די גרויסע יעסורים. ניין, דאָס גוטסקייט איז איר געלעגן אַפן פּאָנים. דאָס קרימען־זיך האָט באַטייט גאָר פאַרקערט, זי טוט זיך, נעבעך, אָן אַ קויעך, נישט אַרויסצוווייזן די ווייטיקן מיט אַ הויכן זיפץ, ווען עס גיט איר אינעווייניק אַ צופּ, אַ קלעם. און איטלעכער קרים אירער האָט אויסגעריסן באַ

יענעם אַ שטיק האַרץ... אַזאַ רעבע קען לערנען סייכל, מאַכן ווייך, גוט און פרום אַסאַך בעסער ווי אַלע מוסער-ספאָרים, בעסער ווי יענע נאַרישע כאַכאָמים מיט זייערע עסיק-זויערע-לאַקריץ-זיסע שטראָף-ריידי. אַפילע וואַסקע דער קאָטער (איר ווייסט דאָך וועמען מע מיינט... יע-נעם, דאָרט אין קרילאָווס באַסנע), אַ פרעסער, אַ נאשער, וואָס די נעשאָמע זיינע ליגט אים נאָר צווישן די טעפּ, אַפילע אים וואָלט אזא רעבע צענומען — האַלעוואי ער זאָל אַזעלכן נאָר האָבן! — עס וואָלט אים פארגאנגען דער כיישעק צו סמעטענע און שטאַרק צופרידן געווען כאָטש מיט זויערמילך.

הערשעלע איז געווען אַ פארשייט קינד, אַ לעבעדיקס, אַ רירנ-דיקס. קוים האָט ער זיך געשטעלט אַף די פיסלעך, אַ בליק געטון אַף גאָטס וועלטעלע ארום אים, איז דאָס וועלטעלע אים זייער שיין גע-פעלן און כיישעק געהאַט ווי אַ העזעלע צו שפּרינגען, צו לעבן; נאָר דאָס לעבן האָט אים אָנגעקוקט ווי אַ שטיף-מאַמע מיט א בייז פּאָנים: טאַרבוס, אינגעלע! לאָז זיך אַ קאַבצן נישט גלוסטן... דאָס בייזע פינצ-טערע לעבן האָט אים אָפּגעשטעלט באַלד טאַקע באָם צעפירן זיך די הענטלעך; אים געגעבן צו פאַרשטיין דעם טאַם פון נויט, פון הונגער; אים איינגעראָמט אַ סאַד, וועה, משטיינס-געזאָגט, ער איז, פונוואנען, משטיינס-געזאָגט, ער שטאַמט, לויטער קאַבצן, לויטער אומגליק... און אים געפרעגט די ערשטע קאַשע: הערשעלע, וואָס איז מיט דיר אַזוינס די סימכע?

הערשעלעס יוגנט איז פאַרגאנגען געשווינד, אָפּגעבליט גיך און ער איז קינדוויס נאָך געוואָרן אַ קליין אידל: דערשלאָגן, פארטראכט, מיט אַ פאַרזאָרגט פּאָנים און אַלע פּאָסטעמקעס פון אַ גרויסן, באַ-ווייבטן אידן, עס האָט אים נאָר געפעלט אַ בערדל. דער איד האָט אין זיין ביסל לעבן אויסצושטיין אַזויפיל מינע צאָרעס און לייד, אַז סע בלייבט אים נישט קיין צייט פאַר דער קינדהייט. זי גיט נאָר אַף א ווילע א שיין, ווי די זון אין אַ מיעסן ווינטער-טאָג, און פאַרגייט טאַקע באַלד אין א גרויסער, לאַנגער, פינצטערער כמאַרע. קוים קריכט דאָס אינגעלע אַרויס פון די וויקעלעך און טוט זיך א שפּיל, גיט מען אים אַ כאַפּ צום טייטל... מע שלעפּט אף אים אַרוף דעם יאָך און וויאָ, וויאָ, אידל! —

אַך, ריבוינע שעל אוילעם, גלוסט זיך עס מיר אַצינד כאָטש פון דער-ווייטנס אָנקוקן דעם אידן, וואָס איז אויסגעוואקסן פון יענעם אידל, וועלכן מיר איז באַשערט געווען צו זען אַמאָל! דענסטמאָל איז ער נאָך ניט אַלט געווען קיין צוויי קיילעכיקע יאָר. איך געדיינק נאָך ווי היינט זיינע צוויי פּייקעלעך, זיין יאַרמעלקעלע, זיין שפּענצערל און לייבסער-

דאַקל. עס שטייט מיר פאר די אויגן זיין בלייך, פינצטער פּענימל, ווי ער האָט זיך אַנטפּלעקט פּלוצלים פון א קליין אַלקערל, צעשויבערט, איינ־געטונקען אין פּעדערן, פון די קישעלעך, אַפּאָנים, אף וועלכע ער איז געשלאָפן; ווי ער האָט זיך פאַמעלעכן צוגערוקט אין שטוב צו דער מו־טער, איר זיך געזעצט אַפן שויס, מיט די קאָשערע הענטעלעך אַרויס־באקומען איר פּונם בוזעם די ברוסט, געמאַכט אף זיין זיס לאָשן א בראָכע שעהאַקל און געזויגן... אָמיין! — האָב איך געענטפערט מיט קאַ־וואָנע, באַטראַכטנדיק מיט גרויס נאַכעס דאָס זויגנדיקע קליינע אידל, אויך די מאַמע, געקוקט און געזאָגט: אשרייכעס איסראָעל, אז וואויל איז אייך, פאָלק איסראָעל!...

מיט די קונדייסים איז אונזער הערשעלע טאַקע אַלץ געווען כאַווער, האָט מיט זיי געשטיפט ווי פריער, נאָר דאָס איז געווען אַן אַנדער מין שטיפן, שוין ערנסט, מיט באַרעכענונג, דערביי ניט אַ ריס צו טון די צעריסענע קאַפּאָטע, ניט בלייבן, כאָלילע, שטיין מיט א הוילן קאָפּ אָן אַ היטל, ניט אויסצורייסן איינער באַם אַנדערן אַ האָר פון דער פּייע, און מע האָט אין דעם שפּילן־זיך פאַרלאַנגט אַלץ נאָכצוטון די גרויסע. מיט א גרויסן צו רעדן, מיט א גרויסן זיך אַביסל דורכגיין, דאָס איז, געווייינטלעך, בא קינדערשע קליינע אידלעך א קאָוועד, זייער א גרויסער. גרויסע גייען קעסיידער נאָך די גראַדן פון אונטן אַרויף: אַ כאָסן־באָ־כער, א באַלעבעסל, א באַלעבאָס, א קליי־קוידעש, פּונם שאַמעש ביז דעם ראָוו. באַלמעלאָכעס זיינען צווישן אידן גאָר אַנדערע מינע גרויסע, עפּעס ניט אַהער, ניט אַהין, האָבן געווייינטלעך אומגאַנג מיט אינגלעך, מאַכן זיך עפּטערס נאַריש מיט זיי און האָבן בא די עמעסע גרויסע איין פּאָ־נים, ווי זיי, הייסן אויך כעוורע־לייט, שקאָצים, יונגאַטשעס, ווי זיי.

הערשעלע הייבט אָן צו רייבן זיך ארום די גרויסע, צוקוקנדיק זיך צו זייערע גיינג און צוהערנדיק זיך צו זייער שמועס. זאָלן צוויי אידן זיך שטעלן ערגעץ שמועסן, וואַקסט נעבן זיי, ווי פון דער ערד, אויס הערשעלע, פאַרייסט דאָס קעפּל אַרויף און הערט מיט א האַלב אָפן מייל־כן. זאָלן גרויסע עט, אַזוי־זיך אַביסל דורכגיין, שלעפּט זיך זיי הער־שעלע פון הינטן נאָך, ווי א קו אַ קעלבל. אַ באָרד איז בא הערשעלען גאָר קיין קאַטאָוועס ניט, אין איטלעכער באָרד שטעקט טוירע און כאָכמע, אַ באָרד קען אַלצדינג, ווייס אַלצדינג, וואס א באָרד זאָגט, איז טוירעס לאָקשן. אַז ער האָט אַמאָל דערציילט אינגלעך עפּעס אַזוינס, וואָס איז אויסגעקומען מעשונע ווילד, פלעגט ער אויסלאָזן מיט די ווערטער: לאַכט ניט, לאַכט ניט, דאָס האָט געזאָגט אַ איד מיט א באָרד. און אַקעגן אַזאַ ליגן מיט א וואָרצייכן איז שוין ניט געווען, וואָס צו טאַינען.

„קינדוויים האָט הערשעלע געמיינט, אַז גרויסע זיינען עפּעס גאָר אַ מין אַנדער וועלט, און קליינע זיינען פאַר זיך א וועלט, און דידאָזיקע ביי- דע וועלטן געהערן זיך איינע מיט דער אַנדערער ניט אָן. נאָר שפּעטער, שפּעטער האָב איך באַשיינפּערלעך אַרויסגעזעען, אַז ס'איז א גראָבער טאָעס. איין וועלט, כ'לעבן, מיט איינע האַנאָגעס, איינע כאָכמעס און איינע כעפּצעס, קליין און גרויס, יונג און אַלט, וואָס מאַכט עס אויס? אַלע זיינען אידישע קינדער. דער כילעק איז נאָר דאָס: א קליין קינד טאָר ניט, און א גרויס קינד מעג. וואָס בא קינדער מיט בערד הייסט א כאָכמע, גוטסקייט און פרומקייט, דאָס אייגענע טאַקע בא קינדער אָן בערד רופט מען נאַרישקייטן, שקאָצעריי, אינגלשע זאַכן..."

אונזער הערשעלע איז, באַם ווערן אַ קליין אידל, געשטאַנען מיט איין פוס צווישן די קליינע, און מיט דער אַנדערער צווישן די גרויסע אידישע קינדער. מיט יענעם פוס צווישן די כאַוויירים איז ער געשטאַ- נען פעסט אף דער ערד. קליינע אינגלעך שפּילן זיך פּאָשעט דאָ אף אונזער אוילעם, זיינען באַם שטיפן מיט דעם גאַנצן קאָפּ אַריינגעטון אין אַזעלכע זאַכן, וואָס שטייען פאַר די אויגן און מע טאַפּט זיי אָן מיט דער האַנט. יענער פוס אָבער, וואָס צווישן די גרויסע, האָט געפילט א מאָל, ווי עס פארשווינדט אונטער אים די ערד און בלייבט היינגען עפּעס ווי אין דער לופטן; גרויסע קינדער אַז צעשפּילן זיך, פליען זיי אין הימל אַריין, פארקריכן שטיפנדיק העט, העט ווייט, אַזוי אז ס'כאַפּט אַזש אָן א שווינדל... שטייענדיק אַזוי אף מישקוילעס, האָט הער- שעלע זיך צוגעהערט צו די גרויסע מיט ביידע אויערן. און ווען ער זאָל האָבן אַפילע נאָך עטלעכע פּאָר אויערן, וואָלט ער אַלע טאַקע געברויכט נאר דערצו, ווייל זאַכן אַף צו הערן איז געווען זייער פיל. הערשעלע האָט זיך אָנגעהערט בא זיי מאָפּסים און וואונדער גאָר אָן א צאָל — מאַיסעס פון יענער וועלט, וואָס אין גענעם און אין גאַניידן טוט זיך, מיט איטלעכס פּיצעלע באזונדער, גלייך ווי זיי וואָלטן ערשט פונדאָרט געקומען און אַלצדינג געזעען אַליין מיט אייגענע אויגן; מאַיסעס פון גילגולים, פון מייסים, וואָס גייען אַרום אפן אוילעם-האַטויע, מאַיסעס פון די גוטע... און ניט-גוטע; מאַיסעס פון מאַלאָכים און עליאָהו האַנאָווי, גאָטס מעשולאָכים, וואָס וואַנדערן אויס, וואו די וועלט האָט אַן עק, און זיינען פול אין איטלעכס ווינקעלע. דערביי איז דערציילט געוואָרן א וואונדער-שיינע מאַיסע, וואָס האט זיך אַמאָל, אַמאָל געטראָפן טאַקע דאָ, אין קאַבצאַנסק, מיט וועלכער עס האט געקלונגען און עס קלינגט נאָך אַדאַיעם די וועלט. די מאַיסע איז אַזוי געוועזן:

———

# דאָס זעקסטע קאַפּיטל.

בימיי ר׳עבּ שמעלקע, אין דער צייט ר׳ שמעלקעס, אַן עלטער-זיידע פון אונזער אוישער, ר׳ יודל קאַבּצאַנסקער, האָט זיך איינמאָל אונטער אַ פּורים אין א שלעכטער איינגער צייט גאַנץ קאַבּצאַנסק אַוועקגעלאָזט קיין גלופּסק. איבערגעבּליבּן פון די אַלע מאַנסבּילן איז נאָר ר׳ שמעלקע אַליין. ר׳ יודלס עלטער-זיידע, ר׳ שמעלקע, זיכרוינע ליווראָכע, א גוטער, אַ פרומער, מיט דעם פּינטעלע איד, פון דעם אַלטנס כסידים, איז געוועזן, ניט פּאר קיין אידן געדאַכט, אַ בּעזדיטניק, די אַלע מיטל, וואָס ער האט איבערגעטון צו האָבּן כאָטש איין קינד, אַ קאַדעש, האָבּן ניט געהאָלפן. ער האט לעסאָף אַוועקגעלייגט דעם בּאַלשעם, דעם טאָטער מיט דער טאָטערן, לעהאַוודל, און זיך געגומען צו דינען גאָט, וואָס דינען הייסט, מיט א בּרען, ניט אויסצושפּאַנען זיך אף א רעגע פונם אידישקייט. מיילע, אַז קאַבּצאַנסק האט זיך דאָ אַוועקגעלאָזט, איז ר׳ שמעלקע געבּליבּן געפּלעפּט: סטייטש, פּורים וועט ער ניט דאַוונען און לייענען די מעגילע מיט אַ מיניען אידן! און וועמען וועט ער שיקן „משלוח מנות?[1]), און מיט וועמען וועט ער מאַכן אַ קויסע, ווי גאָט האט געבּאָטן? און ווי ער זיצט זיך דאָ אַזוי אין איינע צאָרעס, עסטער-טאָנעס, צווישן טאָג און נאַכט, אָן א קאָפּ, עפנט זיך פּלוצלים די טיר און עס קומען אַריין ניין פּאַרשוינען. דריי גרייז-גרויע, אין ראַצעמאָרענע זופּעצעס, איינער עפּעס אין א מין כאַלאַט מיט טראָלדן, די בּאָרד צעקאָשמעט און אפן קאָפּ א הויכער, שפּיצאַסטער ספּאָדיק. נאך איינער, אין א מין סוויטקע, אָדער אַ טשומערקע, מיט א לעדערנעם בּייגאַרטל, דאס פּאָנים בּאַוואַקסן מיט א וואַלד האָר. און נאָך איינער עפּעס אַזוי ווי פארשלאָפן, מיט א גראָבּער רויטער נאָז, פּול אָנגעזועצט מיט בּלאָטערן, ווייִמפּערלעך, און האט ניט געקאנט איינשטיין אף די פיס. די איבּעריקע דריי פּאַרשוינען זיינען געווען אָנגעטון עפּעס טערקיש, פּאָרנט בּרוסט-טיכלעך מיט פּליטערלעך, הינטן קורצע פּאַרטעכלעך, ניט ווי מאַנסבּילן, ניט ווי ווייבּער. בּאם אַריינקומען האבּן זיי געקושט די מעזוזע, מיט א געשריי: — אַ גוטן אָוונט! אַ גוט יאָנטעוו, רעבּ שמעלקע!

---

1) שאַלעכמאָנעס. (רעד.)

ר׳ שמעלקע גייט זיי אַקעגן און גיט איטלעכן פון די פֿאַרשוינען א ברייטן שאָלעם-אַלייכעם, מיט א פרעג, ווי דער שטייגער איז, פונוואַנען פֿאָרן עס אידן? יענע אידן, ווי די טערקן, האט ער אָנגענומען פאר יערושאַלמים און דעריבער האָט ער זיי געמאַכט גאָר א גרויסן באָרוך-האַבאָ, טראַכטנדיק בא זיך: וואוילע געסט, כ׳לעבן! פון זיי וועט מען עס אָנהערן זיך אַביסל פון דער „מערת המכפלה״, פון דער מוטער ראָכלס קייווער און עפשער וועט מען בא זיי קאנען קויפן א זעקעלע ערעץ-איסראָעל-ערד, אף צו באַשיטן זיך נאָכן טויט, ווערים זאָלן ניט עסן.

— ר׳ שמעלקע! — זאָגט די טשומערקע, — די סאָכרים מיינע פרעגן, אויב ס׳איז מעגלעך בא אייך צו האַלטן פורים. זיי וועלן אייך גוט באַצאָלן.

— כאָלילע! — ענטפערט ר׳ שמעלקע, — געלט — בעשומויפן ניט. זייער אָנגעלייגטע געסט, כ׳לעבן! מיין לוין וועט שוין זיין דאָס, וואָס איך וועל מיט אַזעלכע טייערע אָרכים אָפריכטן די סודע גאַנץ פריילעך, אי-דישלעך. ווײַן און נאָך אַנדערע מאַשקע: ווישניק, מאַלינִיק האָב איך גענוג. פאר נויט וועט מען קאנען נעמען אַ פּאָר פלעשלעך פונם פייסעכ-דיקן. און איר, ר׳ איד, טוט ער א זאָג צו דעם אין דער טשומערקע, איר זייט דאָך א באַלאגאָלע און וועט זיך מיסטאָמע פון א גוטן טרונק בראַנפן ניט אָפּזאָגן. בראנפן האב איך גאָר אן אַנטיק.

— בראַנפן!... וואס בראנפן?... — רופט זיך אָפּ יענער מיט דער רויטער נאָז, אונטערקומענדיק נעענטער. — אף בראַנפן בין איך א מייוון, איינער טאַקע אין דער וועלט.

— זייער אָנגעלייגט! דאָס האב איך אין אייער פּאָנים אַרויסגעזעען טאקע באַלד. — זאָגט ר׳ שמעלקע צו דער רויטער נאָז. — איר זייט מיר זייער קענטלעך... זייט איר ניט יענער ברענענדיקער כאָסיד, מיט וועלכן מיר האבן אַמאָל איינענעם יאָנטעוו געהאַלטן באם אַלטן, זאָל מאַריך יאָמים זיין? יאָ, איר זייט אף בראנפן א מייוון, א גרויסער מייוון, ווי איך בין א איד!... איר פארשטייט דאָך מיך, וואָס מיט דעם וואָרט „מייוון״ איך מיין. דעם איניען פון בראנפן, וואוהין דאָס גייט... דער ברען, וואס דרינען שטעקט, ניט גלאַט פּאָשעט אַזוי זיך... דאס פאר-שטייען נאָר מיר, אַזעלכע ווי איר, ברענענדיקע, פייערדיקע אידן...

ר׳ שמעלקע האט געפירט זיינע געסט אין שול אַריין און מע האט דאָרט געדאַוונט מאַירעוו. איינער פון די אַלטיטשקע האט געלייענט די מעגילע מיט א זיס קאָל, גאָר מעכאַיע. באם לייענען: ווי האָמען האַ-ראָשע איז דערהויכט געוואָרן, ווי אים גלוסט זיך דורך פאַלשע מעסי-רעס און בילבולים אויסהאַרגענען אַלע אידן, איז דער שפיצאַסטער ספּאָדיק אונטערגעשפּרונגען און פאר קאַס געמאַכט אזא קולאַק, אז ר׳

שמעלקע איז פארציטערט געוואָרן. ער האָט אַ כאַפּ געטון געשווינד דאָרט אַ שטעקן פון די לאַנגע כופּע-שטעקנס און דערמיט מיט דעם גאַנצן קויעך געשלאָגן האָמען האָראָשע איבער די טרעפּלעך פונם בעלעמער, אים דעם טויט געמאַכט, און אַז צום סאָף האט געהאַלטן אין דער מע-גילע בא האָמענס מאַפּאָלע, האט דער ספּאָדיק געשיינט, געלויכטן, גע-שפּרונגען און געטאַנצט פאַר סימכע. די אַלטיטשקע האבן זיך אונטער-געהעטשקעט און געזונגען „שושנת יעקב״[1]) מיט אַ זיס ניגנדל. די נאָז מיט ווייספּערלעך האט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און אַ זאָג געטון:

— וואָס טויג מיר די מאַיסעס, איך וואָלט פון אַלע סימכעס שוין געוואָלט דערלעבן נעמען אַביסל בראַנפן, טאַקע דאָ באלד אפן אָרט.

דאָ האָט זיך אויך צעהיצט אונזער ר׳ שמעלקע, איז געשווינד צוגע-לאָפן צום שאַמעשס שאַפקעלע, ארויסדערטאַפּט פונדאָרט אַ פלעשל בראַנפן, שליש, מיט עטלעכע קעלישעקלעך און געמאַכט מיט די פאַרשוי-נען לעכאַים. דער שאַמעש אַליין איז דענסטמאָל ניט געווען, וואָרום אין דעם קסאַוו מיט אים איז געשטאַנען בעפיירעש אַריינגעשריבן אַ פּונקט, אַז כאַנוקע און פורים האָט ער, ווי אַנדערע, דאָס רעכט ארומצוגיין אין די הייזער — אין גלופּסק. אויך איז דאָרט געשטאַנען אַ פונקט, אַז נאָר ער אליין האָט דאָס רעכט מאַכן אין קלייזל אַ מין שיינקל און שיינקען דאָרט אַ גאַנץ יאָר בראנפן, דערביי האלטן דאָרט אויך צום פאַרבייסן רעטשענע קיכלעך, אייער-בייגל אוכעדוימע אזעלכע זאַכן, אַף וועלכע מע מאכט אַ בראָכע „בורא מיני מזונות״ און מע באדארף זיך דערצו נישט וואַשן.

די גאַנצע נאַכט האָט זיך ר׳ שמעלקע מעסאמייעך געווען מיט די דריי פאַרשוינען. אַף מאָרגן אינדערפרי זיינען זיי אלע געגאנגען אין וואַסער, נאָר די נאָז האָט נישט געוואָלט גיין.

— ניין, ניין, האָט זי געזאָגט, פע, איך האָב פיינט וואַסער.

— קומט, האָט ר׳ שמעלקע צו דער נאָז געמאַכט, קומט, נישקאָשע, אונזער מיקווע-וואַסער איז געדיכט, מע קען זי שניידן מיט אַ מעסער...

בעשאַס לייענען די מעגילע אין דער שול האָט דער ספּאָדיק און די אַלטיטשקע געטון דאָס אייגענע, וואָס נעכטן. נאָך דעם דאַווענען האָט מען זיך געזעצט עסן און טרינקען. נאָך דעם עסן האָט מען זיך גענומען מעקאיעם זיין „משלוח מנות״, נאָך דעם שאלעכמאָנעס האָט מען געמאכט בראָכע און געגעסן האָמען-קרעפּלעך, האָמען-טעשלעך, מאָנדלעך און געטרונקען ווישניק. נאָך דעם בראָכע-מאַכן האָט מען זיך ווייטער געזעצט עסן און טרינקען, מעקאיעם זיין די סודע, מע האָט

1) „שוישאַנאַס יאַנקעוו״ — אַ טפילע-געזאַנג, וואָס ווערט פריילעך געזונגען אום פורים. (רעד.)

געגעסן, געטרונקען, מעקאיעם געווען, געשיקערט אף וואָס די וועלט שטייט. די נאָז האָט געטרונקען מער פון איטלעכן. איידער איינער האָט אויסגעטרונקען איין קויסע, האָט די נאָז אויסגעטרונקען צען, געגאָסן, ווי אפן שטיין. בעקיצער, מע האָט אזוי פיל מעקאַיעם געווען, געטרונקען, געשיקערט, אַז דער קאַבצאַנסקער אוילעם איז אף מאָרגן נאָך שושן-פורים צוריק געקומען פון גלופסק, האָט מען געטראָפן ר׳ שמעלקען נאָך טויט-שיקער. אַז ר׳ שמעלקע האָט זיך אופגעכאפט, איז ער געווען ווי אַ דולער פאר גרויס וואונדער: די פאַרשוינען זיינען עפּעס ווי אויסגעטריקנט געוואָרן, אין שטוב איז עפּעס אַ איבערקערעניש, קיין זאַך נישט אף זיין אָרט, וואָס ער זוכט, איז נישטאָ, וואָס ער באדארף, איז ווי אין וואַסער אריין. ס׳איז אים אַ גרויס וואונדער, גאָר ניט צום פאַרשטיין!...

דער אַלטער, זיכרוינע ליוורָאכאָ, האָט שפּעטער מעגאַלע געווען דעם סאָד זיינע מעקוראָווים, די מעקורוואָים דערנאָך—זייערע מעקוראָווים און אזוי איז עס געגאַנגען פון איין אויער אין דעם אַנדערן, ביז דאָס איז באַקאַנט געוואָרן דער גאַנצער וועלט. יענע פאַרשוינען זיינען געווען די גוטע קנופּיע, גאָר דאָס גוטע פעקל!... די דריי אַלטיטשקע זיינען עס געווען די אָוועס; דער כאַלאַט אין הויכן שפּיצאַסטן ספּאָדיק— מאָרדכע, אָנגעטון ביגדיי מאלכוס; די טשומערקע — עליאָהו האַנאָווי; די נאָז מיט ווײמפּערלעך — דער באַרימטער שיקער לאָט, וואָס שלעפּט זיך נאָך דעם פּעטער אוורָאָהאָם אָווינו; די דריי טערקן מיט פּליטערלעך און פּאַרטעכלעך — מאַטעסיאָהו קויהען גאָדל מיט צוויי קינדער, אָנגעטון אין „חושן ואפוד״ [1]. דער אלטער האָט געזאָגט, אז איידער די גאנצע קאָמפּאַניע איז געגאַנגען צו ר׳ שמעלקען, האָט זי פריער זיך געלאָזט מעלדן און בא אים גענומען רעשוס, וואָרום ר׳ שמעלקע איז דאָך זיין כאָסיד, און קאַבצאַנסק געהער צו אים. דאָס הייסט, געהערן, אייגנטלעך, געהער זי צו אַ פּאָרעץ, נאָר דעם גראָשן מאַכט ער... דאָס הייסט, דער פּאָרעץ האַלט די קו פאר די הערנער, און ער, לעהאַוודל, מעלקט...

ר׳ שמעלקע האָט אָנגעהויבן פון יענעם יאָר מאַצליעך זיין. סערל, זיין דריט ווייב, נאָך גאָר אַ יונגט, אַ לעבעדיקס, אַ ברענענדיקס, וואָס ער האָט זי גענומען נאָר פאר אַ באַלעבאָסטע אין שטוב אריין, האָט טאַקי אין ניין כאדאָשים ארום נאָך דער מאיסע, וואָס איז געשעען, געהאַט כאַנוקע-צייט אַ אינגל. דאָס איז ר׳ מאָרדכעלע-מאַטעס (אזוי האָט דער אַלטער געהייסן אים אַ נאָמען געבן נאָך מאָרדכע האַצאַדיק און מאַטעסיאָהו האַכאַשמוינאָי). פון דעם ר׳ מאָרדכעלע-מאַטעס איז ארויס-

---

1) כוישן וועאייפעד — קליידער, וואָס דער קויהען גאָדל פלעגט אָנטון בעשאַסן אָפּריכטן זיין גאָט-דינסט. (רעד.)

געקומען ר׳ יאנקעוו-עליע, היינטיקן ר׳ יודל קאַבצאַנסקער אַ פאָטער.

קאַבצאַנסק נעמט זיך שטאַרק איבער מיט דערדאָזיקער מאיסע. סטייטש, דאָרט בא איר זיינען געווען אזעלכע פאַרשוינען! ווער שמועסט ר׳ יודל, דער איז נאָך בא זיך פאַריסן, שטאָלץ ווי אַ רועך. אַ קאַטאַ-וועס עפעס, זיין זיידע האָט אויסגעטרונקען אַ קעלער וויין, געשיקערט מיט לאָטן... און טוט דערפאר גרויסע שידוכים.

אַז הערשעלע האָט דערנאָך דידאָזיקע מאיסע איבערגעדערציילט די אינגלעך, איז זי איטלעכן שטאַרק געפעלן. עטלעכע אינגלעך האָבן נאָך איידעס געזאָגט און זיך געשוואוירן, ווי זיי זיינען אידישע קינדער, זיי זאָלן אזוי הערן שויפער שעל מאָשיעך, ווי זיי האָבן עס אליין מיט זייערע אויערן געהערט פון זייערע טאַטעס דערציילן — און אלע האָבן געגלויבט, אז דאָס איז עמעס. צוויי אינגלעך האָבן זיך געשפּאַרט איבער לאָטס נאָז, איינער שרייט, ניין! אזוי האָט מיין טאַטע געזאָגט: רויט. אָן ווײמפּערלעך. און דער אַנדערער שרייט אַקעגן: ניין, ניין, מיט ווײמפּערלעך! מיין טאַטע ווייסט בעסער, ער זאָגט — מיט ווײמפּערלעך. עס ווערט אַ קריג איבער די טאַטעס, וועמעס טאַטע ווייסט בעסער! איינער דעם אַנדערן גיט אין טאַטן אריין, אינגלעך מישן זיך אריין, עס ווערט אַ געשריי: ווײמפּערלעך, נישט ווײמפּערלעך! גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט איבער זייער אַ וויכטיקע זאַך, שטאַרק נויגייע אין לעבן אריין, אַזוי וויכטיק, אַשטייגער, ווי יענע זאַכן, איבער וועלכע אַנדערע געלערנטע האַמפּערן זיך אַמאָל אין זייערע ספאָרים... מע כאַפּט זיך צוליב דער נאָז אָן פאר די נעז, מע גיט זיך צוליב די טאַטעס אין טאַטן אריין. הערשעלע איז אויך טרוקן נישט ארויס און געלייזט אַ דראַפּ אַף דער נאָז צוליב דעם קאָוועד פון זיין טאַטן, פאר וועלכן ער האָט זיך מויסער נעפעש געווען... בא דעם טאַטן אָבער איז דאָס נישט אָנגעלייגט געווען און ער האָט דעם געטרייען זון פאר דעם דראַפּ אַף קידעש האַשעם גוט טאַקע אויסגעשייגעצט אזוי:

— פע, דיינע מיעסע גיינג!... אַלץ דיינע מאיסעס, דיינע נאַרישע אינגלשע מאיסעס!...

---

# דאָס זיבעטע קאַפּיטל.

דער דאַלעס האָט אין קאַבצאַנסק געסווישטשעט גאָר א שרעק, און די אידישע קינדער דאָרט זיינען געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט, גאָרניט צו טון — און גאָרניט טאַקע צו קענען, נעבעך, טון — ווי דעם דאַלעס אַרויסצוטרייבן. מע פלעגט, צונויפקומענדיק זיך איינעם, אין בעסמעד־רעש אונטערן אויוון, נאָר אַלץ אָכצן און קרעכצן: ניט די וועלט, וואָס אַמאָל, ניט דאָס, וואָס פאַרצייטן!... אַמאָל איז געווען טע־טע־טע! און היינט — עט... וואָס אַמאָל איז געווען אַזוי, איז היינט גאָר אַזוי... דאָס אייגענע, דאַכט זיך אין פלוג, און פאָרט א גרויסע נאַפקעמינע. פאַר־צייטנס זיינען מענטשן געווען מענטשן, אידן — אידן און געשעפטן — געשעפטן... און היינט, משטיינס־געזאָגט, וואָס?... באַם אויסלאָזן דעם „וואָס?" — האָט מען געווײנטלעך געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין, שווייגנדיק שטיל, און געוואַרט הערן א טערעץ אף דער קאַשע „וואָס"? — איינער האָט געקראַצט, געריבן דעם שטערן, געטראַכט און האָט דערנאָך געעפנט דאָס מויל און א גענעץ געטון. דער אַנדערער האָט, אָנעמענדיק זיך באַם בערדל מיט א צוגעמאַכט אייגל, א מאַך גע־געבן מיט דער האַנט און עפּעס ווי פאַר זיך געבעבקעט: עט... ווייס־איך!.. יענער האָט, אופהייבנדיק זיך פונם אָרט, אָנגעשפּאַרט ביידע הענט מיט אויסגעשפּרייטע פינגער אפן שטענדער, זיך צעשאָקלט און געמאַכט: איך וועל אייך דערציילן, הערט איר, היינט איז טאַקע נאָר, פאַרשטייט איר מיך, מאָשיעך־צייט. — מיט דעם ענטפער זיינען געווײנטלעך אלע צו־פרידן געווען. איטלעכן צעפלאַקערן זיך דערביי די אויגן, און מע טוט זיך א נעם צום שמועס וועגן דעמדאָזיקן איניען. אָנגעהויבן האָט זיך עס שטענדיק דערמיט, אַז דאָס היינטיקע זעקס־טויזנטיקע יאָר איז גאָטס פּרייטיק, נאָך דעם כעשבן איז אַצינד ערעוו שאַבעס נאָך האַלבן טאָג, און שוין דאָ אלע סימאָנים, אַז מאָשיעך גייט, מאָשיעך וועט באַלד קו־מען: די טויערן פון פּאַרנאָסע זיינען צוגעשלאָסן, אין קעשענע נישטאָ קיין פּרוטע; אַרץ־פיאַסקע אַזעספּעניִמער זיינען היינט צווישן אידן שרעק־לעך פיל; איינגלעך האַלטן זיך פאַר גרויסע לייט, פּריצים; אַ דיק, זאַט

בייכל מיינט, אַז אלע כאָכמעס — א קאַפּאָרע פאַר זיינס א בויך-סוואָרע... צאָרעס און גזיירעס קומען מיט איטלעכן טאָג און עס שמעקט שוין מיט דער מילכאָמע פון „גוג ומגוג"[1]. איבער גויג-אומאָגויג לייגט מען אַנידער א ברייטן שמועס, עס פאַלן איבער אים אַלערליי דייעס. איינער טוט א נעם דעם באַקאַנטן סייפער „אבקת רוכל", טיטשעט מיט דעם פינגער און לייענט הויך פאַר אַלע דעם זיבעטן צייכן דאָרט, אַזוי:

„האות השביעי, דער זיבעטער צייכן, הקדוש-ברוך-הוא ווייזט דער וועלט א מויפעס. מע זאָגט, אין רוים איז דאָ א מירמלשטיין, וואָס זעט אויס ווי א בילד-שיינע נעקייווע, א מעכוערעס, און דאָס איז גאָטס אַרבעט, ער אליין האָט זי אַזוי באַשאַפן. קומען די רעשאָים צו דער מירמלשטיינערנער יעפעיפיע, ומחממין אותה ושוכבים אצלה, און מאַכן מיט איר קוצעניו-מוצעניו. זי ווערט מובערעס, והיא מתבקעת, און ס'עקט א קינד מיט דעם נאָמען ארמילוס דער סאָטן, וועלכן די אומעס רופן אַנטיקרישטי. ער איז אומגעלומפּערט גרויס: צוועלף איילן לאַנג און צוועלף איילן ברייט. די אויגן רויט, האָר — גאָלד געפאַרבט מיט גרינע פיאַטעס און צוויי האַלז-און-נאַקנס. דערדאָזיקער מין פאַרשוין גיט זיך עס אויס דער וועלט פאַר מאָשיעכן, גייט און נעמט איין מעדינעס. באותה שעה, דעמאָלט יקום נחמיה בן-חושיאל, שטעלט זיך אים אַקעגן נכעמיע דער זון פון כושיעל (דאָס איז מאָשיעך בען יויסעף!) מיט דרייסיק טויזנט גיבוירים פונם שייוועט עפראַים, און אין דערדאָזיקער מילכאָמע ווערט נכעמיע בען-כושיאל דערהאַרגעט, און אַזוי גייט שלים-שלימאַזל ביז דעם אַכטן צייכן. — האות השמיני[2] יעמוד מיכאל, ווערט אופשטיין דער מאַלעך מיכאָעל און בלאָזן שויפער, דריי טקיעס. בא דער ערשטער טקיע ווייזט זיך מאָשיעך בען דאָוויד מיט עליאָהו האַנאָווי, פאַרנעמט די צאַדיקים און נאָך אידן צונויפגעלאָפענע, וואָס בלאָנקען זיך אַרום אין דער מידבער און פירט זיי קיין יערושאָלאַים. גאָט רעגנט מיט פייער און שוועבל און האָגל און דערהאַרגעט אַרמילוס האָראָשע. באַ דער צווייטער טקיע, אין דעם ניינטן צייכן, שטייען די טויטע אויף לעבעדיק פון די קוואָרים. מאָשיעך בען דאָוויד לאָזט זיך אַוועק צונויפ-נעמען די איבעריקע אידן אין אלע עקן וועלט. פריצים טראָגן די אידע-לעך אף די פּלייצעס און ברייננגען זיי א מאַטאָנע צו גאָט, קיין ערעץ-איסראָעל... באַ דער דריטער טקיע, אין דעם צענטן צייכן, אַנטפּלעקן זיך די אַסערעס האַשוואָטים מיט די בניי מוישע, רויטע אידעלעך, גאָר אָן א צאָל. אידעלעך לעבן, זיצן זיך אין הויכע ספּאָדקעס אף די קעפּ מיט פאַרלייגטע הענט, קוקן און האָבן האַנאָע פון דער לויטערער שכינע..."

1) „גויג אומאָגויג" — לעגענדארע פעלקער, וואָס זייער מילכאָמע דארף פאָרקומען אין מאָשיעכס צייטן. 2) דער אכטער צייכן. (רעד.)

קאַבּצאַנסקער אידן שמעלצן זיך, הערנדיק נעבּן אויוון; עס צעשפּילן זיך זיי די געבּליטן, ווערן בּאַ זיך שטאַרק, זיינען גרייט צו נעמען פיילנבּויגנס און לויפן אין דער מילכאָמע... מע פאַרגעסט אויך נישט די גרויסע סודע פונם לעוויאָסן [1]) און דעם שאָר האַבּאָר [1]) מיט דעם יאַין האַמעשומער [1]). ראַבּע בּאַר בּאַר כאָנעס פּעטע געגנזלעך, פון וועלכע עס רינט שמאַלץ, ווערן אופגעגעבּן צום בּריליאַנטענעם טיש אַף גינגאָלדענע פּאָלימעשקעס. צאַדיקים עסן, טרינקען און לעקן די פינגער. — מיינע הונגעריקע קאַבּצאַנסקער אידן בּאַלעקן זיך, עס גייט זיי איבּער די סמאַהע, מע הערט, ווי עס בּורטשעט זיי אינעווייניק אין בּויך און זיי קראַצן, קראַצן זיך, נעבּעך... מע לייגט אַוועק פאַר צאָרעס דעם לעוויאָסן און מע נעמט זיך לייסאַטע צו דער פּאָליטיקע, צו דעם גאַנצן איניען פון טאַכסיסיי מילכאָמע, אין וועלכן זיי האַלטן זיך פאַר גרויסע בּעריעס און טוען דרינען אוף פּשעטלעך גאַנץ סייכלדיק. די גאַנצע לאַנדקאַרטע איז בּאַ זיי אויסגעמאָלט אַף דער האַנט. און בּעשאַס בּערל מיט זיין קאָמפּאַניע שטעלן אויס אַף דער דאָלאָניע „קירה׳ס” [2]) כאַיעל, אַף די פינגער — דעם „תוגר׳ס” [3]), צווישן זיי בּיידע, אַף דעם „קו החיים” [4]), — א יאַם, אָדער דעם פּרוט און עס קערט זיך א וועלט, איז לייזער מיט זיין קאָמפּאַניע שטאַרק בּאַשעפטיקט מיט די סארים זייערע דאָרט, אין הימל, אויסוויינדיק בּעפּיירעש פון רש״י, אַז קיינער פון די מאַלכייעס האָט נישט די מאַפּאָלע דאָ אונטן, בּיז עס פאַלט נישט דער סאַר זיינער דאָרט אויבּן. בּערל וויל שוין צומאַכן די פינגער אַזוי, אַז דער טויגער זאָל אומקומען, אריינפאַלן אין יאַם.

— ניין, בּערעלע! — שרייט אים לייזער, — אומזיסט דיין מי, דו אַמאָרעץ איינער! פאַלן מוז גאָר דער „שר של אדום” [5]), אַזוי, גראָבּער יונג, שטייט געשריבּן, אַז מע ווייסט נישט, בּאַדאַרף מען שווייגן און זיך נישט מישן...

בּערלען פאַרדריסט עס זייער שטאַרק, און וואָס לייזער זאָל פון אַצינד אָן נישט עפּעס זאָגן, שרייט ער אים אַף צעלאָכעס אַלץ פאַרקערט. לעמאָשל, ווען די צייט איז געקומען איבּערצוציילן די קאַסע פון געוויסע נעגידים, און לייזער האָט זיך גענומען געשמאַק צום אייסעק, האָט געשאַצט אלפי יוישער ר׳ איצע גלופּסקערס פאַרמעגן אין צוויי מי-

---

1) לעגענדאַרע פיש (לעוויאָסן), אָקס (שאָר האַבּאָר) און וויין (יאַין האַמשומער), וואָס זיינען אָנגעגרייט פאַר די צאַדיקים, ווען מאָשיעך וועט קומען. 2) „קירע” — דער קייסער. קיר״ה — ראָשעטייװעס פון די ווערטער „קיסר ירום הודו”. 3) „טויגער” — דער טערק. 4) „קאַוו האַכאַים” — די ליניע אַף דער האַנט-פלאַך, וואָס איר ליינג ווייזט קלוימערשט די ליינג פונם מענטשנס יאָרן. 5) „סאַר שעל עדוים” — דער האַר, דער מאַלעך און בּאַשיצער, וואָס דאָס פאָלק עדוים (דאָ ווערט געמיינט דער רוס) האָט אַפן הימל. (רעד.)

ליאָן און ר׳ קאַלמענס פאַרמעגן נאָר אין אַנדערהאַלבן מיליאָן קערבלעך, איז בערלען אויסגעקומען צו שאַצן דאַפקע פאַרקערט, נישט אַזוי ווען טרעפן דערמיט ר׳ קאַלמענען, ווי לייזערן, און דערפון איז אַמאָל אַרויס מיעסע זאַכן. א טייל האָבן געהאַלטן מיט לייזערן, א טייל מיט בערלען. מע האָט זיך געדונגען, געהאַמפערט, געוועטלט: וואָס איז, עפּעס געלט-שמעלט?! יאַשראָנים פלעגן זיך אַריינלייגן אין שאָלעם אַריין: פאָלגט אונז, גיט נאָך בערלען אף ר׳ קאַלמענען, וועט ער אייך נאָכגעבן אף ר׳ איצען.

— מאַ ראַש?—האָט איינער געמאַכט א פשאָרע:—ר׳ איצע האָט א מיליאָן זיבן הונדערט פופציק טויזנט און ר׳ קאַלמען אויך אַזוי פיל, א מיליאָן זיבן הונדערט פופציק טויזנט קערבלעך. מיר דאַכט זיך, ס׳איז גאַנץ אָרנטלעך. ביידע צדאָדים קענען צופרידן זיין. לייזער און בערל באַדאַרפן שטעלן מאַשקע, עס קומט פון זיי בראָנפן.

— קוילעט אונז דאָ פאַר א גראָשן,—שרייט לייזער מיט בערלען אין איין אָטעם,—מיר האָבן אָסער נישט קיין פרוטע,

— עט, האָט מען געענטפערט, נישקאָשע, דער שאַמעש וועט באָרגן, גיט אים נאָר א מאַשקן...

אַז ס׳פלעגט קומען צו רייד פון ר׳ יודל קאַבצאַנסקער, האָט איט-לעכער געמאַכט א מינע מיט אן ערנסט פּאָנים. אַלע האָבן געזאָגט פע עכאָד, ער איז נישט אַזוי רייך, ווי אָן איינאָרע א מוצלעך. נאָר פאַר-וואָס איז ער נישט אַזוי רייך, ווי א מוצלעך? אָט דרינען האָבן זיך געטיילט די מיינונגען. א טייל האָבן געזאָגט, אַז עליאָהו האַנאָווי האָט דענסטמאָל, דענסטמאָל געשיקט דעם זיידן ר׳ שמעלקען שאלעכמאָנעס א יערכן בייטעלע מיט א פעניגל, פון דעם בייטעלע לאָזט זיך קיינמאָל נישט אויס, אין אים איז שטענדיק דאָ נאָר אַזויפיל געלט, וויפל עס קען אַריין, נישט מער, נישט ווייניקער. ווידער א טייל האָבן געזאָגט:

— ניין, עליאָהו האַנאָווי האָט געשיקט שאלעכמאָנעס ר׳ שמעלקען גאָר א ווינשפינגערל מיט דעם „שם המפורש״ [1]. ער האָט אָבער אָנגע-זאָגט, ער זאָל ווינשן נאָר אַזויפיל צו האָבן, וויפל ער באַדאַרף.

— עט!—האָבן יענע מיט א קנייטשל געמאַכט,—עט, און נאָך א מאָל טאַקע עט!... ווען אַפילע אַזוי — וואָלט דאָך ר׳ שמעלקע באַם ווינשעניש מיט דעם ווינשפינגערל, אַז עס האָלט שוין באַם ווינשן, געקענט ווינשן, עליאָהו האַנאָווי זאָל אים ווינשן, אז ער זאָל מעגן ווינשן וויפל

---

1) „שעם האַמפוירעש״ — דער עכטער נאָמען פון גאָט, וואָס באַצייכנט זיין עמעסן מעהוס. מיטן קויעך פון שעם האמפוירעש קאָנען געשאַפן ווערן וואונדער. (רעד.)

ער ווינשט זיך צו ווינשן!... אוי, אוי, מיר זאָלן עס נאָר האָבן ווינשפינגערלעך, ווייסן מיר שוין, וואָס עס וואָלט געווען!...

— אָכ-כ-אָ! — האָט מען געקרעכצט,—שלעכט אַרום און אַרום, איין מיטל טאַקע נאָר א ווינשפינגערל. וואָס זאָלן מיר טון? אויס פּאַרנאָ־סעס. כאָטש צערייס זיך, סאָנע-ציען, וועט דיר גאָרנישט העלפן... הייג־טיקע צייטן צו לעבן, ווי ס׳איז צו דערהאַלטן די נעשאָמע באַדאַרף מען האָבן ריינע ניסים...

———

# דאָס אַכטע קאַפּיטל.

אונזער הערשעלע, וואָס האָט שוין געוואוסט, נעבעך, דעם טאַם פון גויט, וואָס דאָס יונגע בלוט זיינס איז נאָך געווען זודיק-הייס, וואָס די דערקוועטשטע נעשאָמע זיינע, אַזוי פרי פאַר דער צייט, האָט זיך, ווי אַ געפאַנגען פייגעלע אין דעם שטייגל, געשלאָגן, נעבעך, אַרויסרייסן זיך פון דער קלעם אין דער פרייער וועלט—ער, הערשעלע, האָט זיך אָנגעכאַפּט אין דעם ווינשפינגערל מיט אלע זיינע געדאַנקן און עס גענומען אַף זיינע קיילים. כ׳לעבן, ריבוינע שעל אוילעם, האָט ער בא זיך געטראכט, פאַרוואָס זאָלן טאַקע, גאָר אָן קאַטאָוועס, אידן, נעבעך, ניט האָבן אַזעלכע מינע ווינשפינגערלעך? פאַרוואָס אַמאָל, אַז ס׳איז געווען דיין גוטער ווילן, האָסטו דיינע קינדער איסראָעל געגעבן מאַן אין דער מידבער, פייגעלעך, טויבן זיינען געפלויגן אין מויל אַריין און פון אַשטיין האָט זיי געפלייצט וואַסער צו טרינקען? לאָז זיך דאכטן, אַז היינט זיינען אידן אויך אין דער מידבער צווישן שלאַנגען, עקרישן און דעם פּיפּערנאָטער.—אָך, ווי שיין זיין קינדערשער סייכל האָט אים אויסגעמאָלט אַזא פינגערל, וואָס אַז מע זאָגט: פינגערל, פינגערל! איך ווינש דאָס, איך ווינש יענץ,—האָט מע דאָס, וועלכס מע ווינשט, גאָר אָן מי, אָן קאָפּדאַרעניש. אַ טאַינעג, כ׳לעבן! אין מאַיסע-ביכלעך האָט ער באַגעגנט זייער פיל וואונדערלעכע זאַכן, וואָס זיינען געשעען אַף דער וועלט דורך צויבער, דורך שיימעס און ווינשפינגערלעך. ער האָט געלייענט, אַשטייגער, ווי איינער איז אַמאָל געפלויגן, רייטנדיק אַף אַ רועך, איבער טאָלן און איבער בערג, איבער וועלדער, איבער פעלדער ביז ער איז געקומען ערגעץ אַף אַ קעמפּע. אַף דער קעמפּע שטייט אַ בריליאַנטענער שלאָס, אַ פּאַלאַץ מיט הונדערטער כאַדאָרים. אַריינקומענדיק אין פּאַלאַץ, זעט ער: גילדענע טישן זיינען געגרייט מיט די טייערסטע קרעדענצן און מע זעט ניט קיין לעבעדיקע מענטשן. נעמט דער באָכער אַרויס זיין ווינשפינגערל און מאַכט: פינגערל, פינגערל! איך וויל עסן, איך וויל טרינקען, דאָס וויל איך, יענץ וויל איך, וויל, וויל און וויל.—קומען עס אַריין באַלד פּרינצעסנס, באַסמאַלקעס, איינע

פון דער אַנדערער שענער, גאָר מעכאַיע, איינגעטונקט אין פּערל, אין דימאַנטן, אין גאָלד, אין זילבער און טוען זיך אַ נעם צום באָכער. עס טוט פּלוצלים אַ זעץ אַ שאַרפע קאַפּעליע, מע פירט דעם באָכער לעבעדיק מיט אַ מאַרש אין אַ מירמלשטיינערנער באָד, וואו ער גלייכט זיך אויס די ביינער. דערנאָך הייבט זיך אָן אַ מאָלצייט מיט גילדענע יויך, מיט דעם טייערסטן ראָזשינקעס-ווייַן. מיינער איז ניט פויל, עסט, טרינקט, טוט זיך וואויל. אַזוי גייט עס ווייטער, ווייטער און ווייטער... דאָס ווינשפינגערל איז אים ווי אַ טשוואָק געזעסן שטייף אין קאָפּ, שטענדיק וועגן דעם אַלץ געטראַכט, און איז אים אין שלאָף אַפילע פונם זינען ניט אַרויס.

דאָס, וואָס אַ ווינשפינגערל איז דאָ, איז דאָך אַ געוויסע זאַך, און ער האָט דרינען הייליק געגלויבט, וואָרום אַזוינס האָט ער דאָך געהערט אויך פון זיין טאַטן. אַ טאַטע ווייסט... סטייטש, פונוואַנען האָט ער דען געהערט יענע אַלע מאַיסעס פון יענער וועלט, פון אַלצדינג, וואָס קאָכט זיך אין גענעם, אין גאַניידן, פון מאַלאָכים, באַלשעמס, מעכאַשפים, שיידים און רוכעס, ווען ניט טאַקע פונם טאַטן? הייַנט ווען ער זאָל ניט געוועזן גלויבן אין „גרונט" אַריין, אין דעם אַני מאַימין, אַז „אַ טאַטע ווייסט", וואָס-זשע וואָלט געוואָרן, כאָלילע, פון זיין ביסל אידישקייט?...

קאָלזמאַן הערשעלע איז נאָך געוועזן אַ אינגל, פלעגט ער אַלץ טראַכטן, אַז ווען ער זאָל נאָר האָבן אַ ווינשפינגערל, וואָלט ער זיך געוואונשן אַ וואַרעמע, פרישע בולקע מיט ראָסלפלייש און אַ פעטן קוגל גאָר אינמיטן דער וואָך, ווייל דענסטמאָל פלעגט ער זייער אָפט ליידן הונגער, ניט פאַר אידן געדאַכט, און קיין בעסערס פון אַזעלכע מאַיכאָלים איז דאָך אַף דער גאַנצער וועלט מער שוין ניטאָ. אויך וואָלט ער געוואונשן, אַז אַלע מעלאַמדים און כאַדאָרים זאָלן, אינאיינעם מיט די סידורים טאַקע, פאַרשוואונדן ווערן מיט דעם רויך, עס זאָל פון זיי טאַקע, ריבוינע שעל אוילעם, קיין זייכער ניט בלייבן. ווייל אָנקוקן האָט ער ניט געקענט דעם כיידער און דעם מעלאַמעד זיינעם, דעם רויצייעך. פון דער מוזיקע וואָלט ער זיך געוואונשן אַ גוטן שויפער-בלאָזער און אַ קאַטערינשטשיק. וואָרום קיין אַנדערע מוזיקע, כוץ אַ שויפער אַ גאַנץ כוידעש עלעל און אַ קאַטערינקע, וואָס איז אַף עטלעכע טעג פאַרוואָרפן געוואָרן אַמאָל אין זיין שטעטל, האָט ער ניט געהערט. — שפעטער, אַז ער איז עלטער געוואָרן און אָנגעהויבן צו פילן אַנדערע מינע באַדערפענישן, האָט ער אויך געהאַט אַנדערע מינע ווינשענישן, דענסטמאָל וואָלט ער זיך געוואונשן אַ באַסמאַלקע, אַ פרינצעסן, אַ שטוב מיט אַ באַלעבאַטישקייט, עטלעכע ציגן מיט אַ צוויי דריי בעהיימעס.

די באַסמאַלקע האָט אונזער הערשעלע זיך דענסטמאָל געמאָלט אין דער געשטאַלט פון ביילען, אַ יאָדערדיק מיידל, א דיקס, קורץ גע-וואַקסן, מיט רויטע פולע באַקן, אַ פּאַריסן נעזל און שווארצלעכע, ברענענדיקע אויגן.

איר טאַטע, בענציען ציוויעס, א גלעזער און דערביי טאַקע שוין אויך אַ שטיקל אַרכיטעקטער, ניט אַזא מאיסטער מיט דער האק, ווי אַ מייוון — האָט געהאַט זיין אייגענע שטוב, די דריטע פון הערשעלעס טאַטנס הויז, און ווי דער שטייגער אין אידישע שטעטלעך, איז א נאָענ-טער שאָכן אַן אייגענער מענטש, געהער צו דער מישפּאָכע, און מאַכט אויס מער ווי אַ לייבלעכער קאָרעוו אין די גרויסע שטעט. קליינשטעטל-דיקע שכיינים וויסן איינער באַם אַנדערן אַ מינדסטע זאַך, וואָס מע רעדט, וואָס מע קאָכט וואַרמעס, איטלעכס פּיצעלע, וואָס טוט זיך אין שטוב. איינער דעם אַנדערן קוקט נאָך, טשאַטעוועט ווי א שפּיאָן. מע קריגט זיך, זידלט זיך און מע בעט זיך איבער, ווידער אַף דאָסניי צו-קריגן זיך. שכיינעס קריכן איינע צו דער אנדערער נאָך א קויל פייער, לייען א האַקמעסער, אַ ריבאייזן, אַ קאשער-שטיין, אַ פּאַרעוון טאָפּ, א ווייקשעפל און אַן איי אַף כאַלע-שמירן, האַלטן זיך אַן אייצע, אַף וויפל אייגלעך אָנצוהייבן די פּיאַטע, ווען אָפּצולאָזן און פאַרשליסן דעם זאָק, פאַרהערן זיך אין איינגעמאַכטס-פּרעגלען פון אגרעסן, אין אויס-פלעכטן דעם פּורים-קוילעטש און אָפּצוויקלען די קישעלעך; טראָגן איינע צו די אַנדערע ווייזן אַף כידושים דעם האָמענטאַש אף פּורים, דעם קניש און דעם פיינקוכן אַף שוואועס; איינע ווינשט דער אנדערער: דערלעבט איבעראַיאָר אין פיל גוטס מיט דעם מאַן און די קינדער! טראַכטנדיק אַ מאָל אין האַרצן: פּוקע זיך, שלימאַזלניצע, נעמען זאָל דיך דער רוועך!.. הערשעלעס מאַמע און ביילעס האָבן געלעבט צווישן זיך ווי נאָענטע שכיינים, און הערשעלע אליין איז קינדוויס שטאַרק כאַוועך געווען מיט ביילען: פלעגן לויפן, שפּילן זיך אין זשמורקעס מיט נאָך כאַוויירים און כאַווערטעס, טאַנצן, שפּרינגען באָרוועסערהייט נאָך א רעגן אין די קאַליוזשעס און זינגען ביידע, האַלטנדיק זיך באַ די הענטלעך, דאָס באַקאַנטע לידל:

„אַ זון מיט אַ רעגן,
די קאַלע איז געלעגן.
וואָס האָט זי געהאַט?
א אינגעלע.
ווי אַזוי האָט עס געהייסן?
מוישעלע.
וואו האָט מען עס געוויגט?

אין אַ וויגעלע.
וואו האָט מען עס באַגראָבן?
אין אַ גריבעלע״.

ביילע פלעגט אַמאָל אין שפּאַס אַנשטאָט מוישעלע זאָגן: „הערשעלע״, און הערשעלע פון זיין זייט האָט אנשטאָט „די קאלע״ געזאָגט אַף קאַ-טאָוועס: „ביילעניו״... ביילע פלעגט קענען דערציילן מאַיסעס פון גאַזלאָנים, מעכשאַפים, מעכאַשייפעטעס און פון אַ דאָוו מיט אַ רעבעצן. הערשעלע פלעגט אויסהערן אירע מאַיסעס, קוקנדיק איר אין מויל אַריין מיט גרויס פאַרגעניגן, און גאָרניט.—ביילע איז פאַר אים געווען דאָס אייגענע, וואָס פייטל, מאָטל און נאָך אנדערע כאַוויירים. נאָר שפּעטער אַביסל, אַז הערשעלע איז שוין אַ גמאָרע-אינגל, הייבט ער פלוצלים, פון דער העלער הויט, אָן פאַר איר זיך צו שעמען, אַליין ניט רעכט צו וויסן פאַר וואָס, פאַר ווען? גאָרניט, גלאַט אַזוי, פאַרשעמט זיך... ער האָט צו גלייכער צייט זיך געשעמט אויך טאַקע שטאַרק כיישעק געהאַט צו איר, כאָטש פונדערווייטנס אָנצוקוקן זי. און ווען ס׳איז אמאָל אויסגעקומען צונויפקומען זיך מיט איר איניינעם, פלעגט ער רויט ווערן און אַראָפּלאָזן די אויגן. זי האָט, אַף אים קוקנדיק, אויך אָנגעהויבן זיך צו שעמען און ביידע האָבן געזוכט איינער דעם אַנדערן ווי מעגלעך אויסצומיידן. נאָר וואָס מער ער האָט זי אויסגעמיטן, האָט אים אַלץ מער דאָס האַרץ זיינס צו איר געצויגן. איר קאָל האָט אים ליבלעך געקלונגען אין די אויערן. אירס אַ וואָרט פונדערווייטנס איז אים זיך צעגאַנגען אין אלע איווורים. קיין בעסערע, קיין שענערע פון איר, האָט זיך אים געדאַכט, איז אַף דער גאַנצער וועלט ניטאָ, ער האָט שוין געוואוסט דענסטמאָל פונם לערנען, אַז קוקן אַף אַ אישע און טראַכטן פון איר איז אַ גרויסע אווירע. נאָר וויל ער האָט עס געוואוסט, דעריבער טאַקע האָט זיך אים ערשט געגלוסט; וויל ער האָט געלערנט, אַז דאָס איז אַן אווירע, דעריבער טאַקע האָט עס אים, ווי אַף צעלאָכעס, שטאַרק געצויגן דאַפקע אַף ביילען צו קוקן, און וויל דאָס איז געווען אַ געכאַפּטער קוק ביגנייווע, נישט גאַנץ פריי, ווי פריער, דעריבער האָט ער טאַקע עפּעס געטראַכט... געטראַכט און זיך געשעמט.—אַז הערשעלע האָט, רייבנדיק זיך צווישן קאַבצאַנסקער לייט, איבערגענומען בא זיי דעם שטייגער פון ווינשן איניינעם מיט דער מאַיסע פונם ווינשפינגערל, האָט ער זיך געוואונשן אַ באַסמאַלקע, דאָס הייסט — ביילען.

דאָס ווינשעניש אין קאַבצאַנסק איז געווען איינע פון די גאַנץ געווינטלעכע באַשעפטיקונגען, צו אונטערהאַלטן זיך און פאַרברייבגען דערמיט אַביסל די צייט — אַ באַשעפטיקונג, וואָס איז געקומען פונם

שטענדיקן ליידן מאַנגל אין די נייטיקסטע באַדערפעניש און פונם ליי-
דיק זיצן אָן פּאַרנאָסע. אַזוי ליגט שוין בעטעווע פונם מענטשן: „דאָס,
וואָס גייט אָפּ, גייט נישט אַרויס פונם זין, מע באַגיטיקט זיך כאָטש
מיט דעם טראַכטן דערין״... „האָפענונג און ווינשעניש איז דער נויטס
מעלאָכע, דאָס מעשוגע זיין איז פאַר וואוילטאָג און האַצלאָכע״. אַזעל-
כע גרויסע בעריעס אין דעם ווינשן, ווי קאַבצאַנסקער אידן, זיינען
נישטאָ אַף דער גאַנצער וועלט: פרייע, ליידיקע צייט האָבן זיי געגוג,
אין צאָרעס זיינען זיי, באָרכעשעם, אויך נישט זשעדנע, היינט וואָס-
זשע איז דאָ פאַר אַזאַ וואונדער, אַז אין דעם איניען ווינשעניש האָבן
זיי דערגרייכט אַזאַ הויכע מאַדרייגע מער פון אַלע לייט אַף דער ערד!
וואָס נאָר עפּעס אַ שמועס, איז בא די קאַבצאַנסקער באַלד אַ ווינשע-
ניש. לאָמיר אָנכאַפּן, לעמאָשל, דאָס, אַשטייגער: שמועסנדיק פון יאַם
אוקיאָנוס, קען זיך איינער פאַרגינען צו ווינשן: אַזויפיל געלט זאָל
איך האָבן, וויפל זאַמד אַפן ברעג זיינעם אַרום און אַרום! — עט, מאַכט
דער צווייטער, דער גאַנצער יאַם זאָל זיין טינט, און איך זאָל האָבן
אַזויפיל, וויפל מע וואָלט מיט דעם טינט געקענט אָפּכאַסמענען טראַ-
טעס, איטלעכע אַף טויזנט קערבלעך!.. — און איך, ווינשט דער דריטער,
אופהייבנדיק מיט אַ זיפצעלע די אויגן צום הימל: ביידע זאָלט איר
שטאַרבן, ריבוינע שעל אוילעם, און איך אַליין זאָל אייך יאַרשענען... גוט
צובריינגען פלעגט מען געוויינלעך די זומערדיקע ליכטיקע אָוונטן. עס
וועט גאַנץ גענוג זיין אויסצומאָלן דאָ אַ קאַרטינקע פון איין אָוונט
אזעלכן:

אין די הייזער ברענט נישט קיין ליכט. טיר און טויער זיינען אָפן.
מע עסט וועטשערע פאַר דער לעוואָנע. נאָך דער וועטשערע שיטן זיך,
ווי די מורעשקעס, אַרויס פון די הייזער: מאַנסבילן אָן קאַפּאָטעס, אין
די איינע טאַלעסקאָטנס, ווייבער צעשפּילעט, נאָר אין די אונטערשטע
קליידלעך, קינדער אויסגעטון האַלב נאַקעט. שכיינים אַ גאַנצע קופּע
לייגן זיך אויס אין דרויסן, יונג און אַלט, קינד און קייט, אַלע איניי-
נעם. גילדענע פּאַסן פון דער לעוואָנע שלאָגן זיך דורך ערגעץ צווישן
דעכלעך, ציען זיך איבער קעפּ, איבער פיס אין דער קופּע מענטשן,
קריכן ווייטער, ווייטער, טאַנצנדיק אַף ווענט, אַף פלייטן און ווייזן אָן
דאָ אַ קאַץ, וואָס דראַפּעט זיך, נישטערט אַף אַ דאַך, דאָרט קי אויסגע-
שטרעקט אַף דער גאַס, מאַלעגיירן, אונטערשמייסנדיק זיך פּאַמעלעך
מיט די ווידלען, און קייכן, זיפצן מיט אַ כריפּ, עפּעס ווי פונם בויך.—
די ערשטע עטלעכע מינוט איז איטלעכער באַשעפטיקט מיט זיך: מע
גענעצט, שלוקערצט, מע טרייבט פליי און מע קראַצט זיך. ווייבער
הייבן דערווייל אָן דעם שמועס וועגן דער היינטיקער וועטשערע, איט-

לעכע מיט אירס: באַ דער זיינען די שטשיפקעס באַטאַמט געווען אַזוי, דער מאַלכעס האָט עס געמעגט עסן; באַ יענער איז דער אַרבעס צעקאָכט געווען ווייך, ווי מאַרך, אַז מע האָט געלעקט די פינגער. איינע דערציילט דאָס גרויסע גליק, וואָס זי האָט געטראָפן: פאַר אַ גראָשן האָט זי געהאַנדלט אין מאַרק אַ מעציע — אַ רעטעך, גרויס ווי דער קאָפ, פון וועלכן מע האָט גענוג געגעסן אינדערפרי, אויך אַצינד אַפדערנאַכט און ס'איז נאָך איבערגעבליבן אַ היפשע שטיק אַף מאָרגן, מע זאָל לעבן און געזונט זיין! אַלע רעדן הויך אַף אַלערליי דינע, קוויטשעדיקע קוילעס. די מאַנען ברומען לעסאַטע אונטער, מישן זיך אַריין נאָר, ווי פון יויצע וועגן, גלאַט אַזוי מיט אַ וואָרט. זיי לייגן זיך דערנאָך מיט דעם בויך אַרוף און, פאַרקוקנדיק זיך אַפן אויסגעשטערנטן בלויען הימל, נעמט מען זיך געשמאַק שמועסן, וואָס טוט זיך אַזוינס דאָרט אויבן. די לעוואָנע ווייזט זיך אַפן אָרט, וואו דער אוילעם ליגט; מע קוקט אין איר אָן די ליכטיקע צורע פון יעהוישוע און איטלעכער מאַכט: אוי, אַ נאָז מיט אויגן!.. איציק און בערל, וואָס האַלטן זיך פאַר שטיקלעך שטערנזעער, כאַקראָנים, טייטן מיט פינגער אַף דעם „אַלפבייס” פון די שטערן און האַמפערן זיך וועגן דעם „ת” און „ח”. דער איבעריקער אוילעם טוט צוליב זיי ביידע. איטלעכן פון די צוויי כאַקראָנים, וואָס טייטלט אים מיט אַ פינגער, גיט מען גערעכט, שווערנדיק זיך: יאָ, עמעס טאַקע. איך זע, זע, ווי איך בין אַ איד!

— אַי, אַי! — צעשרייט זיך שטאַרק פארוואונדערט א איד, — עפעס אַזויפיל שטערן דאָרט, דאָרט אין די געפלעקטע, ווייסלעכע פאַסן, אָנגעזעצט ווי מאָן! אַזויפיל רענדלעך ווינש איך מיר צו האָבן...

— גייט שוין, גייט — מאַכט דער אַנדערער, — איך לאָז פאר וועלווער, פאר איטלעכס שטערנדל אַ קאָפיקע.

עס געפינען זיך באַלאָנים אַף נאָך וועלוועלער: צוויי, פינף, צען פאר א גראָשן, און בעשאַס אידן טאָרגעווען זיך דאָ אַזוי, רעכענען, ציילן, לאָזן אַראָפ די מעקאָכים און וואַרפן דעם קורס פון די שטערן, זיצט דאָרט אין דער זייט איינער עפעס א לעץ, דאַרשנט און זאָגט גלייכע ווערטלעך. די ווייבער אַרום אים שרייען קלאָמפערשט: פע, גענוג! פאַרשטעקנדיק זיך די אויערן, הערן זיך אָבער גוט צו און קייכן פאַר געלעכטער... קינדער זיצן אויך נישט ליידיק, קיצלען זיך, דערלאַנגען איינער דעם אַנדערן אַ קלאפ, אַ שנאָל אין דער נאָז הינטן אַרום. דער פון דער נאָז טוט אַ קוויטש, יענער פונם שנאָל מאכט זיך צום טאַם, נעבעך, גאָר אַ צאַדיק אין פעלץ און בייזערט זיך קלאָמפערשט: שאַ, שאַ! מאַמעס שעלטן די קינדער, באַנומען זאָלן זיי האַלעוויי ווערן,

און, אַגעוו, טאַקע זיי מעכאַבעד מיט א קניפּ. די טאַטעס וואַרפן אַוועק די טאָרגעס און פאַלן פלוצלים פונם הימל אַראָפּ אַף דער ערד. דעם האָט אַ זשוק זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין באָרד, יענעם אין די פּייעס, דעם דריטן קריכט עפּעס אונטערן העמד דאָרט אַפן רוקן. אַ רויטע קו אַ פּרעסערן, פון וועלכער עס האָט זיך אָפּגעטון דער שלאָף, פּאַר־קריכט, באַם שטשיפּען גראָז, אין דער זייט גאַס ביז צו דער גאַנצער איידע אידן, דרייט זיך צו זיי אויס מיט דעם הינטן, מעכילע, און פירט זיך עפּעס אוף — פּע, נישט מיט דערעכערעץ. אַלע זידלען זי מיעס אָפּ, טרייבן זי און שרייען: האַידאַ! אין איין קאָל. זי דרייט זיך געשווינד אויס פון אידישע הענט און לויפט אַהין אין איר רו אַריין. דערפון שפּינט זיך עפּעס א לאַנגער שמועס: וועמענס קו איז דאָס? וויפל מילך גיט די קו? וויפל איז די קו ווערט? „שאַ, וויפל, מיינט איר, אידן!",

טוט פלוצלים איינער א פרעג: „זאָל ווערט זיין די גאַנצע קאַבצאַנ־סקער טשערעדע, שוין מיט ציגן אינאיינעם?" איינער שאַצט עס אַזויפיל, דער דריטער ווינשט זיך דאָס צו האָבן, וויפל ס'איז ווערט מער. איט־לעכן באַזונדער כאַפּט אָן אַ ווינשעניש און מע ווינשט, ביז די צונג ווערט מיד ריידנדיק און מע הערט פונדערווייטנס, ווי איינער כראָפּעט שוין אָן איינאָרע געשמאַק. די מאַנען טרייבן די ווייבער: קומט שלאָפן! די ווייבער מיט זייער כיין קוויינקלען זיך קלאָמפּערשט: עס גלוסט זיך זיי גאָר ניט גיין אין בעט אַריין און וואָלטן די גאַנצע נאכט גערן דאָ, אין דרויסן, געשלאָפן; אַ יונג פּאָר פּאָלק גייט אַוועק באַלד טאַקע, די אי־בעריקע מאַכן שיעס, דינגען זיך, ביז פון ערגעץ אַ ווינקעלע שפּרינגט אַרויס פלוצלים אַ ציג, וועלכע אַ פּאָר ווייסע כעווערעניקעס האָבן אי־בערגעשראָקן, אונטערגאַנוועענדיק זיך שטילערהייט צו איר אַף דער פּריזבע דאָרט; זיי נאָך איר, און זי אין גרויס איילעניש, יאָגעניש, פּוק אַריין צווישן דער קופּע אידן. עס ווערט אַ מעהומע, אַ קאָכעניש, מע גיט זיך אַ הייב אוף גיך, און באַטלענדיק כאַלוימעס, צעלויפט מען זיך געשווינד, איינער נאָך דעם אַנדערן נישט צו זאָגן אַפילע א גוטע נאכט! —

---

# דאס ערשטע קאַפּיטל.

אַז די הייליקע טוירע זאָגט: יששכר חמור, איסאָכאָר איז אַן אייזל, גרם, אַ ברייטביייניקער, רובץ, וואָס הויערט, בין המשפתים, צווישן די געמאַרקן, וועט נאָכדעם, דאַכט זיך, קיינעם שוין ניט פריקרע זיין דאָס פאַרגלייכעניש פון אַ אידיש באַר-מיצווע-אינגל צו אַ לאָשעקל באַם נעמען עס צו דער אַרבעט. — עס לויפט זיך אַ קליין לאָשעקל הינטער דעם וואָגן, וועלכן די וויסטע מאמע זיינע, די שקאַפּע, שלעפּט, נעבעך, איינרייסנדיק זיך דאָס געזונט און כאַפּנדיק הינטערווייַלעכס אַ שמיצל, גאָרנישט, עס זאָל אים דאָס אָנהייבן צו אַרן. עס לויפט זיך פריי, יאָגט הענדום-פּענדום, דריגעט מיט די פיסלעך, טאַנצט, שפּרינגט האָץ-האָץ-האָץ, לעבעדיק-פריילעך, פאררייסנדיק דעם ווידל, און האָט האַנאָע פון לעבן. פלוצלים טוט מען אים אָן אַ ציימל, מע שפּאַנט עס צו מיט אַ שטריקל צו דער פאַרוואָגלטער מאַמען, גיי, באָכער, גיט מען אים שטאַרק אָנצוהערעניש מיט דער בייטש, גיי, באָכער, אפן דראָנזשיק! דאָס האַרץ רייסט קוקנדיק, ווי יונגערהייט איז עס, נעבעך, דערשלאָגן, ווי יונגערהייט גייט עס באטריבט, פאַרומערט אין דעם שווערן יאָך. אין דער ערד איז, נעבעך, זיין קאָפּ, אַז אָך און ווי צו זיינע יונגע יאָרן!

אונזער הערשעלע ווערט באר-מיצווע — אַ לאָשעקל שוין מיט אַ ציימל! זיין קעפּל און זיין דאַר, קינדערש הענטל, נעבעך, זיינען געבונדן, געוויקלט שטייף מיט רימענס, רעצועס. דאָס ערשטע מאָל מאַכט ער דעם „לשם יחוד“ [1]) מיט לייב און לעבן און אלע זיינע קרעפטן צו זיין פון היינט אָן מעשועבד [2]), איינגעשפּאַנט אין דער אוואוידאַס האַבוירע [3])...

„וארשתיך לי לעולם“, און איך האָב דיך פארקנאַסט צו מיר אף אייביק! זאָגט הערשעלע, ארומדרייענדיק די רעצוע אפן פינגער, אַ צווייטן מאָל אַ דריי און ווייטער „וארשתיך“! אַ דריטן דריי און ווידער

1) „לעשעם איכוד“ — אַ טפילע פאַרן טפילן-לייגן. 2) אונטערגעיאָכט. 3) איינגעשפּאַנט אין יאָך פון גאָט-דינען. (רעד.)

„וארשתיך לי באמונה״, איך האָב דיר פאַרקנאַסט צו מיר מיט דעם גלויבן, „וידעת את ה׳״, און דו זאָלסט וויסן, וואָס פאר אַ גאָט מיר האָבן !... [1]

— געגוג, הערשעלע, זיין אַ אינגל !—דערמאָנען אים אויך די עלטערן מיט אַ מוסער. — אויס פריי ! שוין צייט צו זאָרגן, צייט אין זינען צו האָבן עפעס טאכלעס-זאַכן... קום, לאָשעקל, אפן דראָנזשיק, קום שלעפן דעם יאָך, קריע רייסן אף דעם שטיקל ברויט, פארשוואַרצט ווערן מיט אונז איניינעם !

צוויי מאָל מאַזלטאָוו דיר, קאַבצאַנסקער אָרעם באַר-מיצווע-באָכערל !— מאַזלטאָוו דיר מיט דעם „עול עבודה״, מיט דעם יאָך פון „אוואוידאַס האַבוירע״ ! און מאַזלטאָוו דיר אויך מיט דעם „עול דרך ארץ״, מיט דעם יאָך פון דער ביטערער פאַרנאָסע אין דעם וויסטן לעבן ! געזעגן זיך אָפּ מיט דיינע יונגע יאָרן — דו ביסט געבונדן ! האָב מוירע פריי דעם קאָפּ אופצוהייבן — ס׳איז אן אווירע, מע טאָר נישט !... זאָרג, זיפץ, קרעכץ און לאָז דיר דאַרן, טריקענען דעם מויעך...

און אזוי ווי הערשעלע האָט געהאַט אַ שיין קוויטשיק קעלכן, האָט דער טאַטע דרינען געזוכט דעם טאַכלעס, געוואָלט דערפון מאַכן אַ פאַר-נאָסע — דאָס זונדל זאָל אים אונטערהאַלטן יאָמים נויראָים דאָרט אין דעם גלופסקער קלייזל, וואו ער איז שוין היפשע עטלעכע יאָר קעסיי-דער געווען אַ באַל-טפילע. באר-מיצווע איז הערשעלע געוואָרן נאָך שאַבעס-נאַכמו, פונקט טאָקע אין דער צייט, ווען באלע-טפילעס הייבן אָן זיך צו גרייטן צום דאַוונען, ווען זיי שטעלן די „קיילע״, פרואוון דעם האַלז, פארהערן זיך אין שטייגער; ווען עס לאָזט זיך אין די אָוונטן הערן, ווייט אף דער גאַס, שטיקלעך פון דער ראָשעשאָנעדיקער „שמענעסרע״ אף וויינענדיקע, טרויעריקע ניגונים.

נישט דער סאָלאָווייטשיק, דער זיסער וואַלד-זינגער פאר אַ וועלט מענטשן, נישט ער איז דער מעשוירער פאר אידישע קינדער; נישט פאַר זיי שפילט ער זיינע שיינע לידער וועסנע-צייט אין „ספירע״, אופוועקנ-דיק דערמיט אין לייטישע הערצער געשמאַקע געפילן פון ליבשאַפט — ניין. דעם אידנס סאָלאָוויטשיק איז דער באַל-טפילע, געפילן פון ליב-שאַפט וועקט ער אין אים אוף מיט דעם וואונדער-שיינעם „אתה זוכר״[2] און זיסע ליבלעכע ווערטער פון די הייליקע נעוויאים. דעם אידנס ליב-שאַפט איז געטלעך ריין, האָט נישט, ווי גאָט, קיין בילד, קיין געשטאַלט, ער ברענט, ער איז פאַרקאָכט, ציט זיך פאר גרויס כיישעק מיט אַלע זיינע געדאנקען אַהין, אַהין — צו דער הייליקער שכינע דאָרט אין הימל...

---

[1] אינם אויסטייטשן די ווערטער „ויזעת את ה״ באקומט זיך אַ קאלאמבור, וואָרום דער אייגנטלעכער טייטש פון אָט די ווערטער איז: „און דו זאָלסט וויסן גאט״, דו זאָלסט אים, הייסט עס, דערקענען. [2] „אַתאָ זויכער״ — א טפילע, וואָס מע זאָגט יאָמים נויראָים. (רעד.)

„כה אמר ה׳!, אַזוי זאָגט גאָט, שרייט אויס הויך אַף א קאָל דער באַל־טפילע: „זכרתי לך חסד נעוריך״, אוי, געדיינק איך דיר, „כנסת ישראל״ [1], דאָס גוטסקייט דיינס אין דער יוגנט, אַהבת כלולותיך, די ליבשאַפט דיינע קאַלעווייס, לכתך אחרי במדבר, דיין שפּאצירן-גיין מיט מיר אין דער מידבער, בארץ לא זרועה, ערגעץ אין א העק עפּעס דאָרט.— עס גיט דעם אידן א ברי, א צופּ באם האַרצן, ער צאַפּלט, פלאטערט, שטרעקט אויס די הענט מיט א הייס געבעט טיף פון דער נעשאָמע: אַי-אי-גאָטעניו, ליבער, זיסער ריבוינע שעל אוילעם!—

און איידער נאָך ער קומט צו זיך, צעיאַכמערט זיך דער באַל-טפילע, צעגיסט זיך און לאָזט ארויס אין זיסן דירנדיקן שטייגער: „הבן יקיר לי אפרים״, א טייער זונדל איז מיר עפראים-לעב, אם ילד שעשועים, אַ קינד — אַ טרייסט, כי מדי דברי בו, ווען איך רייד פון אים, זכור אזכרנו עוד, קומט ער מיר אפן זינען אַלץ מער. על כן המו מעי לו, דאָס האַרץ גייט מיר אויס נאָך אים, רחם ארחמנו נאם ה׳, א גאָטס ראַכמאָנעס, נעבעך, אף אים״.—מיין אידעלע שטעלן זיך אין די אייגעלעך טרערן, מאַכט פּיסקעלעך ווי אַ קינד, עס וויינט אין אים דאָס הערצעלע און פּיסטעט זיך: אוי, טאטעניו! היילי‌ק, ליבהארציק געטריי פּאָטערל!...

דעריבער פאַרזאמלען זיך, ווי די בינען, אז דערשמעקן ערגעץ האָניק, רעדלעך אידן הינטער די פענצטער פון לייזער-יאַנקלס שטוב, וואו ער אַרבעט געשמאַק אין „ונתנה תוקף״ [2] און נאָך אַזעלכע גוטע שטיקלעך. לייזער-יאַנקל זעצט ווערטער, צעגיסט זיך אפן העלזעלע אין שטייגער, איבערגייענדיק פון דער געמבע אין אַ בייקאָל, און הערשעלע ענטפערט אים אָפּ אַף א קוויטש. ביידע האָרעווען, גייען אָפּ מיט שוויס, קוילעס אַלערליי פליען — דאָס פון איטלעכן באזונדער, איינער נאָכן אנדערן קעסיידער, און דאָס אויסגעמישט אינייינעם, דרייעלעך מיט א צוק אהער און אהין, דער אַ קוועטש אראָפּ, ברומענדיק מיט אַ פרעג אַף דער גראָבער סטרונע, יענער א הייב פונונטן אַרוף, אויסקוויטשנדיק אן ענטפער אַפן גליינקיל. די העלזלעך אַרבעטן בים-באַם-בים — און אידן הינטער די פענצטער זיינען זיך מעכאַיע הערנדיק.

אַזוי קנאקט דער קאבצאנסקער סאָלאָווייטשיק, שפּילט זיינע טרויערדיקע-זיסע ניגונים אין די אָוונטן ביז א פּאָר טעג פאר סליכעס, וואָס דענסטמאָל ווערט ער אַנשוויגן און קלייבט זיך אין וועג אַריין אין איין צייט מיט די שוועלבעלעך און אלע אנדערע זומער-פייגעלעך. זיי אהין, ערגעץ אין די ווייטע, וואַרעמע לענדער, און ער מיט הערשעלען קיין גלופּסק, דאָרט אין קלייזל...

1) „קנעסעס איסראָעל״ — דאָס אידישע פאָלק. 2) „אונסאַנע טויקעף״ — אַ טפילע, וואָס מע זאָגט יאָמים נויראָים. (רעד.)

שאַ, שטיל איז סליכעס-צייט אין דעם וואַלד, ווי אין קאַבצאנסק שאבעס, ווען דער אוילעם שלאָפט נאָך מיטאָג, און דאָס שטילקייט דאָרט וואַרפט אַ מאָרע-שכוירע. די ביימער שטייען פאַרטראַכט, פאַרזאָרגט, גאָרניט דאָס פּאָנים, דאָס געשטאַלט וואָס פריער. זייער שאָקלען מיט די צווייגן — דאָס איז אַ ברעכן מיט די הענט, זייער זשומען — דאָס איז אַ ביטערער יאָמער, אַ זיפצן, אַ קרעכצן פון אַ געטרייער מוטער, וואָס בלייבט איבער אַליין, נאָכדעם ווי אירע קינדער צעפאָרן זיך אין אַלע זייטן. דאָרט וואו עס האָט ערשט געלעבט, זיך געראַשט, געזונגען, געשפּרונגען אין איטלעכס ווינקעלע, איז אַצינד שטיל-רואיק ווי אַף אַ בייסוילעם, אַלצדינג דאָרט דערמאָנט אין דעם צעשיידן זיך מיט די ליבע, טיף אין האַרצן איינגעבאַקענע. ניטאָ דאָס פריערדיקע לעבעדיקייט, דאָס פרישקייט און אופגערוימטקייט, אַלצדינג שטייט עפּעס ווי באַרויגעז, זייער אומעטיק. דער הימל קוקט אויך ניט פריינדלעך און איז עפּעס שטאַרק אָנגעבלאָזן. וויסט איז די נעסט — די פייגעלעך זיינען זיך צעפלויגן... פאַרזאָרגט, פאַרטראַכט שטייט דער וואַלד, גלייך ווי ער פילט, אַז דאָס אופהייבן זיך און אַוועקפליען פון זיינע שפּיל-פייגעלעך באַווייזט ניט אַף קיין גוטס. ער מעג זיך דיכטן, אַז באַלד-באַלד וועט זיך אָנרוקן אַף אים אַ כמאַרע — דער ווינטער מיט זיינע ביטערע קעלטן. און ער איז אַצינד דעריבער פאַרומערט, שטאַרק באַטריבט.

שאַ, שטיל, ווי סליכעס-צייט אין דעם וואַלד, איז אַצינד אויך אין קאבצאנסק. מיט לייזער-יאנקלס רירן זיך האָט זיך אויך גערירט עפּשער אַ האלב שטעטל. ס'איז אוועק קיין גלופּסק, ווי געוויינטלעך, אַ טראַנספּאָרט מיט אַלע סאָרטן לעבעדיקער סכוירע, זוכן אין גלופּסק דאָס שטיקל פּאַרנאָסע.

קאבצאנסק האָט געשפּירט די ביטערע צייט, עס גייט אַף דעם אוילעם דער ווינטער מיט אַלע זיינע באַדערפעניש: הייצונג, אַ שוך, אַ קלייד, און טאַקע עפּעס עסן אויך. ניטאָ דער זומער, ווען מע קומט איבער עט-אַזוי מיט גרינוואַרג און פּאַטערט אָפּ דאָס לעבן ווי עס איז מיט שיץ-פּיץ, מיט אַ רעטעכל, אַ גרין אוגערקעלע, מיט אַ קנאָבל, אַ ציבעלע, אַבי פאַרשטאָפּן דעם מאָגן, אויסשטיין אים דעם בילבל וועגן דער אַכילע... און דער גוטער אַלמעכטיקער גאָט, וואָס דערנערט אַלע זיינע באַשעפענישן, פונם גרויסן וויזל-טיר ביז צום קליין ווערעמל אין איי, ער מוט עס באַצייטנס אָן די זומער-פייגעלעך: פליט זוכן אייער שפּייז אהין, אין די וואַרעמע לענדער — און איר קאבצאנסקער אידן: שלעפּט זיך, אָרעמינקע אידעלעך, זוכן אייער פּאַרנאסע אין דער פרעמד דאָרט, אין גלופּסק!

---

# דאס צווייטע קאַפּיטל.

מע באדארף וויסן, וואָס הייסט אזוינס באַ אַ אינגל פאָרן, ביכדיי צו פארשטיין הערשעלעס האַרץ באם קלייבן זיך אין וועג אריין. גליקלעכער פון אים איז אף דער גאַנצער וועלט ניט געווען אין דעם טאָג, ווען ער האָט זיך צוגעגרייט פאָרן דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן אין אַ פרעמדער שטאָט אינייִנעם מיט די עלטערן. לייזער-יאַנקעליכע האָט זיך אויך נאָכגעשלעפּט. געהייסן האָט עס, זי פאָרט אף קייווער-אָוועס, נאָר בעעמעס האָט עס געשמעקט מיט אַ געשעפּטל אויך, מיט אָנקוקן, דאַכט-זיך, עפּעס אַ כאָסן פאר ציפּע-סאָסיען אָדער פאר עמעצן אַנדערש—דאָס איז שוין איר זאַך, קיינעמס אייסעק ניט. און ביכדיי אויסצושלאָגן די הויצאָעס, האָט זי מיטגעפירט אַביסל סכוירע, אָפּצוזעצן עס אין גלייכן געלט דאָרט, אין גלופּסק. אונזער הערשעלען האָט זיך געדאַכט, אַז גלופּסק איז ערגעץ אין עק וועלט, עפּעס נעבן די האָריי-כוישעך, וואו דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ, און דער טאָג פאָרן אהינצו וועט זיך ציען לאַנג, זיך גאָרניט אויסלאָזן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַ נאַכט פריער האָט הערשעלע קיין אויג ניט געקענט צומאַכן, זיך געוואָרפן אף זיין געלעגער פון איין זייט אַף דער אנדערער, טראכטנדיק אלץ פונם גרויסן גליק, וואָס אים שטייט פיר. עס האָט אים זיך געדאַכט, ווי גאנץ גלופּסק שטייט אצינד און קוקט ארויס אף זיין טאַטן, אלע אין איין קאָל: וואו איז ער, ר׳ לייזער-יאַנקל? ווען קומט ער, ר׳ לייזער-יאַנקל? אַ מאיסע, אַ מאיסע! נאָך איז ניטאָ ר׳ לייזער-יאַנקל! און פלוצלים ווערט אַ גרויסע פרייד, אַ געדולע—ר׳ לייזער-יאַנקל פאָרט! ר׳ לייזער-יאַנקל איז שוין געקומען! ער איז ניט אליין, ער האָט מיטגעבראכט אויך זיין באָכערל, אַ „כלי שלמה״[1]! עס איז א צונויפלויפעניש, אַן ערד-טרעטעניש, מע שלאָגט זיך איבער דעם טאַטן מיט דעם קינד, איטלעכער רייסט זיי צו זיך אַף אַכסאַניע, אף וואַרמעס, אף אַ קערמישל. מע טייט אף זיי פונדערווייטן מיט די פינגער: אָט זיינען זיי, אָט גייען זיי, ר׳ לייזער-יאַנקל מיט זיין באָכערל! זיי שטעלן אויס אַ שטיקל דאַווענען, אַ „נעריצך״,

1) „קיילע שליימע״ — א טייערע קיילע, זייער א געראָטענער. (רעד.)

זינגען אַ מאַרש, אַ וואָלעכל, אַ פאַרבייסן מיט קליוואנער בעטלער — און דער אוילעם ווערט מעשוגע, שפּרינגט אויס דער הויט הערנדיק אַזוינס.

קאַם וואָס הערשעלע האָט דערלעבט טאָג, איז ער געשווינד אופגעשטאַנען, אָפּגעגאָסן נעגל-וואַסער, געכאַפּט דאָס טפילן-זעקעלע, דורך וועלכן דאָס מאַזל זיינס איז אים אַזוי דערהויכט געוואָרן, און געלאָפן אין בעסמעדרעש אינדערגיך אָפּדאַוונען. אויסערדעם, האָט ער טאַקע נאָך געהאַט עטלעכע נייטיקע געשעפטלעך, וועלכע ער האָט באַדאַרפט פאַרן אוועקפאָרן מיט זיינע כאַוויירים דאָרט אָפּאַרבעטן. די כאַוויירים זיינען אויך באַצייטנס געקומען אין בעסמעדרעש אַריין, ווייל דער כוידעש עלעל, ווי איטלעכן איז באַקאַנט, איז איבערהויפּט אַ צייט, ווען פאַר אינגלעך שטעלט זיך דער גרויסער יאַריד. און אַפּי געזונט, מיט אַרבעט האָט מען ניט צו זאָרגן, געשעפטן זיינען, באָרכעשעם, דאָ איבערן קאָפּ: מע באַדאַרף דערטאַפּן מיט קונצן דעם שויפער און זיך פּרואוון בלאָזן הינטערווייל־עכס, דאָרט אין דער ווייבערשער שול; דערביי מוז מען פירן די גאַנצע „תכסיסי מלחמה"[1] מיט דעם שאַמעש, וואָס ער איז דענסטמאָל דערצאָרנט און בייז ווי צען רוכעס. אויך באַדאַרף מען זיין אַפּן הייליקן אָרט, אפן פעלד, ס'איז דאָך דאָרטן עפּעס דאָ אַ בוים מיט קאָלנידרע-באַרלעך. היינט איז דאָך אף דער וועלט עפּעס אויך דאָ אַ וועלדל מיט ניס-ביימער, ערשט צייטיק געוואָרענע, מע מוז גיין רייסן, אָנשטאָפּן פולע פּלודערן. געלויבט איז גאָט, וואָס אונטער אזא צייט מיט אַזויפיל וויכטיקע געשעפטן איז מען נאָך כאָטש פריי, פּאָטער פון לערנען — די מעלאַמדים לויפן דענסטמאָל, גייען צו קינד, קוואָקען אף א קנעלונג און „בוצקען" זיך און בייסן זיך פאַר די נעז, נעבעך. הערשעלע האָט געקוקט שטאָלץ אַף זיינע כאַוויירים אַרום אים אין פּאָליש פונם בעסמעדרעש, טראַכטנדיק באַ זיך: אויך מיר מענטשן, משטיינס-געזאָגט, זיי בלייבן דאָ, און איך — איך פאָר! מע זאָל אים דענסטמאָל געוועזן זאָגן, אַשטייגער: הערשעלע! דער פּאָרעץ שיינקט דיר דאָס גאַנצע שטעטל קאַבצאַנסק מיט זיין שלאָס, אַבי בלייב דאָ, פאָר ניט, וואָלט ער געשפּיגן קלעק און ניט געוואָלט אַפילע הערן. — ער געזעגנט זיך מיט כעוורע און לאָזט זיך גיין לעבעדיק, פריילעך.

אַ טאָג איז דענסטמאָל געוועזן זייער אַ שיינער, ווי עס גיט זיך אויס אַמאָל אין עלעל, איינער פון די געשיינקטע טעג. נאָך גאַנצפרי האָט פון איר געצעלט דאָרט באַם עק הימל אַרויסגעשיינט די זון מיט איר ליכטיק פּאָנים און, צעטרייבנדיק ביסלעכווייס דעם פריש-קילבלעכן טומאַן, זיך געשפּיגלט אין טוי-טראָפּנס, וואָס האָבן געפינקלט, געשפּילט אין אַלערליי קאָלירן, ווי די בריליאַנטן. די שאָטנס רוקן זיך מיט דע-

---

1) „טאַכסיסיי מילכאָמע" — סטראַטעגיע, מילכאָמע-אויפאַנים. (רעד.)

רעכערעך טריט-באַ-טריט אַלץ צוריק, און וואָס ווייטער, ווייטער ווערט העלער און העלער. פרייליך סווישטשען די וואָראָבייטשיקעס, אונטער-שפרינגענדיק מיט די דינע פיסלעך אַף די דעכער, אַף די פּלייטן, דאָס — צונויפלויפן זיי זיך פּעקלעכוויים איניינעם, עפּעס האַמפּערט מען זיך איבער אַ קערנדל, עפּעס שמועסט דאָ קאָהאָל איבער וועגן זייערס אַ וויכטיקע זאַך און דאָס — צעלויפן זיי זיך אין באזונדערע פּאָרלעך, טאַנצנדיק איטלעכער אַקעגן זיין באשערטער, וויטען זיך, האַלזן זיך, ליובען זיך, צאַפּלען, פלאַטערן מיט די פליגעלעך — און פּיק, פּיק אין קעפּל... מעקענדיק לויפן ראַפּטאַם ציגן פון אַלע געסלעך אַהין, וואו עס פאַרקלייבט זיך די טשערעדע, פונדאַרט גייט זי אַפן גאַנצן טאָג אַוועק אין פעלד אריין. די פאַרשייטע ציגן, די שקאַצים, שפרינגען ראַשנדיק פאַריסן די ווידעלעך העט פאָרויס, די קי רירן זיך פאַמעלעך מיט סטאַ-טיק, ניט געאיילט, צונייגנדיק מיט די קעפּלעך, ווי פיינע באַלעבאָסטעס, רואיק, שטיל, נאָר עטלעכע פאַרדרייען אַהינטן די קעפ און לאָזן אַרויס ווי פון אַ צעשפּאָלטענעם שויפער אַ הייזעריקן, אַ קיהיש-נאַרישן „מע" גלאַט אַזוי זיך, אַ גרוס גאָר פריינטלעך דעם גאנצן שטעטל אידן, אָדער „אַ זיי געזונט" די פארבליבענע קעלבלעך. שאָקלענדיק זיך פון איין זייט אַף דער אַנדערער, פירט דער גאָנער זיין גאַנץ געזינדל יונגע גענזלעך, וואָס ערשט אַריין אין די פעדערן, בלאָזט פון זיך אַ שרעק, גאָגאָ-טשעט, שטרעקט דעם האַלז, פאַרוואָרפנדיק מיטן קעפּל, און לאָזט זיך מיט דער קאָמפּאַניע אראָפּ אהין צום וואסער.

דער טאָג איז שיין, ליכטיק, ווי הערשעלען אפן הארצן. הערשעלע שפּילעט-אוף גייענדיק דאָס קאפּאָטקעלע, שטרעקט אויס די הענט כאפּן די לאַנגע שניי-ווייסע פעדים, וואָס טראָגן-זיך ארום אין דער לופט ווי דינע שפּינוועבס; פאַרקוקט זיך אויך אַף די טויבן, וואָס שוועבן, דרייען זיך העט אין דער הויך מיט אויסגעשפּרייטע פליגעלעך, ריין-קלאָר גלאַנ-צנדיקע, גאָלד און זילבער — און ער האָט האַנאָע, ס'איז אים עפּעס גוט, גרינג אף דער נעשאָמע. ער פילט, אַז היינט איז ער גליקלעך. די גע-שעפטן זיינע האָט ער, געלויבט איז גאָט, אָפּגעארבעט נאָך בעסער ווי געוואונשן. ער איז פריי, ער פּאָרט, ס'איז יאָנטעוודיק גוט ארום און ארום. ריבוינע שעל אוילעם! טראכט ער — און די אויגן באנעצן זיך אים פאר פיל פרייד — איך דאנק דיר און לויב דיר פאר דיינע כסאָדים. נו, מע באדארף זיך נעמען צו דיין דינסט: פרום זיין, לערנען, דאַוונען געשמאַק — זיין א איד.

גייענדיק אזוי אופגערייטמט, שטארק צופרידן, מיט אַ הארץ פול פרייד, קומט אים פלוצלים צו די אויגן דאָס טייערע געשטאַלט, די ליכ-טיקע צורע פון ביילען.

ביילע איז זיך געשטאנען נעבן דער פּריזבע בּאַ איר שטוב, וואו זי האָט אַרויסגעשטעלט טריקענען דאָס צעוואַשענע געפּעס און אויסגע־האַנגען אָף אַ שטריקל עטלעכע איבערגעשווייַנקטע שטיקלעך גרעט. זי איז געווען נאָך ניט אָנגעטון, נאָר אין איין אונטערשט קליידל, פונהינטן פאַרשטעקט, באָרוועס, די אַרבל פונם העמד ווייט פאַרקאַטשעט אָף די פולעטשקע, דיקע אָרעמס ביז איבער די עלנבויגנס. דער בוזים אַביסל אָפן, דער גאַנצער האַלז, מעכילע, אינדרויסן און די האָר צעפּאַטלט, ווי געוויינטלעך אַ בעריע אַ מיידל פרימאָרגן.

אונזער הערשעלע, שטאַרק אופגערייַמט, סימכעסטויירעדיק, לויפט צו אין גרויס כעדווע האַסטיק צו זיין באַסמאַלקע. פרעגט אים בעכיירעם, ווי אַזוי דאָס איז געשעען, עפּעס גאָר טאַקע ווי דער גוטער יאָר וואָלט אים פונהינטן צו איר אַ שטופּ געטון. ער געזעגנט זיך מיט איר, נע־מענדיק זי בּאַ דער האַנט, ווי זי וואָלט געווען אַ מאַנספּאַרשוין, און רעדט עפּעס פאַר פייער, פאַר וואַסער, ניט רעכט צו געדיינקען וואָס.

ביילע בלייבט פאַרגאַפט, ווייסט ניט וואָס צו טון. און אַז די ער־שטע היץ איז אַריבער, לאָזט הערשעלע אָפּ ביילעס האַנט, מאַכנדיק, נאָך אַלץ ניט רעכט בּאַם זינען, מיט אַ נאַריש געלעכטערל:

— הע... בּאַ אַ מיידל די האַנט!... אַ אידענע, הע, שאָלעם־אַלייכעם!...

נאָר ווי ער קומט בּאַלד אינגאַנצן צו די געדאַנקען, נעמט אים אָפּ דער לאָשן, ער ווערט רויט און בלייך. ביילע שטיקט זיך שטילערהייט פאַר געלעכטער מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן, אוועקרוקנדיק זיך אין דער זייט, און הערשעלע טראָגט זיך אָפּ געשווינד ווי אַ גאַנעוו.

הערשעלע איז געווען עפּעס גאָר צעדרייט, בּאַ זיך אין האַרצן מיעס אַראָפּגעפּאַלן. ס'טייטש, וואָס ער האָט געטון!... ערשט זאָגט ער צו דעם ריבוינע שעל אוילעם צו דינען, זיין אַ איד — און פּלוצלים אַזאַ מאַיסע, אַזוינס „אים" אָפּצוטון!... פע! — ער שפּייט, קראַצט זיך פאַר פאַר־דראָס אין דער פּייע און מאַכט: נאַ־נאַ!...

---

## דאָס דריטע קאַפּיטל.

אַז הערשעלע איז געקומען אַהיים, האָט ער געכאַפּט אַ שטיקל פּסאַק, פאַרוואָס ער האָט זיך עפּעס אַזוי געזאַמט. דער טאַטע איז שוין געווען אָנגעטון אין די וועג-קליידער: אַ ציצן אָפּגעבליאַקעוועט כאַלאַטל, די אַרבל און די פּאָלעס פונפּאָרנט איינגעטונקט אין פעטע, פאַרהאַרטע-ווּעטע פלעקן פון אַלערליי מאַיכאָלים, אויסגעמישט מיט גרינלעכער טאַ-באַקע און געגלאַנצט עפּעס מיט א מיסע-מעשונע-קאָליר, דער הינטן אויסגעריבן און ערטערווייס דאָרט קוקן אַרויס שטיקלעך קלאָטשע; אַפן קאָפּ עפּעס א מין אָפּגעפּאָרן, שטאַרק צעקנייטשט מיצל. נאָר די אַלטע צעריסענע וועג-שיך מיט לאַטעס, וועלכע ער האָט באַדאַרפט אָנטון, זיינען אים דערווייל אף די פיס נאָך ניט געווען, מע האָט זיי ערשט געזוכט און געפּרואווט מיט דער קאָטשערע אַרויסשאַרן פון אונטער דער בעט. דאָס הויזגעזינד האָט געטאַנצט אַרום אים, שטאַרק באַשעפּטיקט מיט איינפּאַקן די קלימקעס, און ער איז געשטאַנען ווי אַ פערדל.

יאָ, נעבעך, טאַקע א פערדל, וואָס האט באדארפט שלעפּן אף זיך א שטוב מיט קינדער. איין מאָל אין יאָר פלעגט ער מוזן זיך אַזוי איינ-שפּאַנען, גיין אין וועג אַריין, איינרייסן זיך דאָס געזונט, אַרבעטן אף אַלע קיילים און פון דערדאָזיקער נעסיע איז אָפּגעהאַנגען דאָס לעבן פונם הויזגעזינד דאָס גאנצע יאָר... דעריבער האָט זיך אין אַזאַ טאָג געוויגט די גאַנצע שטוב, אַלע זיינען אוף-געווען און לייזער-יאַנקל, נעבעך, איז געשטאַנען אָנגעזאָטלט, בלייך, פאַרטראַכט, מיט אַן ערנסט פּאָנים.

די מאַמע איז געווען אָנגעטון אין אירע וועג-קליידער, עפּעס מינע שמאַטעס אַזעלכע פון כמעלניצקעס צייטן, אין וועלכע זי איז אויסגע-קומען גרעבער, דיקער ווי שטענדיק, אין א מין טיכל אָנגערוקט אפן שטערן ביז איבער די אויגן. נאָר הערשעלע אַליין האָט פארשפּאָרט זיך איבערצוטון. מער ווי דאָס איינע קאַפּאָטקעלע אפן לייב האָט ער ניט געהאַט. די מאַמע האָט אים אַפילע געהייסן איבערקערן דאָס קאַפּאָט-קעלע אף דער לינקער זייט, הערשעלע אָבער האָט איר באוויזן באשיינ-

פערלעך, אַז דער אונטערשלאַק איז מיעס פֿאַרשמירט, אויך צעהאַקט, צעפֿאַלן און טאַקע געכּליבן באַ דאס זייניקע — פֿאָרן גאַנץ פּראָסט ווי ער גייט. דערפֿאַר האט ער שוין געמוזט צוליב טון, נעמען אפּן קאָפּ דעם טאַטנס אַן אַלט היטל, עפּעס א מין קאַטערוכע, וועלכס מע האָט שוין לאַנג געמעגט מיט דעם כּאָמעץ פֿאַרברענען, און אַרומגאַרטלען זיך מיט א קראַיקע.

אָט אַזוי אָנגעטון ווי געהעריק, האבן אונזערע פֿאַרשוינען, נאָכדעם ווי זיי האָבן אין איילעניש עפּעס איבערגעכאַפּט, זיך געזעגנט מיט די קינדער, געכאַפּט די קלימקעס און יאָגנדיק אין איין אָטעם, פֿארשוויצט, פֿאַרסאפּעט, פֿארדולט ווי אף א בייזער מעהומע, אַזוי ווי דער שטייגער איז פֿון אידן באַם פֿאָרן.

אף א לאַנגן וואָגן אין דער הויף איז געשטאַנען א שטייג מיט אויפֿעס און א קאָרב מיט אייער און פֿאָלאָווע, וועלכע די מאַמע האט אָוועקגעשטעלט דאָרט באַצייטנס נאָך אינדערפֿרי.

דער וואָגן איז אָנגעזעצט געווען איינג מיט פֿאַרשוינען, קימאַט אַ פֿערטל קאַבּצאַנסק. דאָרט האבן זיך געפֿונען מיידלעך, ווייבלעך, וואָס זיינען געפֿאָרן זיך שטעלן פֿאר דינסטן און אַמען, אויך אַלערליי סאָרטן אידן: שיינע אידן, קאָשערע אידן, מיטן-פֿולן-מויל אידן, ברענענדיקע אידן, צעבּראָכענע אידן, גילדענע-אָדער-אידן, גלאַט אידן, אַזוי-זיך אידן, און אויך-מיר אידן. ס'איז געווען א פֿארמישעניש, אַ פֿאַרפּלאָנטעניש, א פֿאַרבייטעניש מיט די פֿיס און א צונויפֿשטיקעניש נאָר אומצוקומען.

הערשעלע מיט די פֿאַרשוינען וואָס אין דערמיט האָבן געשוויצט, טאַקע מעשונע געשוויצט. די שיינע אידן האָבן, נעבעך, געשוויצט ווי א ביבער, די פּענימלעך זייערע זיינען געווען אויסגעפּריעט ווי א צימעס, און אויב מע האט זיך ניט פֿארקילט, איז נאָר דעריבער, ווייל דער וואָגן איז געווען באַלאַגערט פֿון די אופגעכאַפּטע פֿאַרשוינדלעך, וואס זיינען אף מישקוילעס געשטאַנען, געזעסן מיט קונצן פֿונהינטן, באַ די זייטן, אויך אף דער קעלניע, ניט צוצולאָזן אף די וואָס אין וואָגן קיין פֿיצל לופֿטעלע. גאָר אין אָנהייב איז איטלעכער געזעסן באַרויגעז, עפּעס אָנגעדרודלט, אונטערגעוואָרטשעט אף דעם באַלעגאָלע, און באַם כאפּן א קלאַפּ אין די קריזשעס, א קוועטש אין דער מאָזאָליע פֿונם פֿינגער האט מען, שטארק פֿארקרימענדיק זיך, פֿאַרביסן מיט די ליפּן, מיילע, נו-נו. נאָר דערנאָך איז מען געוואָרן שוין אַביסל היימישער, דערעכערעץ אין דער זייט, איינער דעם אַנדערן בעט מעכילע: רוקט זיך אַביסל! פֿון יענעמס א זעץ טוט מען א געשריי. אידן זיינען ניט צופֿרידן און קריגן זיך. די מאַמע האָט אַלץ געפֿילדערט אף א צעבּראָכענעם אידן, ער זאָל ניט צעברעכן איר די אייער. דער טאַטע האט געהאַלטן פֿארמאַכט דאס

מויל, איינגעוויקלט דעם האַלז מיט א שטיקל פּיי, ניט צו פאַרלירן, כאָלילע, דאָס קאָל. די פערד הייבן אָן זיך אונטערפוילן, שלעפּן זיך פּאַמעלעך, מאַכנדיק מיט די אויסגעקראָכענע ווידלען, און די פאַרשווינען מאַכן זיך האַרץ, הייבן צווישן זיך אָן א שמועס.

דער אָרל, עפּעס אן אָרעמער, ערגעץ אַמאָל געוועזענער עקאָנאָם, וואָס די גאַנצע צייט, זינט פונם אופזעצן זיך זיינעם אין וואָגן, איז ער גע-וועז פאַרפאָפן, ניט אף דעם אוילעם — האָט זיך לעסאָף אופגעכאַפּט שוין ניכטער, געקוקט ווי א נעכטיקער אף דער גאַנצער קאמפּאַניע אַרום אים און זיך צוגעהערט צום שמועס, וועלכער איז געווען פאר אים טערקיש, פּרואוונדיק באַלד טאַקע אַריין אין דער מיט אויך מיט א שמועס, וואָס איז ווידער פאר אידישע קינדער געווען טאַרגום. נאָר א אידיש קעפּל בייסט איין טאַרגום אויך. אַבי געכאַפּט נאר עפּעס, איין וואָרט פון צען, האָבן זיי זיך געשטויסן, געדרונגען דאס איבעריקע מיט זייער אייגענעם סייכל און זיך געקליגט אַלע איניינעם געבן דעם פויערשן קאָפּ צו פאַר-שטיין זייער מיין מיט אַלע מיני האַסבאָרעס: אַביסל מיט אונזער לאָשן, אַביסל מיט זייער לאָשן, אַביסל מיט די הענט, אַביסל מיט דעם וואונק, אַ דריי מיט דעם פינגער אף א ניגן, נישקאָשע, מע האָט זיך פאַר-שטאַנען.

עס האָט זיך געצויגן אַ שמועס וועגן דעם, וואס בא זיי, וועגן דעם, וואָס בא אונז, לעהאַוודל. זיין נאָמען איוואַן איז אונזערער, מע האָט עס גענומען פון, לעהאַוודל, יויכענען. די אלע שעווע כאָכמעס זיינען גע-נומענע, אונזערע, מע האָט אים אויך דערקלערט זייער א וואוילן מאָשל פונם מעדרעש, אַ גלייכוווערטל פון דער געמאָרע, קלאָר געמאַכט אין אידישע מינהאָגים מיט דעם סייכל, וואָס דרינען שטעקט. איוואַן, אפאָנים, ער האָט מוידע געווען — עטלעכע מאָל האט ער אַלץ אויסגע-שריגן: קוגל, צימעס! און זיך דערביי באַלעקט. די ווייבער האבן גע-קייכט פאר געלעכטער, געמאַכט:

— צו זיין קאָפּ, צו זיין לעבן! קוקט אים אָן, ווי ער באַלעקט זיך, ער האָט ליב אונזער קוגל!

עפּעס א יוגנט מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ, וואָס פאָרט זיך שטעלן פאַר אַן אַם, ברומט שטילערהייט אונטער פאַר זיך א טרויעריק לידל:

„אפן הימל לויכטן שטערנדלעך,
אין וועלדל שפּילט אַ סאָלאָוויי.
דער גאַנצער וועלט איז ליב און פריילעך,
און מיר אליין אז אָך און וויי.

דער אָרל קערט זיך אוועק, מאַכט זיך אביסל נאַריש מיט די ווייבער און מע גיט אף אים א מאַך מיט דער האנט: אן אָרל בלייבט אַן אָרל!

נאָכדעם ווי מע איז א היפש שטיקל וועג זיך אָנגעגאַנגען צופוס אונטער א בערגל, אונטערשטופנדיק דעם וואָגן און ווידער זיך אופ־געזעצט, האָט דער אוילעם אידן זיך געשמאַק א נעם געטון צו א ברייטן שמועס. מע רעדט פון אלצדינג, וואָס קאָכט זיך דאָ אף דער וועלט און דאָרט אף יענער וועלט. מע רעדט פונם האַנדל, שאַצט דאָס פאַר־מעגן פון אַסאַך גווירים, עס קומט אויך צורייד די אלטע מאַיסע, מיט ר׳ שמעלקען, און עס בלייבט, אַז ער האָט פון עליאָהו האַנאָווי באקומען א ווינשפינגערל. עס הייבט זיך באַלד טאַקע אָן א געקרעכצעריי, א געזיפצעריי. אַ געווינשעריי, איינער זאָגט, ער זאָל האָבן א ווינשפינ־גערל, וואָלט ער געווינשן דאָס, דער אנדערער — דאָס און דאָס, דער דריטער — יענץ... האַקלאַל, איטלעכער ווינשט עפּעס אַנדערש. צדאָקע איז געפאַלן גענוג ווי מיסט, מיט דער פולער האַנט. איינער דעם אַנ־דערן ווייזט ארויס זיין גרויסע פריינטשאַפט, צוזאָגנדיק דעם, יענעם גילדענע בערג. דאָט גוט־ברודערשאַפט צווישן דער קאָמפּאַניע ווערט געשטאַרקט, מע פילט זיך עפּעס געטרייסט, ניט אַזוי פאַרוואָרפן, פאַר־געסן אין דער וועלט און איינער מיט דעם אַנדערן איז זייער צופרידן.

אָט אַזוי האָט זיך עס געטון ביז מע האָט, מיט דעם אייבערשטנס הילף, אַקעגן נאַכט זיך קאַם לעבעדיק פאַרשלעפּט קיין גלופּסק.

---

# דאָס פערטע קאַפּיטל.

וועהי, און זי, גלופּסק, האָט צו לייזער־יאַנקלען ניט אזוי געטון. בעוואויאָם מיקאַבצאַנסק, באַ זייער אָנקומען פון קאַבצאַנסק איז גלופּסק זיי ניט געלאָפן אַקעגן מעקאַבל-פּאָנים זיין, ווי הערשעלע האָט אינדערהיים זיך פאָרגעשטעלט. מע האָט זיך איבער זיי ניט געשלאָגן, ניט געריסן איטלעכן באַזונדער צו זיך אף סטאַנציע, אף א מאָלצייט. מענטשען זיינען קאַלטבלוטיק געגאַנגען פּאַרביי, זיי אַפּילע ניט אָנצוקוקן.

הערשעלען איז די זאַך אין פלוג שטאַרק קאָשע געווען און, שטייענדיק באַם ארויסקריכן פונם וואָגן מיט א פּעקל אין די הענט אף דער גאַס, האָט ער געקוקט אפן טאַטן פארוואונדערט, אָן ווערטער, גלייך ווי גערעדט: האַ, וואָס זאָל עס אזוינס באַטייטן? שטעקט ניט דרינען עפּשער עפּעס אַ גראָבער טאָעס? נאָר נאָכדעם ווי ער האָט געכאַפּט פונהינטן א דישל, און דער טאַטע א שטופּ, אַזוי, אז ער איז, נעבעך, געפלויגן ווייט אף עטלעכע טריט, שיר ניט ארופגעפאַלן אף דעם כאַזער, וואָס האָט געשמאַק געכראָמקעט באַ דער זייט גאַס, וואוהין מע האָט ערשט פון א גאַניקל אין דער הויך אַראָפּגעגאָסן, ווי געוויינטלעך, א פּולע, מעשונע אַ שמעקנדיקע פּאָמייניצע מיט אַלעם גוטן, און צו דעם דישל מיט דעם שטופּ אויך געלאָזט נאָך א מאָל צען אין טאַטן אַריין, פאַרוואָס שטייען עס יודן, ווי די ליימענע גוילעמס, פאַרשטעלנדיק דעם וועג — אָט דענסטמאָל, פון אַזאַ אָנצוהערעניש איז אים, הערשעלען, פאַרענטפערט געוואָרן די קאַשעס. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז, שוין טאַקע גוט פאַרשטאַנען...

און ער און דער טאטע זיינען אין זיינע אויגן אביסל אראָפּגעפאַלן.

באַלד באַם קומען איז לייזער-יאַנקל אלץ געשטאַנען און זיך געראטן מיט דעם ווייב וועגן זייערע זאַכן, און אויב אַצינד איז ניט שפּעטלעך א גיי צו טון צו באַקאנטע, נאָר נאָך אַזאַ באַגעגעניש, איז באַ זיי ביידע געבליבן מער קיין שיעס ניט צו מאַכן און בלייבן דערווייל אף נאַכטלעגער דאָ אין דער באַלעגאָלישער אַכסאַניע.

הערשעלען האָט מען מעכאַבעד געווען מיט אריינטראָגן פעקלעך אין שטוב אַריין, דאָרט דערויף אכטונג געבן, און אַליין האָבן זיי זיך געבאָברעט ארום דעם שטייג מיט אויפעס, איבערגעשמועסט מיט דעם באַלעגאָלע, ער זאָל מויכל זיין אריינפאָרן אין הויף אַריין, וואו די שטייג וועט דערווייל שטיין אפן וואָגן ביז מאָרגן.

ניט פאַר קיין אידישע קינדער געדאַכט אַזאַ נאכט, וועלכע הער-שעלע האָט אף דער אַכסאַניע אין גרויסע צאָרעס צוגעבראַכט. הונגע-ריק, מיד און צעבראָכן פון וועג האָט ער שוין שפּעטלעך באַנאַכט, אין דעם גרויסן ראַש און דער מעהומע פון אַלערליי מינע פאַרשוינען, זיך דערשטופּט ערגעץ אין א ווינקעלע און זיך א וואָרף געטון אף עפּעס א הינקנדיקן צעריסענעם טאָפּטשאַן. דאָרט האָט מען אים שוין יאָ טאַקע מעקאַבל פּאָנים געווען און אופגענומען פאַר אַ גאַנץ טייערן גאַסט — גלופּסקער וואַנצן, ווי דער גאַנצער וועלט איז באַקאַנט, נעמען זייער גערן אוף אָרכים מיט אַלע קאָוועדן: האַלזן זיי, קלעפּן אין זיי און קריכן זיי אונטער די נעגל. הערשעלעס קראַצן זיך און אָנצוהע-רעניש-געבן מיט די הענט, אַז ער איז זיי מויכל דעם קאָוועד, האָט אַקעגן אַזעלכע נעפאשעס ניט געהאָלפן. זיי האָבן זיך טאַקע געטון זייערס, זיך געדרייט, געארבעט ארום דער אוירעך מיט גרויס פאַר-געניגן, ביז ער האָט געמוזט זיך אָפּטראָגן שאַ, שטיל און זיך געלייגט פּאָשעט אף דער ערד.

אָט אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט הערשעלעס יענער פריילעכער טאָג, אף וועלכן ער האָט אַזוי אַרויסגעקוקט און זיך פאָרגעשטעלט אין אים גרויסע גליקן !..

מאָרגן, נאָך גאנץ פרי האָט די מאַמע זיך געאיילט אין שטאָט אריין וועגן אירע געשעפטן. שפּעטער אַביסל נאָך איר איז אַוועק דער טאַטע. באַם אַוועקגיין קוקט ער זיך אַרום, אַז די קעשענע איז אים צעריסן און פאַר גרויס איילעניש כאַפּט ער און גיט איבער דאָס ביי-טעלע מיט זיין ביסל פאַרמעגן הערשעלען, וואָס איז איבערגעבליבן אַליין נעבן די זאַכן.

אונזער הערשעלע דערטאַפּט פון א זעקעלע אַ שטיק ברויט מיט אַ גרויסער, געלער אוגערקע, אויך א צייגדל קנאָבל און נעמט זיך וואויל טון, עסן געשמאַק, ווי אופשטייענדיק פון א קריינק.

אונטערגעלענט דאָס האַרץ, באַקומט ער שטאַרק יעיצער האָרע ארויסצוגיין אף א ווײַלע אין דרויסן, אָנצוקוקן, וואָס פאַר א פּאָנים גלופּסק האָט.

פאַר הערשעלעס אויגן עפנט זיך עפּעס גאָר א נייע וועלט. אלצדינג איז פאַר אים ניי, גלייך ווי ערשט באשאפן געוואָרן, ערשט ארויסגע-

קראָכן פון דער ערד. ער שטייט פאַרגאַפּט, פאַריסן דעם קאָפּ און ווייסט ניט אויף וואָס פריער צו קוקן. נאָר צום ערשטן וואַרפט זיך אים אין די אויגן א געדיכטע קאַשע פון אידן. מע לויפט, מע שטופּט זיך אין יאָגעניש ווי אויף א סריפע. אידן, אידענעס, קינד און קייט — אָן איינאָרע ווי באָב! — אויסגעמישט אלע אינײנעם, אָנגעטון אין אלערליי מאַלבושים, פון צעריסענע שמאַטעס ביז די טייערסטע קליידער, צווישן זיי אויך נעקייוועס אין סאַמעטענע מענטעלעך מיט זײדענע, פאַרדרי־פּעטע קליידלעך, נאָר סראָרעטעס און ווען זיי זאָלן ניט געווען רעדן, זינגענדיק הויך, אויף דער גאַנצער גאַס, מיט א קוויטש, שנייצנדיק דערבײַ די נאָז, וואָלט ער זיכער געמיינט, אז דאָס זיינען פּריצעס...

פון אַלע זייטן פּאָרן בוידן, ביידלעך, פורלעך, אַ טייל פאַרפּלאָנ־טען, פאַרהאַקן זיך מיט די רעדער, אַ טייל מיט די דישלעס, און זידלערייען, געשרייען, גוואַלדן ביז דעם זיבעטן הימל.

דאָס, וואָס רינשטעקלעך פּלייצן אין די גאַסן, איז אים קיין וואונ־דער ניט געווען, ס'איז דאָך א אידישע שטאָט. אין קאַבצאַנסק איז גע־נוג די אייגענע סכוירע. ווי דען אַנדערש? דערויף איז דאָך עס אַ גאַס אויף אויסצוגיסן דאָרט פּאָמייניצעס. א וואונדער איז אים נאָר געווען די שפּיצעכדיקע שטיינער, וועלכע וואַלגערן זיך אין די גאַסן. צו וואָס נאָך שטיינער אַזעלכע אויף צו ברעכן רוק־און־לענד, אַז אָן דעם קען מען אויך אין די גריבער דאָ פאַלן זייער שיין און ברעכן דאָס געניק! איינפאַלן זאָל אים פּלוצלים, אַז דאָס איז א ברוק, סטייטש ווי אַזוי, אַז געברוקירטע גאַסן זיינען פאַר אים געווען נאָך גאָר אַ סאָד, ניט גע־הערט, ניט געזעען קיינמאָל אַזוינס. אָט ערשט שפּעטער, אַז ער איז זיך דערגאַנגען פונם סאָד, וואָס אַזעלכס באַטייט, איז אים עס טאַקע שוין מער קיין וואונדער ניט געווען. אַזוי איז שוין טאַקע רעכט. אויך איז אים קיין וואונדער ניט געווען די איינגעהויקערטע שטיבלעך מיט צעבראָכענע דעכלעך, אָנגעזעצט געדיכט איינס נעבן דעם אַנדערן, ווייל אַזוי באַדאַרף זיין, אַזוי האָבן אַ פּאָנים הייזער, ווי געוויינטלעך אידישע הייזער. מעשונע ווילד האָט אים אויסגעזעען גאָר אינמיטן דרינען אַ מויערל אין צוויי, אין דריי גאָרן. ריבוינע שעל אוילעם, ווי שטופּט זיך עס א איד אַרויף אזוי הויך אונטערן הימל און שטעלט זיך נאָך איין דאָס לעבן ארופקריכן אהין אויף א שמאָל לייטערל פון דרויסן! טאַקע באַר ווידע, פריער ווען מע גייט אויף אַזאַ לייטערל אַרויף, מוז מען אָפּזאָגן ווידע, זיך געזעגענען מיט דעם לעבן.

די אויגן הערשעלעס האָבן אַלץ געקוקט, געפונען וואָס צו זען, דאָס קעפּל זיינס האָט אלץ באַטראַכט, געטראַכט און די פיס זיינע זיי־נען זיך דערווייל אַלץ געגאַנגען, געגאַנגען ביז ער האָט פּלוצלים זיך

אַ כאַפּ געטון — ע-ע! ער איז פאַרגאַנגען ווייטלעך און שוין לאַנג צייט צוריק.

צוריק אָבער ווייסט ער ניט דעם וועג. ער הייבט אָן פרעגן באַ אידן, ווי גייט מען צו דער קאַבצאַנסקער אכסאַניע. אַ טייל קוקן אים אין איילעניש, לויפּעניש, בייזלעך אָן, ניט צו ענטפערן אַ וואָרט אַ טייל מאָלן אים אויס בעקיצער מיט דער האַנט:

— גיי, אינגעלע, גלייך, גלייך, דערנאָך לינקס, ביז צו אַ געסעלע, דערנאָך רעכטס און ווייטער לינקס. דאָרט, אינגעלע, טו א פרעג, וועט מען דיר שוין ווייזן.

הערשעלע, אַ ברייִרע האָט ער געהאַט, איז געגאַנגען, פאַרקראָכן אין געסלעך, אין בלאָטעס, געשפּרונגען איבער שמאָלע, איינע פון די אַנדערע ווייט אָפּגעטרעטענע קלאַטקעס, אָנכאַפּנדיק זיך דערביי אין דער זייט פאַר פּלייטן. ער איז, אַפּאָנים, אריין גלופּסק אין די קישקעס, אין דעם מאָגן, וואו ס'איז געדיכט, עס שמעקט און פאַרגייט אין נאָז. ער האָט געאַרבעט אַף אַלע קיילים און איז, נעבעך, אָפּגעגאַנגען מיט שווייס ביז ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אַף א פיינעם יונגנמאַן, וואָס איז אזוי גוט געווען זיך אָפּצוגעבן אַביסל מיט אים.

— קום, — זאָגט דער יונגערמאַן, באַטראַכטנדיק הערשעלען מיט אַ גוט שמייכעלע פונם קאָפּ ביז די פיס. — קום, איך וועל דיך אונטער-פירן. ביסט דאָ, ווי איך זע, נאָך גאָר אַ פריץ.

הערשעלע דאַנקט דעם יונגנמאַן פאַר זיין גוטן ווילן קימאַט מיט טרערן אין די אויגן. —

— העלפן אַ גער איז א מיצווע, — מאַכט דער יונגערמאַן מיט א שיינענדיק פּאָנים, — דאָ אין גלופּסק, טאָר מען קיין פריץ ניט זיין, באַ אונז דאָ באַדאַרף מען גוט היטן די קעשענעס. פאַרשטייסטו מיך, אינגעלע?

הערשעלע טוט זיך גייענדיק אַ טאַפּ אין קעשענע.

— דו ביסט שוין א כאָסן?

— ניין! — ענטפערט הערשעלע שוין מיט אַ פריילעך האַרץ.

— פאַרוואָס ניין? אָט וועסטו זען, באַ אונז וועט מען אינגיכן דיר שטעלן א כופּע.

הערשעלע שטיקט זיך פאַר געלעכטער.

— וואָס, דו גלויבסט ניט? אָט וועסטו זען. לאַך דיר, לאַך, ניש-קאָשע! אָט איז אַ קלאַטקעלע. פּאַמעלעכן, האָב נאָר אין זינען די קעשענע.

הערשעלע טוט זיך ווייטער אַ טאַפּ.

— נו, ס'איז דאָ?

— שרעקט זיך ניט, ס'איז דאָ.

— פאַראַיאָרן האָט זיך דאָס אייגענע טאַקע געטראָפן מיט א באָ-כערל ווי דו. ער האָט זיך אַלץ געטאַפּט, געמיינט, אַז בּאַ אים ליגט עס אין קעשענע דאָס בייטעלע, און לעסאָף, וואָס לאָזט זיך אויס? — בוידעם! די קאַרמאַנשטשיקעס, ברענען זאָלן זיי, האָבן עס בּא אים, ניט פאַר דיר געדאַכט, דערטאַפּט און אַנשטאט דעם ארייַנגעלייגט אהין עפּיס שפּאַרגאַלן, אַשער-יאָצער-פּאַפּירלעך. דו פאַרשטייסט? — נעם עס, מעכילע, טאַקע ארויס און קוק רעכט אָן. פויל טאָר מען ניט זיין.

אונזער הערשעלע איז ניט פויל, נעמט אַרויס דאָס בייטעלע און האַלט עס פאַר די אויגן.

— זעסטו, האַ? וואָס איך האָב דיר געזאָגט — דאָס זיינען די לעצטע ווערטער פונם פיינעם יונגנמאַן, וואָס, אויסכאַפּנדיק הערשעלען פון די הענט דאָס בייטעלע, מאַכט ער אַ פלייטע און ווערט באַלד ווי אויסגעטריקנט.

הערשעלע בּלייבּט אין דער הייסער מינוט, שטיין ווי אויסגעפּאַטשט מיט אַ פּאָר אויסגעשטעלטע אויגן און אַן אָפן מויל, ניט צו וויסן, וואו ער איז און וואָס מיט אים טוט זיך אזוינס.

דעם אוילעמס ווערטל: „א גאַסט אַף א ווייל זעט אף א מייל" האָט טאַקע זיך אַקוראט געפּאַסט צו הערשעלען. באַלד אין דעם ערשטן טאָג פון זיין קומען האָט גלופּסק זיך פּאַר אים „אַנטפּלעקט" מיט איר גאַנצן קאָוועד און שיינקייט: מיט אירע שמאָלע קרומע הינטערגעסלעך, מיט אירע „פּיסקעס", לעוואַדעס, רינשטאָקלעך, שטאַרק שמעקנדיקע קאַליזשעס, געדיכטע און שיטערע בלאָטעס און מיט אירע גאַנאָווים, בייטל-שניידער — און דאָס אַנטפּלעקן זיך אירס איז אים באָקום אויס-געפאַלן.

פאַרשמירט, פּאַרדריפּעט, מיט אַ פרישצאַפּלדיקן גלופּסקער קאַטער איז הערשעלע ערשט אַרום מינכע-צייט געקומען באַטריבּט צוריק אַף דער אַכסאַניע. ניטאָ קיין טאַטע, קיין מאַמע און די קלימקעס — אויך ניטאָ! ער בלייבּט טויט מיט אַלע אייוורים, קוקט ווי אַ דולער און דאָס האַרץ טיאָכקעט אים שטאַרק. פּלוצלים דערהערט ער, ווי מע בייזערט זיך אַף אים מיט די ווערטער:

— אָט האָסטו אים, דאָס שיינע באָכערל! וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זיין טאַטן?

און ער דערזעט פאר זיך רייזע די באַל-אכסאַניעטע.

רייזע איז אַ קורצע, דיקע, ברייטבייכיקע אידענע, שוין אין די יאָרן, מיט אַ געשטופּלט פּאָנים, וואָס איז שטענדיק פאַרשוויצט, און מיט אַ צווייגאָרנדיק גיידערל. אַ שנירל שיטערע הערלעך ציט זיך איר

אַף דער אייבערשטער ליפּ, וואָס פּאַרייסט זיך באַ דער רעכטער באַק אַרוף, אַזוי אַז מע זעט אַ רויט שטיקל צונג אַרויסקוקנדיק דורך אַ היפּש שפּעלטל, אפן אָרט פון צוויי אויסגעפוילטע ציין. איין עק פּאַרטעך איז איר שטענדיק פאַרשטעקט, דער בוזים צעשפּילעט. די צוויי עקן פונם קאָפּ-טיכל זיינען פאַרוואָרפן אַ הינטן און האַלט געוויינטלעך אין דער האַנט אַ פּאַלאָניק — אַ באַוויז, אַז זי פּאָרעט זיך שטענדיק נעבן אויוון. זי רעדט, שרייענדיק אין איין אָטעם, גיך, פונם האַרצן, מיט אַ בייזער; עס דאַכט זיך, זי איז שטאַרק אופגעבראַכט, קריגט זיך, האַגאם זי מיינט, כאָלילע, ניט קיין שלעכטס און איז בעטעווע אַ גאַנץ גוטע. דאָס איז באַ איר גלאַט אַזא לאָשן, אַזא שטייגער רעדן, וואָס האָט נאָך אויסגע-אַרבעט זיך פון אייביקע אייסאָקים און צוטון-האָבן איר גאַנץ לעבן מיט באַלאגאָלעס. אין דעם שמועס וואַרפט זי אַלץ אַריין „העז-אביסל!" „וואָס זאָגסטו צו זיין טאַטן?" הויך אַף אַ ניגן, אויך איז דער שטייגער אירער באַם ריידן אָנצובייגן עפּטערס דעם קאָפּ אין דער זייט און אַ פּאָר טון מיטן שפּיץ נאָז איבער דעם אַרבל, טאָקע אַ וויש אַף דער גאַנצער ליינג פונם אָרעם.

— וואָס זאָגסטו צו זיין טאַטן? — איז רייזע אַרויס מיט איר שרייענ-דיקן לאָשן אַף אונזער הערשעלען, נעבעך, און טאַקע אַ גוטן פּאָר געבנ-דיק מיט דער נאָז איבער דעם אַרבל, —ווי ווערט עס אַ באָכערל פאַר-פאַלן, העז-אַביסל! קוקט אים נאָר אָן, דאָס שיינע באָכערל! נעמט זיך און ווערט פאַרפאַלן!

הערשעלע שטייט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, ווארגנדיק זיך מיט טרערן און שווייגט.

— ער שווייגט נאָך, דאָס שיין באָכערל! טאטע און מאמע שטאַרבן דאָ, און ער, העז-אביסל! שטייט ווי אַ לעמעך און שווייגט.

— אוי ווייי-וויי מיר! — טוט הערשעלע אַ געשריי און צעכליפּעט זיך, מיינענדיק טאַקע, אַז די עלטערן זיינען אַף דער וועלט שוין ניטאָ און ער איז געבליבן אַ יאָסעם.

— נו, כליפּע ניט, פאַרפאַלן! — טרייסט רייזע אונזער וויסט יאָסעמל. — ווייטער זאָל אַ באָכערל אַזוינס מער ניט טון. טאטע און מאַמע זיינען דאָך אָן אַ נעשאָמע... די נעשאָמע איז זיי אויסגעגאַנגען לויפנדיק...

— איק-איק-איק! — כליפּעט הערשעלע מיט א פאַרקלעמט האַרץ. וויל עפּעס זאָגן, נאָר עס שטיקן אים די טרערן און קאַם וואָס ער ברייגנט אַרויס פון מויל איקעדיק אַ פּאָר האַלבע צעבראָכענע ווערטער: מאַמ... געשטאר... איק...

— אוי, אַ דונער האָט מיך ניט דערשלאָגן — טוט זיך רייזע אַ כאַפּ, ער מיינט „שטאַרבן" הייסט טאַקע געשטאָרבן... עס רעדט זיך נאָר

אַזוי, נאַרעלע, ס׳איז אזא לאָשן... הען-אַביסל! טאַטע און מאַמע האָבן טאקע געקענט שטאַרבן. נו, שאַ, אָט וועלן זיי באַלד קומען געוואָר ווערן. נאָך באטאָג האָבן זיי זיך מיט די זאכן איבערגעקליבן ערגעץ, ווייס איך וואו? פארקויפט די הינער, די אייער, איך אַליין האָב אויך געהאנדלט. שאַ, אָט וועל איך דיר געבן פון דער מאַמעס אייער. אַ ווייטיק איז מיר! הען-אביסל, א גאנצן טאָג האָט ער ניט געגעסן! — גיי וואַש זיך און זעץ זיך צום טיש.

אונזער הערשעלע איז פון טויט לעבעדיק געוואָרן און זיך גענומען אונטערלענען זיין האַרץ מיט א פרעזשעניצע, וואָס רייזע האָט אין דער גיך צוגעטראָגן אים צו טיש, מאכנדיק דערביי אף איר שרייענדיק ביי-זערנדיק קאָל:

— נאַ, עס געזונט, האָסטו געהערט, הען - אביסל, מע זאָל אזא טאָג אָפּפאסטן!

באַלד זיינען, ניט טויט ניט לעבעדיק, אַריינגעלאָפן אין שטוב דער טאַטע און די מאַמע, א געשריי, א געפּילדער. א פרייד מיט א רוגזע און א מוסער-זאָגן אינײנעם.

— געלויבט איז גאָט! — שרייט די מאמע מיט א פריילעך האַרץ און מאַכט דערביי טאַקע, קוקנדיק אפן זון, אַ בייז פּאָנים. — דו ווייסט, וואָס דו ביסט פאר אזא מאיסע ווערט...

— סטייטש, סטייטש! — פייערט דער טאטע, — אזוינס צו טון! דו ביסט דאָך ווערט, סטייטש, סטייטש, ווי אַ הערינג זאָל מען דיך צערייסן.

— הען-אביסל! — איז רייזע, ווי א גוטע מײליצטע, ארויס אף איר שפּראַך, א פּאָר-געבנדיק מיט דער נאָז איבער דעם ארבל. — שיינע טאטע און מאַמע, מע זאָל איבערלאָזן א קינד אליין ווי אפן וואַסער! ער שרייט! וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זיין טאטן? א קינד איז א קינד. וואָס דען? אָט שווייגט בעסער, שווייגט!

— אוי, ווי דו ביסט פארשמירט, פארשלומפּערט. — שרייט די מאמע אף הערשעלען, ברעכנדיק די הענט — עפּעס גאַנץ גלופּסקער בלאָטע ליגט אַף דיר!

— איך בעט אייך, וואָס זאָגט איר צו איר? — זאָגט רייזע צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ — די פּריצטע — אַ קאַטאָוועס א פּריצטע, עס געפעלט איר ניט דעם זונס קאַפּאָטע, קען גאָר אף דעם ניט קוקן! א קאַפּאָטע, ווי אלע קאַפּאָטעס בא אונז דאָ. און וואו שטייט דאָס אין דער טוירע, אז א איד מוז גיין דאפקע מיטן פּוץ? — אויב גלופּסקער בלאָטעס געפעלט ניט דער פּרינצעסן, איז אָן סאקאָנע, נישקאָשע, גלופּסק האָט ניט פארלאָרן בא אונז דעם כיין אזוי ווי זי איז. אַלע לעבן מיר, באָרכעשעם,

אָן בושע און אָן שאנד. דאָס קינד איז, נעבעך, מיד, שוואַך, ניט גע־
געסן דעם גאנצן טאָג, און זי... וואָס אַרט דאָס זי? מעגסט זיך, כ׳לעבן,
שעמען און לאָז אים געמאַך.

רייזעס ווערטער האָבן געווירקט, און פון יענער אָן צייט האָט הער־
שעלע ליב געקראָגן רייזען בא זיך אין האַרצן.

---

# דאָס פינפטע קאַפּיטל.

אונזערע פּאַרשוינען זיינען געשטאַנען צעשיידט אף באַזונדערע סטאַנ-ציעס. נישט דערפּאַר ווייל איטלעכער פּאַר זיך האָט באַדאַרפט האָבן זיין כיידער, זיין אָרט באַזונדער. כאָלילע! גאַנץ רייכע אידן אַפילע לאָזן זיך אף דער אַכסאַניע באַגניגן מיט א בעטל און שטייען דריי, פיר אירע איניינעם, אַבי עס זאָל וואָלוול קאָסטן. נאַרישקייטן! עפּעס באַ-דאַרף דען א איד האָבן אוילעם-האַזע? — נאָר וואָס דען? ווייל אַנדערש איז גאָר טאַקע נישט מעגלעך געווען.

דער טאַטע האָט, ווי געוויינטלעך, זיך אופגעהאַלטן ווי-ס׳איז באַם שאַמעש פון דעם קלייזל, וואו ער פלעגט יאָמים נוירעאָים דאַוונען. דעם שאַמעשס דירע איז קאַם געווען אין זיין פּאַר ענגן אייגן געזינד. נאָר ווי זאָגט מען עפּעס באַ אונז אידן — וואו צוויי, איז אויך אַ דריטער. און מיט דעמדאָזיקן קלאַל שטעקט א איד, נעבעך, אַריין דעם לעפל צו יענעם אין שיסל, שטופּט זיך אַריין וואו ס׳איז איינג, קריכט אַריין מיט אַ פוס צו יענעם אין ביטל, כאַפּט א קוק צו יענעם אין מאַכזער. שפּאַרט זיך צו ווי ס׳איז צו יענעם אפן געלעגער, קוועטשט זיך אַריין אין בויד צווישן פיל אָנגעזעצטע פּאַרשוינען און שטערכעט, נעבעך, אָפּ אַזוי דאָס גאַנצע לעבן. עט, וואָס מאַכט עס אויס? אַבי איבערקומען; אַבי אָפּאַ-טערן, משטיינס-געזאָגט, דאָס עסן; אַבי כאַפּן אַ דרעמל; אַ נאַכט אי-בערצולעבן; אַבי יויצע זיין און ווי ס׳איז דערהאַלטן די נעשאָמע. דער-ביי האָט טאַקע לייזער-יאַנקל מיט דעם שאַמעש זיך גערעכנט עפּעס שטיקלעך קרויווים, און ווי דער איינפיר בא אונזער אוילעם איז, האַלט עס א איד זיך פּאַר א מוז צו פּאַרפאָרן צו זיינעם כאָטש א גאַנץ וייטן קאָרעוו, ווייל וועט ער נישט — אזוי טייטשט ער עס — וועט ער אים, כאָלילע, באַליידיקן און יענער ווידער קען אף אים באַרויגעז זיין. און אויב ליי-זער-יאַנקל איז דאָס מאָל מיט דעם ווייב, מיט דעם קינד און האק-פּאַק, מיט די אויפעס באלד טאַקע נישט פּאַרפאָרן גלייך צום שאמעש — איז ערשטנס, דעריבער, ווייל ער האָט גוט געוואוסט, אַז אזוינס איז ריין

אומעגלעך. אַי וואָס, יענער קען פּאַריבל האָבן, — נישקאָשע, אָן סאַקאָ-נעס! ער וועט עס אים גיבן צו פאַרשטיין. — און צווייטנס, וואָס מיינט איר? איז דאָס טאַקע גאָר געווען דעם שאַמעשס טרייפן גליק...

די מאַמע איז געגאַנגען אף סטאַנציע צו אירער א באַקאַנטער אידע-נע פון קאַבצאַנסק, אַ קעכנע אין אַ נעגידיש הויז, וואו זי האָט אָפּגע-זעצט עטלעכע צענדליק אייער און אַרויסגעקוקט אָנצונעמען באַ דער באַלעבאָסטע אַ פּאָר טוץ זאָקן אין גלייכן געלט אויסצואַרבעטן און פון אַ צוואַנציק געזנלעך פעדערן איבערן ווינטער אויסצופליקן. די מאַמע האָט גאָר געשיינט אין דעם שלייער, אין דעם שאַבעסדיקן טיכל אפן קאָפּ, איר איז, אַפּאָנים, אין קיך גאָר נישט שלעכט געווען, זי האָט זיך דאָרט אויסגעגלייכט די ביינער. די קעכנע האָט זי צוגעפּילעוועט, איר אַלץ אונטערגערוקט צו קייען, אָנטרייבנדיק זי אַלץ: עסט, מאַלקע-טוי-בעניו! עסט, עסט, מיין האַרץ.

ביידן האָט דאָס מויל זיך נישט צוגעמאַכט, אַלץ גערעדט, גערעדט, זיך אויספּרעגנדיק איבער פּיל מענטשן, באַקאַנטע און אויך ווילד פרעמ-דע, אַזעלכע, וואָס געהערן זיך מיט זיי קלאַל נישט אָן. זיך דערמאָנט אַלטע מאַיסעס, וואָס נאָך מוידוויס.

— געדיינקט איר, געדיינקט איר, מאַלקע-טויבעניו?

— געדיינקט איר, געדיינקט איר, טריינע-סאָסיעניו!

ביידע האָבן זיך געשמאָלצן, געקוקט איינע אף דער אַנדערער מיט לייכטנדיקע אייגעלעך, באַם שמועסן עפּעס מיט כיין צונויפגעצויגן, איינ-געשנירט די ליפּעלעך, איינער דער אַנדערער אַלץ: סערדצע, קרוין, זאָלט איר מיר געזונט זיין!... עס פאַרשטייט זיך, אַז פון אַלע זאַכן האָט מען נישט פאַרגעסן דעם איקער — רעכילעס, דאָס בעסטע גע-ווירץ, די געשמאַקסטע בסאָמים אין איטלעכן ווייבערשן שמועס. מע האָט מעקאַיעם געווען דעם מינעג: אָפּריכטן, אָפּשפּעטן מיט אַלע דינים און קאַוואָנעס, וואָס דרינען שטעקט. טריינע-סאָסיע האָט עס מעקאַיעם געווען גאַנץ פּראָסט, אָן כאָכמעס—געפּלאַקערט, גערעדט מיט אַפּעטיט, גיך-געשווינד, ווי עס געהער צו זיין... מאַלקע-טויבע אַקעגן, האָט דאָס אייגענע טאַקע מעקאַיעם געווען, נאָר מיט שמאַד־שטיק. אלץ צוגע-שאָקלט מיטן קאָפּ, געגלאָצט די אייגעלעך מיט א איראַס-שאָמאַים-פּענימל, קלוימערשט וויל זי ניט יענעם באַרעדן, פע! — נאָר בא זיך אָבער האָט זי דערפון שטאַרק האַנאָע, באַלעקט זיך אַזש פאַר טאַינעג און וואַרפט אין שמועס אַמאָל אַריין אַ וואָרט, עפּעס מיט פיל טייטשן, אַזוי און אַזוי. דאָס וואָרט אירס, וואָס דאַכט זיך אין פלוג גאָרניט, עט... ציט ערשט טריינע-סאָסיען באַם צונג און הידעט זי אונטער צו פלאַקערן און צו רעדן, שפּעטן נאָך מער.

— זאָלט איר מיר געזונט זיין, מאלקע־טויבעניו! — הייבט אָן טריינע־סאָסל צו מאָלן מיט דעם צינגל און אַ מאָס רעד איבער די באַלעבאָסטעס אויסצושיטן. — וואָס ווייסט איר, וואָס פאַר אַ שלעק זיי זיינען, די אַלע שיינע הײנטיקע באַלעבאָסטעס! באַ וויפל איך בין אי־בערגעווען, איז אַלץ איינע ערגער פון דער אַנדערער. איטלעכע מיט איר מאַנקאָליע, מיינע צאָרעס אף זיי! האָבן נאָר ליב אָט וואָס, זיך צו דרייען, טאַראַראַמען, פילדערן, קלינגען מיט די שליסעלעך. מיינען, זיי טוען עפּעס. און טאָמער ווייסט איר וואָס?

— וואָס, וואָס? — רוקט מאַלקע־טויבע אַריין א ווערטל, קלוי־מערשט סטאַם און ציט דערמיט טאַקע באַ טריינע־סאָסיען ווערטער פונם מויל.

— גאָרניט!..—צעהיצט זיך טריינע־סאָסיע,—ווייס איך וואָס! באַ זיי הייסט עס, נאָר אַ געלעכטער, כ׳לעבן, די איז א בעריע, פול אין איט־לעכס ווינקעלע. יאָ, עמעס טאַקי, אָבער קיינמאָל ניט אין יענעם ווינ־קעלע, וואו מע באַדאַרף. גלייך ווי זי שפּילט זיך אין באַהעלטעניש. זוכט מען זי דאָ, איז זי גאָר דאָרט, און באדאַרף מען זי דאָרט, כאַ־כאַ! איז זי דאָ... דער מאַן זוכט, די קינדער זוכן, מע רופט, רופט און זי שרייט פון ערגעץ אַרויס אין איין קאָס. — יענע ווידער, מיינע ווייטיקן אף איר, געטרויט ניט די שיין, ציילט די גרויפּן אין טעפּל, פאַר אַ האַלבן גראָשן וואָלט זי זיך געלאָזט די אויגן אַרויסנעמען, וואָס איז?

— אַ באַלעבאָסטע, וואָס דען? זי וויל איינבריינגען... — מאַכט מאַלקע־טויבע מיט אַזאַ מינעלע, עפּעס ווי אף קאַטאָוועס און עפּעס ווי גאַנץ ערנסט.

— יאָ, איינבריינגען! — מאַכט טריינע־סאָסיע—שטאַרק פאַרקרימענדיק זיך.—זי וויל איינבריינגען פונם עסן אַ גראָשן און אַליין בריינגט זי דעם מאַן אויס — ווייס איך אף וואָס — הונדערטערס!.. איינע, עפּעס אַ שלימאַזל, האַנדלט איין אין מאַרק אַלע מעציעס, אייער אַ מעציע, פּוטער, שמאַלץ אַ מעציע, גאָט שיקט איר אַלץ צו. האָט אַ שפּיזאַרנע מיט אַלעם גוטן און האַלט עס אָבער אונטערן שלאָס אַזוי...

— אייערע מיינט איר? — כאַפּט זיך מאַלקע־טויבע אַרויס מיט אַ וואָרט. — באַ אייערע איז עס אַלץ אונטערן שלאָס? — אַ גוטע באַלע־באָסטע, כ׳לעבן!

— טפו, אַ גוטע באַלעבאָסטע, כ׳לעבן! — זאָגט טריינע־סאָסיע איבער יענערס ווערטער מיט אַ בייז געלעכטערל, אויסשפּייענדיק דערביי. — האַלט עס אונטערן שלאָס אַזוי לאַנג די אַלע מעציעס, ביז די אייער ווערן טוכלע, די פּוטער באַקומט א רייען, דער איינגעמאַכטס געצוקערט

און מע וואַרפט עס דערנאָך ארויס... די אַנדערע, עפּעס אַ שטיק פלייש, ליגט איבער שטענדיק אין קיך, מישט זיך צום טעפּל. ווייס איך וואָס? כאָטש מע באַדאַרף זי דאָרט האָבן ווי אויגנווייטיק. פאַרקערט, דורך איר מישן זיך ווערט ערשט אַ מישעניניע: דער גע-בראָטנס צוגעברענט, די יויך אויסגעלאָפן און ס'איז נאָר אַ צעפּוקעניש...

— סאָנים, סאָנים! אַ צעפּוקעניש די סאָנים! — מאַכט מאַלקע-טויבע, אונטערלעקנדיק זיך. — עסט אייך, טריינע-סאָסיעניו, ניט אָפּ אַזוי דאָס האַרץ!

— טפו זאָלן זיי ווערן! — שפּייט טריינע-סאָסיע אויס. — וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר? מאַלקע-טויבעניו!.. איינע ניט קיין רעכטע! אַלע זיינען זיי שלימאַזלניצעס, ליידיקגייערנס, האָבן ניט וואָס צו טון און גיבן זיך אויס קלאָמפּערשט פאַר בעריעס. אַ קאַטאָוועס, אָן זיי וואָלט די גאַנצע שטוב האָרנעם-קאָרנעם זיך איבערגעקערט. טאָמער ווייסט איר וואָס? — גאָרניט!.. פריער בין איך געוועזן אַ נאַר און זיך גענומען צום האַרצן, פלעג פון זיי קייען די ערד. און היינט אָבער האָב איך מיך מעיאַשעוו געווען — אַ-אַ, צו אייער קאָפּ, צו אייער לייב-און לעבן! איר נישטערט, רעדט, בייזערט זיך, שרייט אייך משוגע-נערוויס, און איך טו מיר מיינס. ווערט צעזעצט!.. וואָס איז, טאָמער ווייסט איר, אוילעם-האַבע וועל איך האָבן? אַדעראַבע, זאָגט, קרוין, סערדצע, און איך אליין פאַר מיר, וואָס איז, וואָס, באַדאַרף ניט עפּעס האָבן?.. איר פאַרשטייט דאָך מיר, מאַלקע-טויבעניו, געזונט זאָלט איר מיר זיין.

— זאָלט איר מיר געזונט זיין, טריינע-סאָסיעניו, וואָס דען, איך פאַרשטיי ניט? איך פאַרשטיי זייער גוט.

— וואָס, סערדצע, בין איך עפּשער ניט גערעכט? וואָס איז, טאָ-מער ווייסט איר, פון די סכירעס, וואָס איך נעם, וועל איך מיך אַ שיין ביסל מויערן? און אייביק, האַ, וואָס איז, וועל איך דינען? ווי זאָגט מען עפּעס, אַ מענטש איז ניט קיין אייביק געוועער. קאָלזמאַן מע לעבט, לעבט מען און מע באַדאַרף זיך זאָרגן פאַר שפּעטער אויך. איך זאָל מיר ניט געוועזן דעראָבען — שאַ, צווישן אונז זאָל עס בלייבן — אביסל פונם מעל, אַביסל פונם קאַצעוו, אַביסל פונם איינ-קויפן, וואָלט טאַקע געווען אַ ווייטיק מיינע סאָנים. צו וואָס לאָמיר זיך דאָ נאַרן, מאַלקע-טויבעניו? — נישקאָשע! איר פאַרשטייט? צו דעם וואָס לעבט אייביק האָב איך קיין טאינעס ניט. ניט צו פאַרזינ-דיקן, האָב, געדאַנקט איז זיין ליבער נאָמען, וואָס אָנצוטון. — מיין קאַסטן קליידער האָט איר נאָך ניט געזעען? קומט, סערדצע, וועל איך אייך ווייזן.

און טריינע-סאָסל נעמט זיך ווייזן איר גוטס, צעלייגט איר קרעמל: שטיוולעטלעך אף קנעפּלעך, איין קליידל, דאָס אַנדערע געניים נאָך דער לעצטער מאָדע מיט שליאַרקעלעך, אַ זיידענע פּעלערינקע אויס-גענייט מיט גראַנאַטלעך, אַ קאָפּטעלע, אַ שאַבעסדיקן בורנאָס מיט קוטאַסן.

זי האַלט זיך פיד-באָקים און שמאָכט. מאַלקע-טויבע קוקט זיך צו, ווי א מייווינע, צו איטלעכער זאַך, טאַפּט און שאַצט. דאָס פּענימל לויכט איר, ווי זי שעפּט פיל נאַכעס פון טריינע-סאָסלען, וואָס דער אייבערשטער האָט זי אַזוי געבענטשט, מאַכט: אָך-אָך! פאַרוואַרפנדיק מיט די אייגעלעך, אַלץ, געלויבט איז האַשעם-איסבאָרעך, געלויבט איז זיין ליבער נאָמען! און ווינשעוועס, פאַרזיכערנדיק באַ איטלעכס מאָל טריינע-סאָסלען, אַז ווי דאָס לעבן אזוי ליב און טייער איז זי איר. זי האָט שוין דאָס געזאָגט און זאָגט טאַקע:

— אַפּאָנים אף דער גאַנצער וועלט איז דען נאָך דאָ אַזאַ טריינע-סאָסיעניו? קיין צאַר!

ביידע שמעלצן זיך און ווערן ברייטער ווי לייגער פאַר גרויס פאַרגעניגן.

לאָמיר דאָ איבערלאָזן אף אַ ווייַלע דעם מיילעך מיט דער מאַלקע— דעם מיילעך באַם שאַמעש, די מאַלקע אין קיך — און זיך נעמען צום בען-מעלעך.

אונזער בען-מעלעך, הערשעלע, איז זיך געלעגן אויסגעצויגן, ווי באַם טאַטן אין ווייַנהויז, אף אַ באַנק אין קלייזל. דאָרט איז פאַר אים געווען נישקאָשע פון אַן אָרט אף אָנצושפּאַרן דעם קאָפּ. די באַנק איז געווען צוויי מאָל לאַנג ווי ער, אַזוי, אַז ער האָט געקענט אויס-שטרעקן די פיס גאַנץ פריי, און אנשטאָט אַ קישעלע צוקאָפּנס האָט אים זייער גוט געדינט דאָס פערענטשעלע. מוירע צו האָבן נעכטיקן דאָרט האָט ער ניט געהאַט וואָס, ווייל ער איז ניט געווען אַליין, מיט אים האָבן געשלאָפן אין קלייזל נאָך עטלעכע אידן, באַטלאָנים. אומע-טיק איז דאָרט אויך ניט געווען, מע האָט געשמועסט, דערציילט וואונדערלעכע זאַכן, ניט ערגערע פון קאַבצאַנסקער. גלופּסק, ניש-קאָשע, גייט אויך גאָרניט אָפּ. דאָרט זיינען אויך דאָ אידן, אויך די אַלע שיינע מאַיסעס. דאָרט שטייט אויך פריי דער וועג צום הימל, און מע פאַרקריכט אף אים טאַקע אויך קיין בויבעריק... גלופּסק מיט בויבעריק איז ווי איין שטאָט, אַקעגן אַ גוטע העלפט גלופּסקער אידן זיינען בויבעריקער.

דאַכט זיך, גאָר קיין מאַיסע ניט. אונזערע פאַרשוינען זיינען באָר-כעשעם, טאַקע געווען פאַרזאָרגט, ניט פאַרזינדיקן, אלצדינג גוט, עס האָט נאָר געפעלט אַביסל געזונט.

הערשעלע האָט פונם ערשטן טאָג קומען קיין גלופּסק באַקומען אַ קאַטער, אַביסל אונטערגעהוסט, דאָס קעלכן איז אים געווען צוגע-לעגערט, הייזעריקלעך. פונדעסטוועגן, איז ער אופגעשטאַנען צו די ערשטע סליכעס און אונטערגעהאַלטן דעם טאטן. זיין געליינקל איז, עמעס טאַקע, געווען געדריפּעט, זיין קוויטשעלע געפּייפט, אויסלאָזנדיק זיך מיט אַ גרילץ, נאָר אָן סאַקאָנעס. איינמאָל, איז אָן אים אויך גע-ווען העלפערס, פיל פונם אוילעם האָבן, ווי געוויינטלעך, אָפּגעענטפערט, זיך אָפּגערופן: „בים-באָם!"

אונטערבימקען יענעם זיינען דאָ באַ' אידן זייער פיל באַלאָנים, אויב „באַם" פּאַסט אָדער ניין — אַלץ איינס, אַבי זיך אריינגעמישט, אַבי אַ שטימע, לאָז יענער ניט מיינען, ער אַרבעט אַליין... און צווייטנס, איז אַ צוגעלעגערט קאָל עפּעס טאַקע גאָר ווי געוואונשן צו סליכעס, עס פּאַסט צום אייסעק, מע פילט, אז ס'איז סליכעס, אין דרויסן איז שטאָק פינצטער, נאַכט. אומעטום שאַ — די גאַנצע וועלט שלאָפט. נאָר אידן כאַפּן זיך אַראָפּ פון די געלעגערס, געגעצן, קנאַקן אויס די ביינער, דער שלאָף ליגט זיי אף דער ברוסט, עס טריקנט זיי אין האַלז און זיי שטאַרקן זיך, לויפן פאַרשמאַכט אין שול אריין, גיסן דאָרט אויס זייער האַרץ פאַר דעם לעבעדיקן גאָט אין הימל און קלאָגן זיך, נעבעך, פאַר אים אף א צעלעכצט-ברומעדיק-קרעכצנדיק קאָל, ווי א פאַרוואָגלט, אומגליקלעך, דערשלאָגן קינד קלאָגט זיך פאַר דעם פאָטער אף די צאָרעס, וועלכע ער איז אויסגעשטאַנען, ארומ-בלאָנקענדיק זיך אין דער וועלט.

דאָס צעלעכצטע, כריפּענדיק-פאַרשמאַכטע קאָל — אָט דאָס ערשט רירט באַם האַרצן, דרינען טאַקע ליגט ערשט דער בעריע, דאָס גאַנצע געפיל פון ראַכמאָנעס... אַז דאָס שלאָפע קינד, נעבעך, כאַפּט זיך אוף פון היץ באַנאַכט, שטרעקט אויס מיט א געבעט די הענטלעך צום פאָ-טער, קרעכצט, יאָמערט פאַר ווייטיק אף א טרוקן הייזעריקלעך קאָל, פאַרגייענדיק זיך אין אַ הוסטעלע — כאַפּט עס אָן באַ דער לעבער, נעמט ער אַרויס די נעשאָמע און שטעכט אין דער זיבעטער ריפּ...

און דער האָן פון קאַפּאָרעס, אים אז מע גיט אינדערמיט נאַכט אַ טראָג פון דער סודעלע — קום צום „בני אדם"*) און ער צאַפּלט, קרעכצט אף א פאַרדומפּט קאָל, רופט זיך דען זיין כריפּענדיק קאָל ניט אָפּ אין האַרצן? רייסט דען זיין כאָרכלען ניט באַ דער נעשאָמע?..

---

*) מיט „בניי אָדאָם" הייבט זיך אָן די טפילע באַם שלאָגן קאַפּאָרעס. (רעד)

## דאָס זעקסטע קאַפּיטל.

ריבוינע שעל אוילעם! וואָס ליגט אַזוינס אין דיין האַרטער באַנק אין בעסמעדרעש, אַז דער וואָס נעכטיקט אף איר איבער א נאַכט מיט דעם קולאַק צוקאָפּנס, שטייט דעם אנדערן טאָג אוף עפּעס גאָר אַן אַנדער מענטש, ווי ניי געבוירן?

שוין יאַקעוו אָווינו, אַז ער האָט אין וועג, דענסטמאָל באַ זיין אַוועקלאָזן זיך פון דער היים, אונטערגענעכטיקט אין „יענעם אָרט" אף אַ האַרט געלעגער, צושפּאַרנדיק דעם קאָפּ אף א שטיין — האָט באַלד באַם אופשטיין אין דער פרי געשפּירט: „אין זה", ניט אַנדערש, „כּי-אם בית אלהים", דאָ איז א בעסמעדרעש; „וזה שער השמים", און דאָ איז א טויער צום הימל. יאָ, טאַקע צום הימל. ליגנדיק אפן האַרטן געלעגער גאָר אין דעם ערשטן בעסמעדרעש, נאָך אָן ווענט, אָן אַ דאַך, אָן אן אונטער-איוון, האָט ער שוין דערזעען ניט קראַקוי און לעמבערג אַליין, נאָר אויך יענע וועלט — פייערדיקע מאַלאָכים, וואָס האָבן אים אין די אויגן זיך געדרייט אַרוף און אַראָפּ עפּעס אף א הויך לייטערל פון דער ערד ביז העט-העט אין הימל אַריין — און יאַקעוו האָט דערפילט אין זיך אַ גרויסע פאַרענדערונג...

נאָכאַמאָל ריבוינע שעל אוילעם! וואָס ליגט אַזוינס אין דעם גאָלעס, אין דעם נאַווענאַד זיין אין דער פרעמד, וואָס דיינע קינדער איסראָעל, וועלכע עס האָבן אַזעלכס פון דיר א מאַטאָנע, זיינען דורכדעם אין דער וועלט עפּעס גאָר אַנדערע מינע מענטשן, האָבן עפּעס גאָר אַן אַנדער פּאָנים, אַן אַנדער שטייגער לעבן, אַן אַנדער מאַזל, אַלץ-מיט-אַנאַנדער עפּעס ניט לייטן גלייך?.. אין דער צייט, ווען אַנדערע זיינען נאָך גאָר אינגלעך, פריש-לעבעדיק, מאַכן זיך נאַריש און האָבן אין זינען אוילעם-האַזע, די וועלט, איז דיינס א אידעלע געעלטערט, געקנייטשט, איינגעהויקערט, פאַרזאָרגט און דערשלאָגן. דאָס קעפּעלע נאָר עס ארבעט: טראַכט, טראָגט, פּליט און אין זינען איז אים נאָר טאַכלעס-זאַכן, אזוינס, וואָס האָט עפּעס אַ ווערט, א קיעם—אוילעם-האַבע, יענע וועלט...

אונזער הערשעלען איז אין די ערשטע פּאָר טעג פונם נאָווענאַד זיין אין דער פרעמד און פון דעם שלאָפן אין קלייזל אַף דער האַר־טער באַנק ניט צו דערקענען געווען, אַזוי האָט ער זיך געענדערט, איבערגעביטן געוואָרן אינגאַנצן. קיין פריילעכע מינע האָט מען פון אים ניט געזען. ער איז געווען אַלץ עפּעס פאַרטראַכט, גלייך ווי הימל און ערד זיינען אַף אים געפאַלן. דאָס וואָרט „טאַכלעס״, וועלכס ער האָט פון די עלטערן געהערט צו דער באַר־מיצווע, איז אים טיף אין האַרץ אריין און אים געעקבערט, געלעכערט דעם קאָפּ: געוואַלד טאַכ־לעס! וואָס וועט זיין דער טאַכלעס? מע באַדאַרף טראַכטן, זאָרגן אַרום דעם טאַכלעס. —

און הערשעלע האָט זיך א געשמאַקן נעם געטון צו דער גמאָרע. דען וואו אַנדערש האָט ער געקענט, נאָך זיין פאַרשטאַנד דענסטמאָל, געפינען דעם טאַכלעס, ווען ניט אין דער גמאָרע? אָט דאָ ליגט דאָס גאַנצע גליק פאר אַ מענטשן, דאָס בעסטע, וואָס ער קען נאָר דער־גרייכן דאָ אין דעם לעבן. בא א בלעטל געמאָרע מיט „תּוספות״ [1] לאָזט זיך שוין אויס אַלע כאָכמעס, און אַז גאָט העלפט נאָך, מע טרעפט־צו דעם מה״רם שיף׳ס [1] א קאַשע, אָדער מע פאַרענטפערט דעם מהר״שאָס [1] אַ „ויש לישב״ [2], איז מען שוין א פארטיקער, אַ פארזאָרגטער מענטש, מע קאָן שוין גליקלעך אָפּלעבן זיין וועלט, אין אוישער, אין קאָוועד. אַ קאַטאָוועס עפּעס אַ לאָמדן! „מי לנו גדול״, ווער איז אין דער גאַנ־צער וועלט גרעסער, שטארקער און האָט די גאַנצע דייע מער פון א אידן א וואויל־לערנער, א ראָוו און א דאיען? וועלט האָט דענסטמאָל באַ הערשעלען געהייסן — אידן, ווייטער גאָרניט! עס זיינען דאָ אַפילע עפּעס נאָך אַנדערע אויך, נאָר דאָס זיינען גלאַט אַזוי זיך „אומות העולם״ [3], און וואָס גייען זיי ווען מען אָן? וואָס קענען זיי, וואָס ווייסן זיי, משטיינס־געזאָגט! אז אין קיין כיידער, ווי אידישע קינדער, גייט מען ניט, דאָס וואָס באַ אונז, פארשטייט מען ניט, היינט וואָס־זשע?..

הערשעלע האָט פון דער שאַפע ספאָרים אין קלייזל אדויסגענומען אַ געמאָרע „בבא קמא״ און זיך געזעצט לערנען „שור שנגח את הפרה״ [4], ווי רוּאָוונס אָקס האָט געשטויסן שימענס קוּ, הויך אַף א קאָל מיט א ניגן, שטאַרק שאָקלענדיק זיך, און וואו מע באַדאַרף דעם קוועטש, א מאַך געבנדיק מיטן גראָבן פינגער.

---

[1] „טויספעס״ — קאָמענטאַרן אַף געמאָרע. [2] „וועיעש לעיאַשעוו״ — מע קאָן פאַר־ענטפערן. דער מהר״שא, הייסט עס, פרעגט א קאַשע און זאָגט דערביי, אז די קאַשע קאָן מען פאַרענטפערן. [3] „אומעס האָאוילעם״ — פעלקער ניט־אידישע. [4] „שויר שענאָגאך עס האפּאָראָ״ — אַן אָקס, וואָס האָט געשטויסן א קו. (רעד.)

הערשעלעס קעפל האָט שטאַרק געאַרבעט, געפלויגן אין דער לופטן. עס האָט זיך פאַר אים געקייטלט איין זאַך אין דער אַנדערער און ס'איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן אַ גאַנצער לייטער, אף וועלכן עס האָבן זיך געדרייט ארוף און אַראָפּ א „רישא“[1], אַ „סיפא“[2], א „מציעותא“[3] אין דער געשטאַלט פון בייזע ווייבער, וואָס קאָנען צווישן זיך ניט אויסקומען, און אפן שפיץ — דער „תנא קמא“[4], דער גרויסער פּאָרעך. הערשעלע וואַרפט זיך אין אַלע זייטן, פּאַרפליט ווייטלעך, עס כאַפּט אים אַזש אָן אַ שווינדל, עס פּאַדרייט זיך אים דער קאָפּ, אָט-אָט רייסט זיך איבער די לעצטע האָר, אין וועלכער ער האַלט זיך אָן — און פלוצלים גיט עס מיט אים אַ טראָג צוריק טאַקע צו רוואוונס אָקס און שימענס קו. האַ-האַ, דאָס קעפל איז אים ווידער אפן אָרט, ער צעשאָקלט זיך און לערנט מיט כיישעק...

מע מוז פריער איבערנעכטיקן א היפש ביסל נעכט אין בעסמעדרעש אף דער באַנק, האַרט ווי אַ שטיין, ביכדיי צו דערגרייכן דעם סאָד פון אזאַ לייטער, צו פילן דעם טאַם דערפון און רעכט ווי געהעריק צו פאַרשטיין, אַז דאָס אַלצדינג איז ניט גלאַט אזוי זיך עפּעס זאַכן, אַז רוואוונס אָקס און שימענס קו זיינען ניט מעגושעם-גראָב, פּאָשעטע קי, וואָס נעם און מעלק זיי אויס. ניין! זיי שטעלן זיך פאָר גאָר אַנדערש, עפּעס ווי דער אָקס, דער ווידער, דער צווילינגל און די בסולע דאָרט אין די צוועלף מאַזאָלעס[5]...

אונזער הערשעלע האָט געלערנט מיט א ברען, ווי ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבן אַזוי ניט געלערנט, און דאָס האָט אים געגעבן צו כיין און צו לייטזעליקייט אין די אויגן פון פיל מענטשן אין דעם קלייזל. א וואויל אינגעלע, — האָט מען געזאָגט, ער באַגערט לערנען!

דער טאַטע האָט זיך גאָר געשמאָלצן און דערציילט דעם זונס גרויסע מאַילעס אין אַ ברייטלעכן שמועס מיט מענטשן וועגן אים.

— עט, — האָט ער געמאַכט, — וואָס ווייסט איר, וואָס מיינער איז! די קאַבצאַנסקער מעלאַמדים קענען זיך ניט זאַט אָפּלויבן זיין גוט קעפּל, זיין טפיסע. באַ צוועלף יאָר — וועט איר גלויבן? — האָט זיך באַ זיי אויסגעלאָזט טוירע פאַר אים. אף זיינע קאַשעס איז באַ זיי ניט געווען קיין טערוצים. דער טערעץ איז געווען א צוויי הייסע פעטש. אַ קניפּ, אַ טראַך אין דער באַק, בעקיוון טאַקע, פאַרשטייט איר מיך,

---

1) ריישע—דער אָנהייב טעקסט. 2) סייפע—דער סאָף טעקסט. 3) מעציאוסע — דער מיטן טעקסט. אין אָנהייב, סאָף און מיטן ווערן וועגן איין זאַך ארויסגעזאָגט פאַרשיידענע מיינונגען. 4) „טאַנע-קאַמע“—דער ערשטער טאַנע. 5) צוועלף געשטערן (созвездия), וואָס יעדער פון זיי איז שאַיעך צו אייגעם פון די צוועלף כאדאָשים אין יאָר. אין דער צאָל פון די צוועלף גייען אויך אריין די פיר אויסגערעכנטע אין טעקסט. (רעד.)

ביכדיי ער זאָל באַ זיך זיין געפאַלן, ניט מיינען, אז ער איז עפּעס, אויך אַ מענטש! בעעמעס, מיינע ליבע אידן, איז טאַקע אַזוי, א אינגל טאָר ניט האָבן זיין סייכל; ווי אַן עלטערער זאָגט, אַזוי באַדאַרף זיין. אַ אינגל באַדאַרף וויסן, זאָגט אַן עלטערער — טאָג, כאָטש עס מעג זיך זיין נאַכט, איז טאָג, גאָר אָן קאַשעס. עלע ניט, איז ב׳טער. היינט פרעגט ער אַזאַ קאַשע, און מאָרגן וועט ער שוין פרעגן גאָר עס-טע-טע! עס וועט אים שוין ניט געפעלן, פאַרשטייט איר מיך, דאָס, יענץ, אַסאַך זאַכן... איך זאָג עס אַקעגן דעם, אַז טאַטעס באַדאַרפן עס וויסן. אונזערע עלטערן פאַרצייטן האָבן עס פאַרשטאַנען בעסער פון די היינטיקע, דעריבער טאַקע איז געווען, אז גוט און וואויל. מיילע, ווי די מאַיסע איז, פעטש אַהער, פעטש אַהין, מיינער איז דערווייל ארויס פונם כיידער און האָט אָנגעהויבן אונטער מיין האַשגאָכע צו לערנען באַ אונז אין בעסמעדרעש אַליין פאַר זיך. עס פאַרשטייט זיך, איך ווייז אים אַמאָל אונטער. ווי איר קוקט אים אָן-אָ, קען ער שוין, אָט-אָ דער שנעק, גאַנץ בייצה, קידושין, כתובות און נדה!...[1])

אַזוי האָט געוויינטלעך דער טאַטע אויסגעלאָזט דעם שמועס מיט אַ שיינענדיק פּאָנים, אָנווייזנדיק פונדערווייטנס מיט א פינגער אפן זון, און געטראַכט בעשאַס מאַיסע באַ זיך: האַ? עפשער וויל גאָט גאָר אַ שידעך... דערפון זאָל זיך אויספּיקן א קאַלע — טאַ!..

---

1) מעסיכטעס טיילן פון דער געמאָרע. (רעד.)

## דאָס זיבעטע קאַפּיטל.

צו דערציילן דאָ, ווי לייזער-יאַנקל האָט ראָשעשאָנע שטאַרק גע-אַרבעט אין דאַוונען, וואָלט געווען אַ שטיקל אומרעכט אַקעגן דעם איבעריקן אוילעם פונם קלייזל, ווייל דער אוילעם אידן האָט פון זיין זייט אויך געאַרבעט, געשריגן מיט אים איניינעם. לייזער-יאַנקל איז, עמעס, טאַקע געווען דער שאָליעך ציבער, דאָס הייסט, דער דעפּוטאַט, אויסגעקליבן פון קאָהעל צו דעם ריבוינע שעל אוילעם; נאָר אידישע קינדער אָבער האָבן ליב אומעטום זיך אַריינצומישן, און ווען זייער דעפּוטאַט זאָל אפילע זיין מיט הערנער, אן אנטיק אין דער וועלט, דאָך, קוים לאָז ער עפּענען אַ מויל זיך עפּעס אָנצורופן, פאַלן זיי אים אַריין אינדערמיט איטלעכער מיט זיינס, איטלעכער מיט זיין צינגל אף זיין שטייגער, טראַכטנדיק אין האַרצן: יענער מעג זיך זיין דאָרט וואָס ער איז, פאַרשטיי איך נאָך, נישקאָשע, אַ זאַך עפּשער אזוי גוט ווי ער. יענער מעג זיך הייטן מיין מענטש, האָבן פון מיר א „כח-הרשאה“ 1), פונדעסטוועגן קוקן אים אין מויל אַריין צופיל טאָר מען ניט, מע מוז אים אַ מאָל ווייזן און אַרויס מיט א וואָרט. קלאָמפּערשט הייסט עס, יענער איז דער אַדוואָקאַט, דער שטאדלען, מע פאַרלאָזט זיך אינגאַנצן אף אים, פונדעסטוועגן אליין מוז מען אויך עפּעס טון, זיך קלאָגן אויבן, אין סענאַט פאַר דעם אייבערשטן און אָנבעטן הינטן-אַרום אויך די גרויסע סאָרים פאַצפאַציאַ אוכעדוימע דאָס גאַנצע פּעקל סטראַפּטשעס, סעקרעטאַרן מיט זייערע פאַקטוירים אין „בית דין של מעלה“ 2) דאָרט.

און די קינדער איסראָעל ארבעטן, לאָזן זיך הערן אף קוילעס ביז דעם זיבעטן הימל. ס'איז אַ ליאַרם, א געפּילדער, א גערוואַלד, אַז טאקע אין גאָט נאָר קען פאַרשטיין, וואָס זיינע אידעלעך ווילן, וואָס זיי בעטן און שרייען.

---

1) „קויעך הארשאָע“ — פולמאכט. 2) אין „בעסרן שעל מאילע“ — אין הימלשן גע-ריכט. (רעד.)

דער אוילעם אידן האָט גוט געשריגן, לייזער-יאַנקל אָבער האָט זיי אריבערגעשריגן, פּאָרט טאַקע אויסגעפּירט זיינס — אָפּגעשפּילט דעם „מעלעך עליוין" מיט אַ מארש, לעבעדיק, קנאַקנדיק, און הערשעלען איז אויך עטלעכע מאָל געראָטן צו טון א קוויטש, אזוי אז עס האָט געהילכט.

אָט אַזוי איז אָפּגעלאָפן דאָס דאַוונען דעם ערשטן טאָג ראָשע-שאָנע. לייזער-יאַנקל, הייסט עס, איז געווען פון אויבן, ער האָט איינ-גענומען. דעם אַנדערן טאָג אָבער האָט שוין גרויער געווען טאקע דער אוילעם. עס האָט זיך געראַשט און גערוישט באַם זאָגן די שטיקלעך פּאַיעט מיט די טפילעס, ווי עס רוישט זיך דער וואַלד בעשאַס אַ שטורעמווינט, אף אלערליי טרויערדיקע קוילעס. עס האָבן געשריגן העלזער, געזיפצט, געקרעכצט הערצער, הענט האָבן געפּאטשט, פינגער געקנאַקט און קעפּ, האַלב-איבערגעדעקטע, און אינגאנצן ביז דעם בויך איבערגעדעקטע מיט טאַלייסים האָבן זיך געוואָרפן אין אלע זייטן, גע-שאָקלט ארוף און אַראָפּ.

איינג איז געווען אין קלייזל, אַ שפּילקע קעפּל אַהין ניט אַריינצו-ווארפן. הייס, א שרעק! לייזער-יאנקל איז אָפּגעגאנגען מיט שוויס, און כאפּנדיק א בלאָז פון א צוג-ווינטל, האָט ער פארלוירן דאָס קאָל, איז געבליבן ווי דערוואָרגן, נעבעך. געראטעוועט האָט אים נאָר דאָס איינציקע מיטל, וואָס ער האָט: וואו ס'איז אויסגעקומען צו זאָגן מיטן מויל עפּעס א רירנדיק שטיקל, זיך געשמאק צעוויינט, געגאָסן טייכן טרערן, אָפּכאַפּנדיק דערוויל די ווערטער אונטער דער נאָז — און דאָס איז איטלעכן שטארק געפעלן.

אף וויינען איז לייזער-יאַנקל געווען איין מאַיסטער אין דער וועלט, ער האָט געוויינט עפּעס מעכאַיעדיק-געשמאק: דאָס האָט אים פּאר-שאפט א נאָמען אין אונזער ווינקל און ער האָט געהייסן „דער קאַב-צאַנסקער באַל-בעכי". אַנדערע האָבן אים דרינען פארגליכן צו דעם באַרימטן ליטווישן כאזן „די קלאָג-מוטער". יענער, אזוי שמועסט פון אים די וועלט, האָט אין זיין צייט געוויינט עפּעס געטלעך בעטאַמט: אלץ מאַמע, מאמע! גאַנץ אידישלעך, מיט דעם זיבעטן כיין.

הערשעלע האָט, אף דעם טאטן קוקנדיק, זיך אויך צעוויינט און דערפון טאַקע בא זיך אין הארצן זייער האנאָע געהאט. מע באדארף וויסן, וואָס הייסט אזוינס בא א אינגל וויינען ראָשעשאָנע און יאָם-קיפּער אין שול, אז אלע זאָלן זען. דערצו טוען אינגלעך שארפע מיטל — שמעקן, נעבעך, טאבאקע, קנייפן זיך שטילערהייט, רייבן די אויגן — און אונזער הערשעלע איז דאָס מאָל אַזוי גליקלעך געווען צו וויינען גאָר אָן יענע אַלע זאכן! דעריבער איז אים עפּעס גוט געווען אפן האַרצן פון זיינע טרערן, ער האָט געקוקט אף זיך עפּעס מיט גרויס

דערעכערעך, זיך אומגעקוקט, אויב מע זעט ווי ער וויינט און עס גייען ניט פארלוירן זיינע טרערן, דערביי טאקע אלץ געטאפט הינטערוויילעכס די באקן, אויב זיי זיינען גוט נאַס.

א פּאָר טעג נאָך ראָשעשאָנע איז מאלקע-טויבע אוועקגעפאָרן אהיים, מיטפירנדיק מיט זיך גאנצע זעק פעדערן, וואָס זי האָט אין עטלעכע געהויבענע ערטער אָנגענומען, איבער דעם ווינטער עס אויסצופליקן. אויך פּאָדעם א היפּש פּעקל אף זאָקן אויסצוארבעטן און דערצו נאָך אביסל סכוירע אין גלייכן געלט: זייף, קראָכמעל, ציץ אף קליידלעך מיט רויטע גרויסע קווייטן, עפּעס גאָר א מיעסע מעציע, און די באַרימטע גלופּסקער שוועבעלעך, וואָס ווערן אף דעם פייער אפילע ניט פארברענט און מעגן זיין א גוט מיטל צו לעשן מיט זיי סרייפעס.

אוועקגעפאָרן איז זי עפּעס בייז, פול מיט פאַרדראָס. זי איז באַרויגעז געווען, שטאַרק אָנגעלאָדן אף טריינע-סאָסלען, מיט וועלכער זי האָט נאָך דעם גרויסן גוט לעבן זיך מיעס צעווערטלט און פון דער שטארקער ליבשאַפט האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך.

ניין מאָס רייד קלעקט פאַר צוויי ווייבער ניט מער ווי אף א פּאָר טעג. ביזוואנען ס'איז נאָך געווען פון וואָס, פון וועמען צו רעדן, האָט דער צונג געקלאפּט, געמאָלן. קוים אָבער האָט זיך אויסגעלאָזט רייד, האָבן זיי אָנגעהויבן איינע צו דער אנדערער זיך צוקוקן, איינע אין דער אַנדערער אויסזוכן פעלער, און זיך געבלאָזן.

מאַלקע-טויבען איז ניט געפעלן דער איינגייער, וואָס קומט אַלץ צו טריינע-סאָסלען, מאכנדיק מיט איר קוצעניו-מוצעניו, און נאָך ווען? אין אזעלכע טעג, וואָס א פיש אין וואסער ציטערט. היינט איז איר אויך ניט געפעלן, וואָס דאָס טיכל אפן קאָפּ איז איר ארופגערוקט, אזוי, אז עס קוקט ארויס האָר; וואָס הינטערן קליידל רוקט זי ארונטער עפּעס א בארג מיט שמאטעס, מיט רייפן, ביכדיי עס זאָל אויסקומען, מעכילע, דיקער, גרעבער. זי האָט איר מיקויעך יענץ געגעבן אָנצוהערעניש: עפּעס ניט ווי באַ א אידישער טאָכטער, אויך עטלעכע מאָל אליין מיט אירע קאָשערע הענט גענומען און אַראָפּגעלאָזט איר נידעריקער אפן שטערן דאָס טיכל, אַ טאַפּ געטון איר פון הינטן דאָס קליידל, געמאכט דערנאָך פון דיביידע פּאָרנט-צו אויסגעשטרעקטע הענט אַ קיילעכדיקן בייגל, געשאָקלט דערביי מיטן קאָפּ, אויסציענדיק די ליפּעלעך עפּעס מיט א מעשונע זויער קרימעלע, גלייך ווי גערעדט: אָ-אָ, האָסטו עס א באָמבע, באַהיט זאָל מען ווערן!

טריינע-סאָסלען ווידער האָט ניט געטויגט צו דער זאַך א פרעמד אויג, האָבן נעבן זיך א רעבעצן. איר איז אויך גרויס געווען אין די אויגן מאַלקע-טויבעס עסן, ווי זי פאַקט, עסט פאַר צען און קען ניט

כאַפּן די זעט, עפּעס גאָר א היישעריק! אין דעם פּסאַק, וועלכן זי האָט איינמאָל געכאַפּט פון דער באַלעבאָסטע, האָט זי באַ זיך באשולדיקט מאַלקע־טויבען — דאָס האָט זי איר צוגעשטעלט א הינטער־פּיסעלע, דאָס איז טאַקע נאָר איר מעלאָכע.

מאַלקע־טויבע האָט טאַקע א פּאָר מאָל זיך געשושקעט עפּעס מיט דער באַלעבאָסטע, געגלאָצט מיט די אייגעלעך, מאַכנדיק א פאַרפרומט פּענימל און אלץ געשפּיגן, געשנייצט די נאָז. און אַז טריינע־סאָסל איז דערוף אָנגעקומען, איז דער שמועס פּלוצלים איבערגעהאַקט געוואָרן. מאַלקע־טויבע האָט, רויט ווערנדיק ווי א צוויק, זיך געקראַצט, געדרייט, געמאַכט מיט די אַקסלען און געבליבן דערנאָך שטיין מיט אַ קרומען רוקן, איינגעהויקערט ווי א קאַץ, אונטערשפּאַרנדיק די באַק מיט א פינגער...

האַקלאַל, די פריערדיקעביידע כאַווערטעס, וואָס זיינען געוועזן דאָס לעבן מיט דער נעשאָמע, האָבן זיך געבלאָזן, איינע דער אנדערער געגעבן אָנצוהערעניש מיט שטעכווערטלעך. די — יענער א פּיק, יענע — דער א פּיק, ביז זיי זיינען לעסאָף אַרויס מיט די געשליפענע צינגלעך און האָבן זיך גוט צעקריגט.

און מאַלקע־טויבע, שטאַרק אופגעבראַכט אף טריינע־סאָסלען, האָט באַם אוועקפאָרן אויסגעלאָזט איר קאָס צו דער גאַנצער וועלט און צו איטלעכן באזונדער: צו דעם באַלעגאָלע, פאַרוואָס אַ צען גראָשן מער ווי בא אַנדערע נעמט ער, נישקאָשע, באַ איר, און זעצן — זאָל אים אַרויסזעצן די נעשאָמע! — זעצט ער זי אַראָפּ אונטן, צווישן די אקעגנדיקע פאַרשוינען; צו דעם מעקלער, וואָס האָט בא איר געמאָנט אַ דרייער פאַר זיין טירכע, רופנדיק זי מומע; צו דער קו, וואָס איז אונטערגעקומען אף דער גאַס צום וואָגן גאַנץ היימיש, ווי אן אייגענע, אָן גרויסע צערעמאָניעס, זיך אריינגעשטעקט די מאָרדע אונטער איר געזעס און אַרויסגעשלעפּט א פול מויל שטרוי, ניט געמיינט, כאָלילע, עמעצן דערמיט צו באַליידיקן, נאָר גלאַט אזוי, ווי דער שטייגער אירער איז שטענדיק, כאפּן א לעק פון די וואָגנס; אויך צו דעם יונגנמאַנטשיק, לעהאַוודל, וואָס דרייענדיק דאָס שטעקעלע אף זיין שטייגער באַם גיין אף דער גאַס, האָט ער, שטופּנדיק זיך האַרט באַם וואָגן, מיטן סקיפּקעלע איר דערלאַנגט א זעץ אין פּאָנים, שיר אן אויג איר ניט אַרויסגענומען, עס פאַרשטייט זיך, אומגערן, ניט געמיינט, כאָלילע, קיין שלעכטס. האַקלאַל, זי האָט זיך געוואָרפן, אומזיסט־אומנישט אויסגעלאָזט איר צאָרן צו דעם, צו יענעם און צו גאַנץ גלופּסק, וואָס האָט געמעגט פון אירעטוועגן איינגעזונקען ווערן, גלייך ווי די

אלע, נעבעך, זיינען שולדיק דערין, וואָס טריינע סאָסל איז א היצ-
לעכע, א שלאַק פון זיין ליבן נאָמען.

דער באלעגאָלע האָט זיך גענומען מעכילע בעטן זיינע געפייגערטע פערד, וואָס באם מעקלער, דעם באלעגאָלישן שאדכען — א בעריע אף צו פארגרעסערן, ווי געוויינטלעך אלע אנדערע שאדכאָנים — הייסן אזעלכע—לייבן, אָדלער, און די נעווײלעס האָבן נאָך א צענדלינג בייטשן זיך געקוועטשט, מאַטריעך געווען די אלטע ביינער זיך צו רירן פונם אָרט, ארויסשטעקנדיק די צינגלעך און אונטערשמייסנדיק זיך מיט די אויסגעקראָכענע דינע ווײדעלעך.

מאַלקע-טויבע האָט נאָך דעם צענטן מאָל געזעגנען זיך אויסגעשטרעקט די האנט פונם וואָגן און נאָכגעשריגן דעם מאַן איבער דער גאנצער גאַס הויך אף א קאָל:

— לייזער-יאנקל! לעמאַנעשעם, פארגעס ניט מיקוייעך יענץ!..
ברייננג אהיים עטלעכע פעקלעך ציקאָריע! לייזער-יאנקל, לעמאנעשעם, שוויצן! טרינק אויס עטלעכע גלעזלעך טרוקענע מאלינעס! הערשעלע! דעם טאַטנס שטיקל פיי ליגט איינגעבונדן מיט דעם וועג-היטל! גע-
דיינק-זשע, שוויצן!..

---

# דאָס אַכטע קאַפּיטל.

נאָכדעם אז הערשעלע האָט אַרויסבאַגלייט די מאַמע, איז ער גע-גאַנגען ווידער אין זיין רוּ אַריין, אַהין אין קלייזל, וואו ער איז שוין געווען אַ ביסל היימיש. עס האָבן אים אַהין געצויגן ווי אַ מאַגנעט צוויי מענטשן דאָרט — איינער אַ גרייז-גרויער איד, רעב אַווראָם מעקאַבל[1], און דער אַנדערער, מוישעלע, אַן אָרעם באָכערל, מיט אים קימאַט אין איינע יאָרן.

רעב אווראָם איז געווען פון די געהויבענע מעקאבלים, וואָס רע-כענען זיך בּאַ אידן צום קאַפּיטל קליי-קוידעש און שטייען אף דער צווייטער שטופע נאָך די דאַיאָנים. דער טיטול זייערער איז, געוויינט-לעך: שיינע אידן. דעם גרעסטן טייל טאָג איז ער געזעסן אין קלייזל איבער אַ סייפער, און גענעכטיקט האָט ער בּאַ זיך אינדערהיים. ער איז געווען זייער איינגעזעסן בּאַ די אַלע בּאַלעבּאַטים אין קלייזל, פון וועלכע דער גרעסטער טייל האָבן נאָך בּאַלעבּעסלוויים, בּאַלד נאָך זייער כאַסענע, אים דאָ געטראָפן אזוי דינען גאָט און זיינען מיט אים דעריבּער שטאַרק געוויינט געוואָרן. אָן אים וואָלט, דאַכט זיך, דאָס קלייזל קיין קלייזל ניט געווען, עס וואָלט עפּעס געפעלט. ר׳ אווראָם האָט געהאַט איינגאַנג אין פיל לייטישע הייזער און זיך געריבּן אַרום נעגידים, צו וועלכע ער פלעגט אַמאָל אַריינקומען אַ שאַבּייסענאַכטס אף אַ גלעזל פּונש, מאַכן מיט זיי עפּעס אַ שמועס, נעמענדיק דערבּיי אַ גוטן ציגאַר-טיטון, און וועלכע עס פלעגן אים אַמאָל אויסהערן וועגן אַ שידעך.

דער נאָמען שיינער איד האָט אים בּעעמעס טאַקע געפּאַסט. אף זיין קאַפּאָטע האָט זיך ניט געפונען קיין שפּריינקעלע, שטענדיק ריין, גאַנץ, אָן אַ ריס, אָן אַ טרען, אין דער קעשענע אַ נאָזטיכל, קיינמאָל ניט געשפּיגן, ניט געשנייצט די נאָז פריי אקעגן מענטשן אין פּאָנים אריין

1) „מעקאבל״ — אַ נעמער. אַ מענטש, וואָס באַשעפטיקט זיך ניט מיט פּאַרנאָסע, און די אַרומיקע גיבּן אים זיין אויסקומעניש. (רעד.)

און ניט געווישט זי מיט דעם אַרבל אָדער מיט אַן עק פּאָלע, ווי אַנדערע. זיין שוואַרצע, סאַמעטענע יאַרמעלקע איז געווען פריש, פיין, אָן פעדערן, ניט פאַרשמאָלצעוועט דיק מיט פעטע מיעסע פלעקן, א איפּעש פון פאַרטריקנטן שווייס. דאָס פּאָנים לויטער, מיט א מיטעלער באָרד, ריין, ווייס, ווי אויסגעפּאַלענער שניי. די געדיכטע גרויע וואָנצעס ניט אָפּגעשאָטן מיט טאַבאַקע פון א מיסע-מעשונע-קאָליר און אַף די ליפּן שטענדיק א גוט שמייכעלע.

רעב אוורהם איז שטענדיק געווען אופגעריימט, מיט א פריילעכער מינע, און אַז ער האָט געטון אַמאָל א זיפץ, איז דאָס ניט געווען פאַר זאָרג און יעסורים, נאָר גלאַט אזוי זיך א אידיש זיפצעלע, ווי דער שטייגער איז באַם עפענען א סייפער, אָדער מאַכן א בראָכע, נעמענדיק אין האַנט א גלעזעלע וויין, אויך באַם שטעלן זיך דאַוונען. זיצנדיק אין קלייזל באַם טיש איבער א סייפער, פלעגט ער געוויינטלעך ליב האָבן שמועסן מיט מענטשן, הערן וואָס דער, וואָס יענער דערציילט כאדאָשעס[1]) און אליין טאַקע עפּעס אויך דערציילן. באַם רעדן פלעגט ער גלעטן מיט דער האַנט דעם שטערן, אויך אונטערהייבן אַ קאַפּעלע די יאַרמעלקע, פּאָכנדיק פּאַמעלעכן מיט איר אפן קאָפּ. אים האָט ניט אויסגעמאַכט דערוואקסענע מענטשן, אָדער יונגעלייט, באָכורימלעך, ער האָט גערעדט גערן מיט אלע גלייך, גענומען צום האַרצן איטלעכנס אַ זאך און ניט אַוועקגעמאַכט קיינעם מיט דער האַנט. אינגלעך זיינען אויך מענטשן. דאָס וואָרט „שקאָץ”, וואָס ער פלעגט עס זאָגן אַמאָל מיט א שמייכעלע איינעם א יונגגמאַן, האָט עס געהייסן באַ אים א סימען פון ליבשאַפט, אז ער האַלט פון יענעם זייער שטאַרק.

ר׳ אַוורהם האָט באַלד פונם ערשטן טאָג זיך צוגעקוקט פונדערווייטנס צו הערשעלען, ווי ער פירט זיך גוט אוף, און געטראַכט באַ זיך: אַ וואויל קינד אונזער לייזער-יאַנקלס, מע באַדאַרף אים מעקאַרעוו זיין.

אַז הערשעלע איז איינמאָל פאַרטיפט געווען אין דעם לערנען, אונטערשפּאַרנדיק דעם קאָפּ מיט ביידע הענט אפן שטענדער, האָט רעב אוורהם, פאַרבייגייענדיק נעבן אים, זיך אָפּגעשטעלט, אריינגעקוקט פון דער זייט צו אים אין דער געמאָרע, אים אזוי זיך פון-אויבן-אוף א פרואוו געטון, א פרעג געגעבן, וואָס באוואָרנט ראַשע דאָ מיט זיין „כלומר”[2]) ? וואָס דער טאַנע לאָזט מיך דאָ הערן? און וואו ליגט דאָ דער רעכטער קוועטש ?..

ר׳ אוורהם אליין האָט ניט געהאַט קיין שפּיצעכדיקן קאָפּ אופצוטון שאַרפע פשעטלעך, ער איז געווען נאָר א באַלעבאַטישער לאַמדן.

---

1) נייס. 2) „קלוימער”—אַזוי צו זאָגן. (רעד.)

זיין איקער לערנען איז געווען מוסער-ספרים, איין-יאַנקעוו און מעדרעש, וואו עס געפינען זיך וואונדערלעכע מאַיסעס, ווערטלעך, מעשאָלים, שיינע איינפאַלן. אויך האָט ער געזופּט „זויהער", ווי וואַסער, אָפּצופרישן זיך נאָר מיט די ווערטער אליין, ניט אָפּצושטעלן זיך לאַנג איבער א האַרב וואָרט, צוטרעפן דעם רעכטן טייטש. צייטנווייס פלעג אים עפּעס געבן א בריי — און ער האָט זיך גענומען זופּן „זויהער" געשמאַק, מיט כיישעק, די אויגן האָבן אים געפלאַקערט, דאָס פּאָנים געפלאַמט, ווי בא א פאַרליבטן. דאָס פלעגט זיך מיט אים מאַכן געוויינטלעך בא יענע שטעלן דאָרט, וואו גאָט שפּאַצירט אין גאַניידן מיט די צאַדיקים, די ביימער שמעקן, גיבן פון זיך ארויס זיסע רייכעס פון בסאָמים; קיטעס, קיטעס פון מאַלאָכים שפּרינגען קדושע, לויבן, רימען, באשיינען זיין הייליקן נאָמען און זאָגן שירע; וואו די „שכינע" צעגיסט זיך אין הייסע, הייליקע געפילן, ביינקט, קרעכצט, ברומענדיק ווי א טויב פאַר גרויס ליבשאַפט צו דער קנעסעס איסראָעל. אַמאָל קלאָגט זי, וויינט אף זיך ווי אויך אף איר געליבט פאָלק, וואָס איז, נעבעך, אזוי פאַר-וואָגלט, פאַרשוואַרצט אין גאָלעס, און אַמאָל טרייסט זי אים, איר טייערן זיסן געליבטן, נעמט איין מיט זיסע רייד און גוטע האָפענונגען אף שפּעטער. נישקאָשע, זיי וועלן זיך נאָך אימירצעשעם צונויפגיין — און דענסטמאָל וועט זיין אַזאַ לעבן, וואָס די וועלט האָט עס נאָך ניט געהאט...

דער זויהער, דאָס איז א סינאַי, א פייערשפּייענדיקער בארג פון הייליקער, ריינער ליבשאַפט, דאָרט זיינען זיך מעשאַדעך די ערד מיט דעם הימל, מאַלאָכים, סראָפים מישן זיך אויס אינייעם מיט מענטשן און גיבן, קושנדיק זיך, איינער דעם אנדערן געטלעכע געפילן; דאָס איז אַ פייערדיקער זייל פון ליבע, וואָס האָט צום ערשטן מאָל אַ שיין געגעבן פאר אידישע קינדער אין די מיטעלע יאָרהונדערטן, ווען ארום זיי איז געווען-שטאָק-פינצטער, ווען פיינטשאַפט, ווילדע אַכזאָריעס, פארבלענדקייט האָבן זיי אָנגעטון געבערענטע, געבראָטענע לייר און פאַרגיפטעט זיי, נעבעך, דאָס לעבן, — דאָס איז דער ערשטער אידישער ראָמאַן, דער „שיר האַשירים", דער ראָמאַן פון אלע ראָמאַנען...

ר' אווראָם איז אין זיין גראַד געווען, ווי רופט מען עס עפּעס, א פּאָעט. עס האָט אים עפּעס געצויגן צו „הגדתות" [1], צו די וואונדער-לעכע שיינע זאַכן אין דעם זויהער און איז אף זיין שטייגער גע-ווען פאַרליבט. די געמאָרע, אקעגן, איז פאַר אים געווען א טרוקענע זאַך, וואָס דערנערט דעם סייכל און קוויקט ניט דאָס האַרץ. ער האָט דעריבער דאָס לערנען זי געהאַלטן נאָר פאַר אַ מוז, און געלערנט אף

1) „האַגאָדעס" — דערציילונגען, לעגענדן, מעשאָלים. (רעד.)

אַזויפיל נאָר, וויפל אים איז עס נייטיק געווען צום אייסעק: אין די ניין טעג, אשטייגער, צו מאַכן א סיעם, ביכדיי די באלעבאַטים זיינע זאָלן מעגן עסן פליישיקס, ערעוו פייסעך—א סיעם פאר זיינע באקאַנטע בכוירים, זיי זאָלן דעם טאָג ניט פאַסטן, און א פיירעק מישנאַיעס אלע טאָג מיט א ראַבאָנען קאַדעש פאַר א מעס, וואָס דערוף האָבן אים דאָך די יאָרשים געדונגען אף א גאנץ יאָר. פונדעסטוועגן איז אים די גע-מאָרע געווען הייליק און האָט שטאַרק האַנאָע געהאַט, אז יענע לערנען.

אז הערשעלע האָט געלערנט, איז עס בא אים געווען זייער אָנגע-לייגט, מאַכטייסע, שיין, גאַנץ פיין און ווען ער האָט פאַרבייגייענדיק הערשעלען א פרעג געטון, וואָס ראַשע באוואָרנט מיט דעם קלוימער? איז דאָס געווען גלאַט אן אויסרייד, ווייל אזוי האָט עס אים געפּאַסט, ניט געמיינט גאָר אריינצולאָזן זיך דאָ מיט אים טיפלעך אין א פּילפּל. אָבי הערשעלע האָט עפּעס געענטפערט, זיך געדרייט מיט דעם קעפל, מאַכנדיק דערביי מיט א פינגער, איז עס פאַר אים שוין געווען גאַנץ גענוג — א סימען, אז הערשעלע איז א גוט אינגל, אן ערלעך קינד — און ער האָט אים דערפאַר שוין טאַקע ליב באקומען.

מוישעלע — א שוואַרצכיינעוודיקער מיט פרישטשיקלעך אפן ברייט-פלאַטשיקן פּאָנים, איז געווען א שטיל אינגל, א שלאָפס, פון אָרעמע עלטערן, ערלעכע לייט, באַ וועלכע ער איז, נעבעך, פון קינדוויים אוף שטאַרק אָפּגעקומען אין נויט, אין דאכקעס און זיך קיינמאָל זאַט ניט אָנגעגעסן. נאָך גאָר קליינערהייט האָט ער זיך ארויסגעוויזן פאַר א פאר-שטענדיק קינד, מיט א גוט קעפל צום לערנען, און דאָס איז בא די עלטערן געווען דער איינציקער טרייסט אין זייער ביטער לעבן. זיי האָבן אָפּגעשפּאָרט פון די נייטיקסטע באַדערפענישן, פיל מאָל ניט דער-געסן, ניט דערטרונקן, ביכדיי צו צאָלן פאַר מוישעלען סכאַר-לימעד, אָבי זייער מוישעלע זאָל קענען לערנען און דערמיט אליין זיינען זיי געווען זאַט, זייער צופרידן.

אויב אידן זיינען אויך מענטשן, ווי אלע אנדערע, אָדער ניט?—דאָס איז א גאַנץ אַלטע שאַילע, מיט וועלכער די וועלט דולט זיך שוין פון אייביקע יאָרן און ביז היינט נאָך ניט געקומען צו קיין עק. נאָר דאָס אָבער איז א גאנץ קלאָרע, געוויסע זאַך, אז דער אידישער מאָגן איז עפּעס גאָר אנדערש ווי בא אלע אנדערע מענטשן. דען וואו נאָך איז דאָ אַזאַ מאָגן, וואָס זאָל זאַט זיין מיט טוירע, מיט לערנען, ווי באַ אידישע קינדער? באַ וועמען נאָך פון די אלע פעלקער איז אין זייערע ספּאָרים דאָ אַזאַ אויסדרוק, אזא פּאָסעק „ותורתך בתוך מעי”, און דיין טוירע איז מיר אין מיינע געדערים, ווי באַ אונז אידן? דאָס מעגן יענע

דאָרט אין דער וועלט הערן און זיך גוט באטראכטן. אַזאַ מאַשינע, אין וועלכער עס אַרבעט אזא געטלעכע קראַפט, איז אן אייביק געווער און וועט פון יענעמס א בלאָז מיט דער מויל, פון יענעמס א קלאפּ מיט דער האַנט זיך, נישקאָשע, ניט אנידערשטעלן. אַזאַ זייגער, וואָס גייט דורך עלעקטריציטעט — דורך דעם גייסט פונם כומעשל, פון גאָטס הייליק וואָרט, — וועט אייביק ווייזן די צייט פון טאָג און נאכט און קלינגען אין דער וועלט.

מוישעלע האָט געלערנט, און די אָרעמע הונגעריקע עלטערן האָבן זיך געקוויקט, גרויס נאַכעס געהאַט. אַז דאָס קינד איז אונטערגעוואקסן און שוין אין שטאַנד געווען אליין א בלעטל געמאָרע איינצובייסן, איז ער ארויס פונם כיידער און זיך געזעצט לערנען פאַר-זיך דאָ אין קלייזל. איז אים אויסגעקומען אַמאָל אין דעם לערנען קרייטיש [1]), עפּעס אַ האַרבלעך שטיקל, פלעגט ער זיך ווענדן צו אידן לאָמדים און זיי פלעגן אים העלפן ארויף אפן וועג. מוישעלע, פון דער נאַטור א שעמע-דיקער, מיט א גוטן ווייכן כאַראַקטער, דערצו נאָך אַ שלאַפער, א קריינקלעכער, דערשלאָגן פון דער ביטערער נויט — איז געווען שטענ-דיק ווי עפּעס פאַרטראַכט, און זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון איטלעכן אין דער זייט. מע האָט פון אים ניט געהערט קיינמאָל קיין הויך קאָל, זיך געזעסן אין א ווינקעלע און געלערנט שטיל. אזוי איז ער אויך געווען צווישן זיינע כאַוויירים, באקאנטע אינגלעך, קיינעם ניט באַליי-דיקט מיט אַ גראָב וואָרט, ניט אָנגערירט קיינמאָל אַפילע אַ פליג אף דער וואַנט.

שווייגן — דאָס איז דער שטייגער זיינער געווען שטענדיק, דערפאַר אָבער האָבן באַ אים גערעדט די אויגן. אך, ריבוינע שעל אוילעם, וואָס פאַר אַ אויגן! וואָס זיינען דאָס געווען פאַר אַ אויגן! אף א קריינק-לעך בלייך פּאָנים פּלוצלים אַזעלכע צוויי אויגן! זיי האָבן עפּעס גע-רירט באַ דער נעשאָמע, אַרויסגענומען אַמאָל באַ יענעם דאָס האַרץ, עפּעס איז אין זיי געלעגן אַ גאַנצער אָפּגרונט, עס האָט זיך ארויסגע-קוקט די מינדסטע באַוועגונג, אלצדינג, וואָס אינעווייניק דאָרט אין אים גייט פאָר. דער ערגסטער קונדעס אַפילע, קוים האָט ער געפילט אף זיך מוישעלעס אויגן, איז ער באַלד אָפּהענטיק געוואָרן און עס האָט אים ניט דערלאָזט דאָס האַרץ אָנצורירן אים מיט א פינגער.

הערשעלע האָט אָנפאַנגס אף מוישעלען זיך געבלאָזן. עס האָט אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס האַלט ער זיך ווייט פון אים אין אַ ווינקעלע,

---

1) קרייטיש — האַרב, שווער, קריטיש. זע: י. מ. ליפשיץ — „יודעש-רוסיש ווערטערבוך״; א. האַרקאַווי — „אידיש-העברעאיש-ענגלישער ווערטערבוך״, ניו-יאָרק 1925. (רעד.)

אָנעמענדיק עס פון מוישעלעס זייט פּאַר שטאָלצקייט. הערשעלע אַליין איז בא זיך אין האַרצן געווען א שטיקל גאַדלען, ניט געקענט ליידן, אז אים זאָל מען ניט באַמערקן. ער איז געוויינט געווען בא זיך אין שטעטל זיין שטענדיק דער ערשטער, און היינט מאַכט אים עפּעס מוי־שעלע גלאַט אזוי אוועק. ניין, האָט ער בא זיך געטראַכט, אנדערש וועל איך מיט אים ניט באַקאנט ווערן, ביז ער מוז פריער צו מיר קומען.

אַז א פּאָר טעג אָבער איז אוועקגעגאַנגען און מוישעלע איז אלץ טאַקע ניט געקומען, האָט הערשעלע שוין ניט געקענט מער אויסהאַלטן און איז מיט זיין קאָוועד אליין צוגעגאַנגען צו מוישעלען מיט דער דייע אים אָנצולערנען — אַרויסרופן אים אף א פּאָיעדינעק, מיט א ווייזעניש אין דער געמאָרע. אדעראבע, לאָז מען זען, ווער ווער ועמען וועט איבער־שפּאַרן. די מילכאָמע צווישן זיי האָט זיך אָנגעהויבן. איינער דעם אנ־דערן האָט פאַרגעבן א ווייזעניש. הערשעלע האָט זיך געהיצט, זיך געוואָרפן, געדרייט אהער־אהין מיט אַלע איווורים. מוישעלע אַקעגן האָט זיך אויסגעדרייט, אָפּגעשלאָגן די קלאָץ־קאַשעס רואיק, געלאַסן, און דער שפּיץ איז געווען — זיי זיינען געוואָרן כאַווער.

הערשעלע האָט דערקענט, אַז ער האָט אין מוישעלען געהאַט א גראָבן טאָעס, און איז צו אים ווי צוגעקאָכט געוואָרן. וואָס ווייטער, ווייטער איז די ליבשאַפט צווישן זיי געוואָרן אלץ גרעסער, שטאַרקער, ביז זיי האָבן זיך צונויפגענומען און ביידע איניינעם געלערנט איין מע־סיכטע. רעב אווראָם האָט זיי דערפאַר ביידן געלויבט אין די אויגן, איטלעכן באַזונדער גערופן מיט א שמייכעלע „שקאָץ“ — און די פריינט־שאַפט צווישן די אַלע דריי איז געוואָרן שטארק.

---

## דאָס נײַנטע קאַפּיטל.

לייזער-יאַנקל האָט געטון דעם ווײַבס ראָצן, געטרונקען באַנאַכט פֿאַרן שלאָף טרוקענע מאַלינעס און געשוויצט. אַף מאָרגן האָט ער נאָך אַרומגעבונדן דעם האַלז מיט דעם שטיקל פֿיי, וועלכס הערשעלע האָט געפֿונען טאַקע דאָרט בײַ אים אין דעם וועג-מיצל, און אויך אויס-געזופּט אַ פּאָר לייזע אייער.

נאָר דאָס אַלצדינג אָבער האָט ניט געהאָלפֿן. ער האָט זיך, אַפּאָנים, שטאַרק פֿאַרקילט דעם צווייטן טאָג ראָשעשאָנע באַם דאַווענען. די ברוסט איז אים אַלץ טאַקע געווען פֿאַרלייגט און באַם פּרואוון דאָס קאָל פֿלעג ער פּילן אַ שטאָך אין דער לינקער זייט.

מיילע, אַ שטאָך, יאַק אַ שטאָך, דאָס וואָלט אים אַזוי נאָך ניט גע-אַרט, צו שטעכעניש איז שוין אַ איד געוווינט און מאַכט זיך ניט וויסנ-דיק. גוט געאַרט האָט אים אָבער דאָס קאָל—דאָס איינציקע מיטל זיינס צום לעבן, פֿונוואַנען ער ציט דאָס שטיקל פּאַרנאָסע. דערנערט, משטיינס-געזאָגט, דערמיט ווײַב און קינדער. אָט איז שוין באַלד יאָמקיפּער, ווען די קיילע איז אים אַזוי נייטיק, מע באַדאַרף אַף איר אַזויפֿיל אַרבעטן—און דאָ איז ער נאָך הייזעריק. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די נאָז און געהאַט דערפֿון גרויסע יעסורים.

די שאַמעשטע האָט געפּילט זיין האַרץ, און פֿאַר גרויס ראַכמאָנעס זיך גענומען אים צו היילן מיט אַלע באַבסקע מיטל. זי האָט אים גע-שטעלט אַ גרויסע שפּאַניש-פֿליג, געמאַכט עפּעס אַ שמירעכטס אַף איינ-צורייבן אונטערן לעפֿעלע, געגעבן אים טרינקען עפּעס קרייטעכצער אַזוינע פֿון אַן אַלטער דאָרפֿס-גויע, אויך ראָסל פֿון אוגערקעס, אונטער-גערויכערט אים מיט פֿעדערן, געגעבן אים שמעקן טאַבעקע, איבערגע-ברענטע, געמאָלטע קאַווע, אָפּגעשפּראָכן אים אין איינוועגס טאַקע אַן איינאָרע אויך און פֿאַרבונדן אים דעם האַלז מיט אירן אַ גראָבן וואָלע-נעם זאָק. לייזער-יאַנקל, נעבעך, האָט ווי אַ קינד געלאָזט טון מיט זיך אַלצדינג, וואָס מע וויל, אַבי סע זאָל אים זיין דאָס קאָל.

סע גייט אוועק אַ טאָג נאָך אַ טאָג און גאָרניט. ערעוו יאָמקיפּער אינדערפרי האָט זיך באַ לייזער-יאַנקלען געוויזן עפּעס אַ קאָל, אָבער ס'איז געמעלאָכעט, ניט זיין „קיילע" ווי שטענדיק, עפּעס גאָר אַ מין בייקאָל, אונטן גרעבלעך, און אויבן אַביסל געפּייפט.

ער האָט געפּרואווט זאָגן דערמיט די „יעלות"1). די שאַמעשטע האָט אויסגעהערט און, שאָקלענדיק דעם קאָפּ, זיך מיט טרערן אין די אויגן אָנגערופן:

— געלויבט איז באָרוך-הוא או באָרוך-שמוי! גאָר אַ דערקוויקע-ניש, כ'לעבן, נאָך בעסער ווי פריער.

דעם יאָמקיפּער האָט לייזער-יאַנקל ווי-ס'איז אָפּגעשפּילט אַפן נייעם מין בייקעלכן, אַלץ הויך, אַף דער דינער סטרונע. באַ אים איז אויסגע-קומען דעם אוילעמס ווערטל פאַרקערט: „אז מע קען ניט אַרונטער, מוז מען אַריבער". אַבי גאָט האָט געהאָלפן, ער איז דעם יאָמקיפּער איבערגעקומען בעשאָלעם און האָט זיך שוין געקענט באַגיין אָן דעם קאָל ביז איבער אַ יאָר יאָמים נויראָים, אימירצעשעם, האָט אים שוין ניט אַזוי אויסגעמאַכט דאָס, וואָס ער איז הייזעריקלעך. ביז איבעראַיאָר איז נאָך גאָט אַ טאַטע.

נאָר קוים איז אים ארויס פונם זינען דאָס קאָל, האָט זיך אים אָפּ-גערופן שטאַרק אין דער זייט דאָס שטעכעניש, אַזוי אַז ער האָט שוין ניט געקענט זיך ניט ווייסנדיק מאַכן און זיך געמוזט צוהערן. פריער האָט ער זיך געטרייסט אַלץ מיט דער האָפענונג, עט, נישקאָשע! עס וועט פאַרגיין, ער באַדאַרף זיך נאָר אַ פּאָר טאָג איבערליגן. די שאַ-מעשטע האָט אויך געזאָגט:

— עט, ס'איז גאָרניט! ס'איז היינט עפּעס אזא אונטערגאַנג.

און דערנאָך ערשט, אַז ער האָט שוין ניט געקענט כאַפּן דעם אָטעם און געפּאָכעט מיט דער נעשאָמע—איז געוואָרן אַ טאַראַראַם, אַ געפיל-דער. מע האָט אַראָפּגעבראַכט דעם רויפע מיט דעם גאַנצן קלאַפּערגע-צייג, וואָס האָט אים געשטעלט באַנקעס, געלאָזט צו דער אָדער און אים אָפּגעצאַפּט אַ היפּש ביסל בלוט. עס האָט אים אָבער ניט געהאָלפן דער רויפע אויך און מע האָט אים קימאַט אַ טויטן אָפּגעפירט אַף אַ וואָגעלע אין ביקער-כוילים, וואו ער איז עטלעכע וואָכן אָפּגעלעגן שטאַרק קראַנק.

דערווייל איז זיך אַזוי אַוועקגעגאַנגען דער סוקעס.

אונזער הערשעלע האָט געהאַט, נעבעך, אַ פאַרשטערטן יאָנטעוו. פונקט אין סימכעס-טוירע איז דעם טאַטן געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז מע האָט געמיינט, אָט גייט אים אויס די נעשאָמע, און דערדאָזיקער טאָג,

---

1) „יאַילעס"—טפילעס פון יאָמקיפּער אפדערנאכט. (רעד.)

דער בעסטער, דער פריילעכסטער פאַר אידישע קינדער, איז בא הער־שעלען געווען טישעבאָוו.

דעם גאַנצן טאָג האָט ער פאַר גרויסע צאָרעס אין מויל ניט געהאַט כוץ אַ שטיקל לעקעך, וואָס ער האָט באַקומען באַם אופרופן אים צו דער טוירע אין שול „עם כל הנערים" [1]. נאָר, משטיינס-געזאָגט, וואָס דאָס איז געווען פאַר אַ שטיקל לעקעך! גאָר ניט דאָס, וואָס אַמאָל. אַן אַנדערס מאָל האָט דאָס אייגענע שטיקל לעקעך געשיינט, געלויכטן יאָנטעווודיק, געהאַט דעם זיבעטן כיין, עפּעס גאָר אַן אַנדער טאַם, אַף אים איז ווי געשטאַנען אָנגעשריבן „סימכעס-טוירע!" עפּעס האָט עס גערעדט ווערטער, געשמעקט מעכאַיע, דערפרייט דאָס האַרץ, געשפּייזט און דערקוויקט די נעשאָמע — און דאָס מאָל איז עס געווען אַ וואָכעדיקע זאַך — גלאַט אַזוי אַ מין געבעקס, קאָרנמעל מיט האָניק, וואָס מע קויפט עס אין מאַרק פאַר אַ גראָשן און מע מאַכט דערויף אַ בראָכע „בורא מיני מזונות"...

בא אידן האָט איבערהויפּט דאָס עסן שאַבעס און יאָנטעוו עפּעס גאָר אַן אַנדער טאַם. ס'איז דאָ אין דעם עסן, זאָגן אונזערע אַלטע הייליקע כאַכאָמים, אַ מין געווירץ אַזוינס, וואָס שאַבעס הייסט עס באַם נאָמען; אַזאַ געווירץ, וואָס וואַקסט ערגעץ ניט דאָ אַף דער וועלט, וואָס פאַר קיין גינגאָלד איז עס ניט צו באַקומען אין דעם האַנדל און קיינעם פון די אַלע פעלקער איז עס ניט באַקאַנט—די הייליקע מאַלאָכים ברייגען עס פונם גאַניידן פרייטיק איטלעכן אידן אין שטוב אַריין, וואו זיי שטעלן זיך, ווי אונזער אוילעם זאָגט, קאָכן דעם טשאָלנט. פריי פאַר דער גאַנצער וועלט קען מען גאַנץ זיכער זאָגן — אַנדערע מעגן זיך דערויס לאַכן—אַז דער, וואָס האָט אינם גוטן אידישקייט ניט פאַרזוכט קיין טשאָלנט, האָט אין זיין לעבן קיין גוטס ניט געגעסן און ווייסט ניט, וואָס געקעכטס הייסט אַזוינס...

אַז דעם טאַטן האָט עס אָנגעהויבן צו גיין בעסער, איז הערשעלען ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. די ערשטע צייט איז ער געווען פול פרייד, אַזוי אַז ער האָט פון קיין אַנדער זאַך ניט געטראַכט, זיך פאַרגעסן גאָר אין זיך אַליין. דערפאַר אָבער שפּעטער אַביסל איז אים דאָס טראַכטן צוגעטראָטן מיטאַמאָל. עס האָט זיך אַף אים אָנגערוקט אַ שטאַרקע מאָרעשכוירע און ער האָט באַ זיך אַלץ געטראַכט אַזוי: אָט באַלד, באַלד וועט מען באַדאַרפן פאָרן אַהיים, נאָר ווי וואַרפט מען אַוועק דאָ מוישעלען און רעב אַווראָמען, מיט וועלכע ער איז שוין אַזוי געוויינט און עס ציט אים צו זיי אַזוי דאָס האַרץ? האַגאַם דאָס פאָרן אַהיים איז אַ גוטע זאַך, עס ציט אים אַהין טאַקע — זעען די מאַמע, שוועסטער און

1) „אים קאָל האַנאָרים"—מיט אַלע אינגלעך. (רעד.)

ברידער, אויך אַלע אַנדערע באַקאַנטע; נאָר צוריק געשמועסט, וואָס קען פון אים דער טאַכלעס זיין דאָרט אינדערהיים? עס האָט אים זיך פאָרגעשטעלט דאָס גרויסע עלנט אינדערהיים, ווי דאָס גאַנצע הויזגע- זינד קומט אָפּ, נעבעך, ליידט הונגער, קעלט, ווי ער אליין פלעגט אויסגיין פיל מאָל פאַר אַ שטיקל ברויט. דערמאָנענדיק זיך נאָר אין דעם, איז אים אַ גרויל איבערן לייב איבערגעגאַנגען. בלייבן-זשע ווידער דאָ — דאָס האָט זיך אים אויך אין קאָפּ עפּעס ניט געלייגט. וואָס הייסט בלייבן! באַ ווּעמען בלייבן? גלאַט ווי נעמט עס אַ אינגל איינער אליין אָן עלטערן און בלייבט! און ווען אפילו אזוי, בלייבן — נו, וואָס... וואָס?...

אָט אַזעלכע געדאַנקען האָבן זיך געדרייט באַ הערשעלען אין קאָפּ און ער איז געווען שטאַרק באַטריבט, אויס מענטש.

רעב אַווראָם האָט באַמערקט, אַז ער איז עפּעס פונם פּאָנים אַראָפּ, און פאַר גרויס ראַכמאָנעס זיך גענומען אויספרעגן, וואָס מיט אים איז אַזוינס, פּאָרט, וואָס איז אזוינס די מאַיסע? הערשעלע האָט זיך צעוויינט און אים ארויסגעזאָגט זיין גאַנץ ביטער האַרץ. ר' אַווראָם האָט אים אַ גלעט געגעבן באַם קעפּעלע און זיך אָנגערופן:

— נו, גוט, גוט! איך וועל מיך שוין באַטראַכטן. עס האָט נאָך צייט. לייסאַטע זיי נאָר ניט קיין נאַרעלע און וויין ניט, שקאָץ!

---

## דאָס צענטע קאַפּיטל.

דער טאַטע איז אין עטלעכע טעג אַרום ארויס פונם ביקער-כוילים. עס האָט געריסן דאָס האַרץ קוקנדיק אף אים, אזוי בלייך, טויט איז זיין פּאָנים געווען. ער איז, נעבעך, אַ שווערע קריינק אויסגעשטאנען, קימאט ניט געווען צו דערקענען אים, אַזוי איז ער פונם לייב אַראָפּ. נאָר הויט און ביין.

קיינמאָל אין זיין לעבן האָט הערשעלע אזוי ניט ליב געהאט דעם טאַטן, ווי דענסטמאָל, און קיינמאָל אין זיין לעבן ווידער האָט אויך דער טאטע אזוי גוט, ליבהאַרציק ניט געקוקט, אַזוי זיס-שטיל אף א ווייכער-שוואַכער שטימע ניט גערעדט, ווי אין יענער צייט. עפּעס איז ער אליין געוואָרן אַ קינד און האָט מיט זיין בליק, מיט זיין שטיל-שוואַך לאָשן אַרויסגענומען אַ שטיק געזונט. עפּעס איז דערינען געלעגן אַ קלאָגן-זיך שטיל, אָן ווערטער אף די ווייטיקן זיינע אין דעם ווילן לעבן און אַ געבעט:

— געוואַלד, געננוג! נישטאָ שוין מער קיין קויעך אויסצוהאלטן...

מע האָט באַשיינפּערלעך אויסגעזען, אז ווען הערשעלע זאָל זיך ניט געווען שעמען, וואָלט ער דענסטמאָל אַלע גלידער דעם טאטן אויס-געקושט. ער האָט זיך אָבער געשעמט, ווייל קושן זיך איז בא אידן ניט קיין איינפיר. ווי נעמט מען עס עפּעס גלאַט אַזוי און מע קושט! ביפראט אַ קינד אַ טאַטן!...

אַוראָם האָט אַוועקגענומען דעם טאַטן אין אַ ווינקל און מיט אים דאָרט אַ היפּשע צייט געשמועסט. באלד דערוף האָט מען צוגערופן אהין אויך הערשעלען, און דער טאטע האָט זיך געווענדעט צו אים מיט די ווערטער:

— מיר שמועסן דאָ מיט ר' אַווראָמען, אז אויב דו ווילסט, הער-שעלע, מעגסטו דיר דאָ בלייבן.

הערשעלע האָט זיך צעוויינט, געקוקט אפן טאטן מיט גרויס ליב-שאפט און איז ניט אין שטאַנד געווען אַרויסצוברייגען אַ וואָרט, אַזוי האָט אים פארקלעמט באם האַרצן, און אז דער טאַטע איז מיט אַ גע-

בעט צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל רעדן ריינע ווערטער, האָט ער גע-
ענטפערט גאַנץ קורץ:

— ניין! — אָן דיר, טאַטע, קען איך ניט זיין...

— אַך, הערשעלע! — מאַכט דער טאַטע מיט אַ זיפץ טיף פונם האַרצן, — ניט אייביק, נאַרעלע, איז אַ קינד נעבן אַ טאַטן. וואָס קען מען טון? איך פיל, אוי, אַז די קויכעס גייען מיר ביסלעכווייס אויס. געווס קריע געריסן אין מיין לעבן. וויין ניט, הערשעלע, וואָס קאָן מען טון? פריער אָדער שפּעטער — מע מוז זיך שיידן...

— טאַטע, טאַטע! — וויינט הערשעלע מיט אַ געבעט, — אַהיים, טאַטע, אַהיים!

— אַהיים! האָניק ווערסטו דאָרט לעקן, אינדערהיים... — זיפצט דער טאַטע און ווענדט זיך צו רעב אַווראָמען, שאָקלענדיק מיט דעם קאָפּ: — זאָגט אים כאָטש, רעב אַווראָם.

— זיי ניט קיין אַקשן, פע! — הייבט אָן מיט גוטן ר׳ אַווראָם, — אָן דיר איז אויך דאָ געווס אינדערהיים. דער טאַטע — דו זעסט ניט? — האָט מער קיין קויעך ניט צו האָרעווען. פונם ביסל געלט, וועלכס ער האָט דאָ פאַרדינט, איז ווייניק געבליבן. אַ קריינק קאָסט. עס גייט אַ לאַנגער ווינטער, נאָך מיט אַן איבער, אַ ראַכמאָנעס, נעבעך, אף די אי-בעריקע קינדער. דו אַליין ווערסט דאַרבן און זיי נאָך שאַטן. דעם לעצטן ביסן, משטיינס-געזאָגט, זיי פונם מויל אויסרייסן.

פון ר׳ אַווראָמס דאָזיקע ווערטער איז הערשעלען דאָס האַרץ מיט בלוט פאַרלאָפן, און ער האָט געגאָסן מיט הייסע טרערן.

— דאַנק ר׳ אַווראָמען, — זאָגט דער טאַטע, — דאַנק זיי פאַר זייער גוטס-קייט, צו זאָרגן זיך דאָ פאר דיר און צו האָבן אַף דיר האַשגאָכע. גיי, מיין קינד, אין רעכטן וועג און פאָלג רעב אַווראָמען ווי אַ טאַטן. זיי מיינען — דו הערסט? — דיין טאַכלעס. גאָט זאָל זיי נאָר דערלייגערן די יאָרן.

— אַ-נו, שקאָץ! — מאַכט ר׳ אווראָם, אַ קלאַפּ געבנדיק פאַמעלעכן הערשעלען אף דעם אַקסל, מיט אַ זיס שמייכעלע, — אַזוי, אַזוי! וויש דיר אויס די אויגן און גיי דיר, גיי אצינד צו דיין כאַווער דאָרט, דעם שקאָץ...

פרי האָט אין יענעם יאָר זיך געשטעלט דער ווינטער. פלוצלים, איי-דער דער אוילעם האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט פון צאָפן-זייט אַ בלאָז געטון אַ קאַלטער ווינט און זיך אָנגערוקט אַ בייזע, פינצטערע כמאַרע — דעם ווינטערס צוויי קאָזאַקן — לויפנדיק פאָרויס מיט אַ שטורעם, אַ פייפן: „ציטערט, לעבעדיקע באַשעפענישן! אָט קומט ער, דער קאַלטער פעטער, און וועט אייך אָנרייבן אַ רויטע נאָז”... די פעלדער ליגן שוין באַגראָבן

אין דעם ווייסן קיטל פון שניי. די ביימער דאָרט שטייען אָפּגעשמיסענע, נאַקעטע, אַראָפּגעלאָזן די קעפּ און די צווייגן געפּענטעט מיט קייטן פון פליטערלעך, פּרענטעס אייז. פון פייגל און וואַלד-כאַיעלעך איז ניטאָ קיין שפּור, אלע ווי אויסגעשטאָרבן: די ליגן באהאלטן טיף אין די לעכער, יענע האָבן באצייטנס געמאכט אַ פּלייטע — אַוועק, וואוהין די אויגן טראָגן, און אומעטום איז שאַ, שטיל. נאָר וואָראָנעס דרייען זיך ערטערווייס אַרום אין דער לופט, עפּעס האָבן זיי געשעפּטן: כאַסענעס, אָדער גלאַט אזוי אַסיפעס וועגן קאָהעלשע זאַכן — און ווייסט זיי דער גוטער יאָר, וואָס זיי קראקען דאָרט, קרעכצן, רייסן זיך אף די העלזער...

ווייט אַרום און ארום הערשט שוין אין דער וועלט דער ווינטער, נאָר די אידישע שטאָט, גלופּסק, זי אליין וויל זיך אים נאָך ניט אונטערגעבן. ער פירט מיט איר אַ שטאַרקע מילכאָמע. ער שיקט אָן אף איר א פרעסטל, און די קאַליזשעס אירע אין די גאַסן נעמט ניט קיין קויל, בלייבן טאַקע דאָס, וואָס פריער; ער רעגנט אַף איר מיט גרייפּלעך שניי, און אומזיסט זיין מי, בלאָטע!... די גלופּסקער אידעלעך גיבן זיך אַ שאָט ווי די מורעשקעס, טרעטן עס מיט פיס און מאַכן דערויס א קאַשע, אַ שיטערע, אַ גרוי-שוואַרצלעכע בלאָטע; ער שטעלט זיין ווייס שנייען פענדל אף דעכלעך, צום באווייז, אז ער איז פונויבן—קומען הונגעריקע קי, גאנצע מאכנעס ציגן און שליידערן עס אראָפּ באם אראָפּשלעפּן הויפנווייס שטרוי אופצופּרעסן, אָדער אידן, אידענעס קומען מיט טעפּ, מיט צעבערעס, שטאָפּן עס אָן פול מיט דעמדאָזיקן שניי, צו מאַכן דערפון וואַסער אַף קאָכן. אויך איז דאָ אַקעגן דעם נאָך אַ מיטל — סרייפעס. בא אידישע קינדער נעמט זיך דענסטמאָל גראָד אָן די קוימענעס, און גלופּסק נעצט... גלופּסק שטעלט געווײנטלעך דעם ווינטער ארויס אַ פייערדיקן צונג — ער, דער ווינטער, קנאַקט, בלאָזט, שטורעמט, און אידעלעך זיינען אים מעוואַטל! גייען זיך נאקעט, באָרוועס, גלייך ווי ניט זיי מיינט מען, אָדער ווי זיי טוען אים אף צעלאָכעס.

און בעשאַס דערדאָזיקער מילכאָמע פונם ווינטער אין גלופּסק, שטייט דאָרט נעבן דער קאבצאנסקער אכסאניע אַ יאַזדע מיט דריי מערידנדיקע, קרומרוקנדיקע, קאָלטונעוואַטע, לאַנגהאַלזיקע און קורצווידלדיקע פערד, מעכילע, וואָס האָבן עס באדארפט פאר זייערע זינד זיך מאַטריעך זיין שלעפּן קיין קאבצאנסק אירע אַ פּאָר מיניאָנים אידן און צווישן זיי אויך אונזער לייזער-יאַנקלען. דער מעקלער באַברעט זיך עפּעס אַרום דעם וואָגן, שאַרט צונויף מיט דער בייטש די שיראַים—עטלעכע בלעטלעך היי און, פארקרימענדיק זיך מיט איין אייגל אף איינעם פון די פערד, דערלאנגט ער אים אַ טראַך אין דער מאָרדע, גלאַט אַזוי זיך, שעלטנדיק דערביי:

— אַ-אַ, פייגערן זאָלסטו, פּעגירע איינע! ווי ער קאָן עס אַביסל ניט איינשטיין אַף די פיס... פליען גלוסט זיך אים, דעם אָדלער דעם שיינעם. אַ, פליען זאָלסטו צו אַלדי שווארצע יאָר!

לייזער-יאַנקל איז אָנגעטון אין זיינע וועג-קליידער און אפן קאָפּ אָנגערוקט דאָס מיצל, גייך אין איילעניש צוגעקומען צום וואָגן. הער-שעלע מיט אַ פּעקל נאָך אים, און, איבערגעבנדיק עס דעם מעקלער צו די הענט מיט אַ געבעט, ער זאָל מאַכן אַ גוט געזעס, זיינען זיי ביידע אַריינגעגאנגען דערוויל אין דער אכסאניע.

רייזע, ווי דער שטייגער אירער, מיט אַ פארשטעקט פארטעך און מיט אַ פּאָלאָניק אין דער האנט, איז שטארק באשעפטיקט געווען מיט דעם באלעגאָלע און די פארשוינען ארום איר, מיט וועלכע זי האָט זיך אָפּגערעכנט, מאַכנדיק דערביי אַף אַ בייזער צו דעם, צו יענעם אַלץ: „הען-אַביסל! וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זיין טאַטן?" אַז זי האָט זיך שוין מיט איטלעכן אָפּגעפּארטיקט און דערזעען אין דער זייט אונ-זערע ביידע פארשוינען, דעם טאַטן מיט דעם זון, האָט זי זיך אַף זיי אַרופגעלאָזט מיט איר שרייענדיק לאָשן, אַ פּאָר געבנדיק מיט דער נאָז איבער דעם גאַנצן אַרבל.

— אָט האָסטו אים ווייטער, דעם שיינעם באָכערל! וואָס? געקומען? נאַקעט, באָרוועס, הען-אַביסל! אין אזא קעלט זאָל מען אַזוי פאָרן! וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זיין איצט דאָ, אַ שיינער טאטע, כ׳לעבן! אַליין, הען-אביסל, איז ער אין אַ מיצל, ארומגעבונדן, נישקאָשע, און דאָס קינד זומערדיק! וואָס זאָגסטו פאָרט, איך בעט דיך, צו זיין טאַטן?

— מיין זון פאָרט ניט,—ענטפערט דער טאַטע.

— גאָר נייעס! אליין פאָרט מען און מע לאָזט איבער אַ קינד העפּ-קער, הען-אַביסל! נאַקעט, מיט אַ הויל האַרץ אינדרויסן. וואָס זאָגסטו צו זיין טאטן? מע באדארף האָבן טאַקע אַ האַרץ פון אַ טאָטער!

אַזוי לאָזט רייזע אויס דעם שמועס, באטראכטנדיק הערשעלען פון אויבן ביז אַראָפּ, און גייט זיך אַוועק.

דער באלעגאָלע הייבט אָן אונטערטרייבן דעם אוילעם — היידא, פאָרן! די פארשוינען שטופן זיך אין איילעניש ארויס אַף דער גאַס, צו פארכאפּן גֿעשווינד ערטער אין דעם וואָגן. איטלעכער ווארפט זיך אהין אַריין אַף קידעש האַשעם מיט הענט און מיט פיס. ס׳איז אַ שטופּעניש, אַ קוועטשעניש, אַן איינגשאַפּט, אַ דערשטיקעניש.

לייזער-יאַנקל, נעבעך, זיצט ווי-ס׳איז אַף אַ שפּיץ קלימעקל, אין איינע צאָרעס און נעמט אָן פאר ליב איטלעכן שטופּ, וואָס ער באקומט אין די זייטן. ער געזעגנט זיך מיט הערשעלען זייער טרויעריק, אַף אַ וויינענדיק-ציטערדיק קאָל.

הערשעלע קוקט דאָס לעצטע מאָל גוט אריין אין דעם טאטנס בלייך פּאָנים און באוואשט זיך מיט בלוטיקע טרערן, ניט אין שטאַנד צו זיין אַרויסברייגגען עפּעס אַ וואָרט און ניט צו זען ווי דער וואָגן האָט זיך גערירט פונם אָרט.

— האַ, וואָס איך דאָ צו וויינען! — מאַכט רייזע, ארויסלויפנדיק צו הערשעלען אויף דער גאַס, נאָכדעם אז די יאַזדע איז אַוועקגעפאָרן. — אַז אַ טאַטע פאָרט אַוועק, הערן-אַביסל, נו איז וואָס! כאָלילע, ניט געשטאָרבן. נאַ, בעסער — נעמט זי און שטופּט אים אַריין אין דער האַנט אַן אַלט לייבל — נעם און טראָג געזונט. ניט געוויינט. קום, עפּשער ווילסטו עסן?

— ניין! — ענטפערט הערשעלע שוין אַביסל געטרייסט פון רייזעס ווערטער.

— נאַ דיר ניין! — רופט זיך רייזע אָן. — הערן-אַביסל, מע זאָל זאָגן ניין! פארוואָס איז עסן ניין? נו, גיי-זשע דיר געזונטערהייט, אז ניין. נאָר טאָמער וועסטו ווערן, גערדיינק-זשע, זאָלסטו קומען!

---

# דאָס עלפטע קאַפּיטל.

לעתיד לבוא, העט-העט שפּעטער, אם ירצה-השם — אַזוי שטייט געשריבן אין אונזערע הייליקע ספרים — נאָכדעם אַז מען וועט אופ-שטיין טכיעס האַמייסים און גאָט וועט מישפּעטן די וועלט, דענסטמאָל וועלן אַלע מענטשן זיין אויסגעשטעלט אף אַ גרויסן פּלאַץ, איינגע-טיילט אין צוויי טייל: אף איין זייט די רעשאָים, אף דער אנדערער זייט די צאַדיקים און צווישן זיי אינדערמיט דער יעיצער-האָרע. יענע, די רעשאָים, וועט דער יעיצער-האָרע זיך אויסדאַכטן גאַנץ דין, ווי אַ האָר, די אַנדערע, אַקעגן — גרויס ווי אַ באַרג, און אלע מענטשן פון ביידע זייטן וועלן, קוקנדיק אף אים, שרעקלעך וויינען. די רעשאָים יאָמערן, שרייען:

— געוואַלד, אַזאַ דינע האָר אפן גלייכן וועג איז אונז שווער געוועזן איבערצוגיין און מיר זיינען פארקראָכן מיט קרומע גיינג צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

אַקעגן-זשע די צאַדיקים קלאָגן, גיסן טרערן:

— ריבוינע שעל אוילעם, מיר פארשטייען נישט, ווי עס האָט זיך צו אונז געגומען אַן אייזערנער קויעך אַזאַ שרעקלעכן, הויכן בארג איבערצוגיין, אַזויפיל פּיין און יעסורים אין אונזער לעבן אויסצושטיין!...

דידאָזיקע וואונדערלעך אויסגעמאָלטע קאַרטינקע קען דינען זייער גוט פאר אַ האַקדאָמע צו דער דערציילונג, וויפל יעסורים, ווייטיקן הערשעלע איז אין זיין לעבן, נעבעך, אויסגעשטאַנען. דערמאָנענדיק זיך אַצינד אין די בעסערע יאָרן, וויפל בערג צאָרעס, אַלע מינע פּור-אָניעס און לייד ער האָט באדארפט איבערגיין, ביז ער איז לעסאָף אַרויס אַף אַ וועג, ווייַנט אין אים דאָס האַרץ און ער וואונדערט זיך, ווי אַזאַ שנעק, אַ ווערעמל, אַ גאָרנישט מיט אַ נישט, זאָל געוועזן קענען אַזוינס איבערטראָגן, נישט ווערן צעטרעטן אין דער וועלט אונטער די פיס! ער וויינט אף זיך ווי אויך אף פיל אַזעלכע זיין גלייכן בא אונז אידן, וואָס זיי איז באשערט פון קינדוויים אָן צו ראַנגלען זיך מיט אַלערליי אָנשיקענישן, אויסצוקריכן אלע לעכער, צו דראַפּען זיך אף די גלייכע ווענט און צו פילן דעם ביטערן טאַם פונם טויט, ביכדיי צו דערגרייכן יענע שטופע, וועלכע זיי שוועבט פונדערווייטנס פאר די אויגן.

אומגליקלעכע אידישע קינדער! אומגליקלעכע, אפילו שוין קלוימערשט אין דעם גליק. נעמט יענע, אַשטייגער, וואָס שטייען שוין אף אַ שטופּע, האָבּן אַ פּאָנים און לעבּן. נאָר איז דאָס שטיין זייערס אייזן-פּעסט, וואָס שטיין הייסט, מיט ביידע פיס, אַז עס זאָל נישט מעגלעך זיין פון אַ מינדסטן בלאָז אומצופאַלן? איז דאָס פּאָנים זייערס דאָרט אינ-גאַנצן אַ גליקלעכס ווי עס געהער צו זיין? — איז דען קעדאי פאר אַזאַ גליק, משטיינס-געזאָגט, אָנצולייזן זיך אַזויפיל אומגליק; פאר אַזאַ פּאָנים, קלוימערשט, אַזוי קריכן אויס דער הויט, און פאַר אזא לעבּן, אף סאָנים געזאָגט געוואָרן, אַזוי אויסגיין, צען מאָל אין טאָג שטאַרבּן פאַר הונגער?...

יאָ, צו יענער קאַרטינקע פעלט נאָך אַסאַך. די רעשאָים טאַקע זיינען דאָ, די צאַדיקים דאָ, דער באַרג צאָרעס אויך דאָ, נאָר דער טכיעס האמייסים אָבּער איז געמעלאָכעט, און זייער פיל ליגן נאָך גאָר טויט, ניין איילן טיף באגראָבּן אין דער ערד, גאָט און זיין מישפּעט איז נאָך אויך נישטאָ.

רעבּ אַווראָם האָט אין זינען געהאַט הערשעלען, געטון פאר אים וואָס נאָר מעגלעך. ער האָט אים באשטעלט שאַבּעס בא איינעם פון זיינע באַקאַנטע באַלעבּאטים און אין מיטן דער וואָך פלעגט אים אף רעבּ אַווראָמס באַקאָשע נעמען אף אַ וואַרמעס אָדער אף א וועטשערע אַמאָל דער, אַמאָל יענער פון די, וואָס דאַוונען אין קלייזל.

אָט אף אזא שטייגער האָט הערשעלע, נעבּעך, ווי ס'איז איבּער-געלעבּט אַ טאָג, האַלבּ געגעסן, האַלבּ געפּאַסט, געמאַכט מיט די ליפּן און אים איז דענסטמאָל שוין אויסגעקומען גוט צו פילן דעם טאַם, פונ-וואַנען נעמט זיך עס, אַז „וואיויכלו״ — אַזאַ פּאָשעט, באַקאַנט וואָרט, דאַכט זיך, ווי „וואיויכלו״ — זאָל בא אונז אידן גאָר דער טייטש זיין „און זיי האָבּן געטון טון גלייך ווי געגעסן״.

יאָ, פיל אָרעמינקע אַזעלכע בא אונז קומט אויס דעמדאָזיקן טאַם, נעבּעך, צו פילן. אַז דאָס האַרץ כאלעשט, מע וואָלט שוין געוואָלט דערלעבּן עפּעס אין מויל אריין צו נעמען, הייבּט זיך געוויינטלעך אָן אָט דער לאנגער מיזמער: וואַשט זיך... וואַרט אביסל, מיט דער קוואָרט טאָר מען נישט... לאָז מען געבּן אַן אַנדערע... נו, דאָרט, זייט מויכל, דאָרט זוכט דעם האַנטעך. זאָגט סעאו יעדייכעם. זעצט זיך. מאַכט האַמויצע. באַלד, באַלד, וואַרט אביסל, אָט וועט מען געבּן זאַלץ. שטעקט אריין דעם לעפל. כאַפּט אַ שטיקל פליישׁ. מאַים אַכרוינים. מעכאבּעד מיט מעזומען. בענטשט! — „ראַבּויסאַי מיר וועלן בענטשן!״ דאָס הייסט אף דעם מאָגנס לאָשן: „ראַבּויסאַי מיר ווילן עסן!״

דאָס איז נאָך גאָלד, עפּטערס פלעגט זיך מאַכן, אַז „וואיויכלו״ האָט באַ הערשעלען גאָר קיין טייטש ניט געהאַט, פּאָשעט טאַקע גאָר-

נישט — און נישט איינמאָל, לייגנדיק זיך אזוי, נעבעך, שלאָפֿן, האָבן זיך אים באנאכט געכאָלעמט בעטלער. געגנוג איז אים אָפּגעפֿאַלן דאָס פֿלייש פֿאר צאָרעס פֿונם עסן, האָט אים נאָך ווי געטון אויך די נעשאָמע — ער האָט די ערשטע צייט שטאַרק געבייִנקט אַהיים. אינ־דערהיים האָט ער דאָך, עמעס טאַקע, אויך נישט געלעקט קיין האָניק, נאָר פֿאָרט אַ גרויסער כילֶעק. דאָרט איז אים געווען עפּעס וואַרעם, גרינגער אף דער נעשאָמע, ווי אַ פֿייגעלע אין נעסט, אונטער דער מאַמעס פֿליגעלעך. דאָרט איז ער געווען אַן אייגענער, אַלצדינג אַרום אים, אינדערהיים, אין שטאָט, זייִנען אים געווען אייגענע זייִנע, זיי האָבן זיך פֿאַרשטאַנען: אַפּילע די בעהיימעס דאָרט, די הייזער, די לופֿט, וואָס ער האָט געאָטעמט, די ערטער, וואו ער האָט געשפּאַצירט, זיך געשפּילט מיט זייִנע כאווײרים, האָבן עפּעס גערעדט צום האַרצן און זיך מיט אים אָנגעהערט — און דאָ איז ער עלנט, פֿרעמד, עס קלעפּט זיך עפּעס נישט, אַלצדינג גאָר נישט דאָס, עפּעס גאָר אַנדערש. די זון, די לעוואָנע און די שטערן קוקן דאָ עפּעס נישט אזוי, ווי אַמאָל בא זיך אין שטעטל, נישט אזוי פֿריינטלעך, גוט ווי פֿריער און ער האָט אַפּאָ־נים, ווי באם באַגעגענען זיך מיט דעם ווייבס מישפּאָכע נאָכן געט, שוין נישט מער קיין אייגענע, נאָר גלאַט אלטע באַקאַנטע, געוועזענע קרויווים. אַזאַ געפֿיל ווי בייִנקען, וואָס צופּט, נאָגט טיף אין האַרצן, לאָזט זיך נישט איבערגעבן מיט ווערטער, דאָס פֿאַרשטייט נאָר דער, וואָס איז געפּרואווט געוואָרן צו פֿארזוכן אַמאָל אין לעבן דעם טאַם פֿון עלנט, צו זיין פּלוצלים אָפּגעריסן פֿון זייִנע ליבע און בלייבן אליין פֿאַר זיך. אַ קאַטאָוועס עפּעס? איין קליין פּינטעלע, אַ ברויזן, אין אַזאַ גרויסער, גרויסער וועלט.

עס ציט זיך גאָטס גרויסע וועלט אין דער לייִנג, אין דער ברייט אָן אַ סאָף, אָן אַן עק. אין דער מיט וועלט, אף דער קיילעכדיקער ערד, איז דאָ אַ קליין פּלעקעלע, ווי אַ פֿליג האָט איבערגעלאָזט — דאָס איז גלופּסק. אין דעמדאָזיקן פּלעקעלע איז דאָ אַ פּינטעלע — אַ קלייזל. אין דעם פּינטעלע איז דאָ נאָך אַ ברעקל פּינטעלע — אַ באנק. און אין דעם ברעקל פּינטעלע ליגט נאָך אַ פּיצינקעלע פּינטעלע — אַ מין באַשעפֿעניש אַזוינס, וואָס הייסט הערשעלע. דאָס פּיצינקעלע באַשעפֿעניש ליגט ווי אַ שפּין פּונקט אין דער מיט פֿונם גרויסן ראָד שפּינוועבס. פֿון אים ציען זיך ארום און ארום אין אלע זייטן לאַנגע דינע פּעדימלעך, פֿול און פֿול אָנגעזעצט, האַרט איינס באם אַנדערן, מיט עפּעס לופּטיקע מינע פּינטעלעך אַזעלכע, גאָר ניט פֿאר דעם אויג, וואָס הייסן בא די פּילאָ־סאָפֿן „אַטאָמען", און גייען העט-העט ווייט צו די שטערן אין הימל, צו אַלצדינג אין דער וועלט ארום, און, עס פֿארשטייט זיך, קיין קאַבצאַנסק

אויך. אַף דידאָזיקע לופטיקע פעדימלעך קלעטערט הערשעלעס נעשאָמע, קאַראַבקעט זיך מיט אלע זיינע געדאנקען אַהין, אַהין — אַהיים. זי קאַראַבקעט זיך ווי די עלעקטריציטעט אין דעם טעלעגראַפישן דראָט, אָנרירנדיק מיט אירע ברענענדיקע געפילן איין טיילכל פונם לאַנגן, לופטיקן פעדעמל, דאָס טיילכל גיט פון זיך איבער דעם ברען דעם ווייטערדיקן טיילכל און אזוי פליט עס שרעקלעך געשווינד ווייטער, ווייטער, ביז עס טרעפט ווי אַ בליץ אין די הערצער פון זיינע עלטערן. זיי דערפילן באַלד הערשעלעס האַרץ און טוען אַ שלוקערץ. הערשעלע, זאָגן זיי, דערמאָנט אונז. עס שטעלט זיך זיי פיר זיין לאַגע, איינער אַליין, נעבעך, אין דער פרעמד — און גייען אויס פאר ראַכמאָנעס. נאָר וואָס קענען אזעלכע געפאַלענע, נעבעך, טון, אַז זיי אליין איז שלעכט און קומען שרעקלעך אָפּ? די מאַמע ארבעט, נעמט זיך די אויגן ארויס ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט דעם פעדערן פליקן, און פון דער גאנצער אַרבעט איז, משטיינס-געזאָגט, קיין וואַסער אַף קאַשע אפילע נישטאָ. דער טאַטע, נעבעך, האָט, זינט אהיים קומענדיק, נישט אופגעהערט צו קרייוקען. ער צאַנקט, גייט אויס ווי אַ ליכט, ער קען נישט צוזען דאָס גרויסע עלנט אין שטוב, דעם צאר פון די הונגעריקע, דערשלאָגענע קינדער. דאָס ביטערע אָרעמקייט איז אים שוין שווער איבערצוטראָגן, גענוג שוין זיך אָנגעליטן, נישטאָ שוין מער קיין קויעך — אָט-אָט טריקנט שוין אויס דער לעצטער טראָפּן זאַפט פון זיין וויסט, געבראָכן לעבן. די עלטערן זיפצן, אָכצן, קרעכצן, פאָרשטעלנדיק זיך דאָס עלנטע, פאַרוואָגלטע קינד, צו וועלכן עס ציט זיי אַזוי דאָס האַרץ — און זייער ביטער געמיט טעלעגראַפירט זיך, דורך די אייגענע לופטיקע פעדימלעך טאַקע, אין הערשעלעס האַרצן צוריק, עס סוידעט זיך אַ האַרץ מיט אַ האַרץ — שושקעט זיך אַ נעשאָמע מיט אַ נעשאָמע, גיסן זיך איינער פאר דער אַנדערער אויס און שמועסן זיך איבער שטיל, אָן ווערטער... עס דאַכט זיך הערשעלען, דער טאַטע ליגט, נעבעך, שלאַף, פאַרשמאַכט, קוקט עפּעס מיט אַ געבעט ווי באַם צעשיידן זיך. עס שוועבט אים פאר די אויגן דעם טאַטנס בלייך פּאָנים, יענע גוטע, זיסע מינע זיינע בעשאַס געזעגענען זיך מיט אים — און הערשעלע איז צעקאָכט, ער וויינט שטילערהייט באַנאכט אַף זיין האַרט געלעגער, איבערטראַכטנדיק אַ שרעק... אָט דאָס איז עס, וואָס געוויינטלעך הייסט דאָס באַם אוילעם: „דאָס האַרץ זאָגט”.

יאָ, דאָס האַרץ האָט הערשעלען געזאָגט און אַ היפּשע צייט אים נישט אופגעהערט צו זאָגן, ביז ער האָט איינמאָל פון דער היים באַקומען די וויסטע בסורע: „הערשעלע, זאָג קאַדעש נאָכן טאַטן, דו ביסט אַ יאָסעם”.

---

# דאס ערשטע קאַפּיטל.

דאָס בײנקען אהיים, דאָס האַרצווייטיק פונם פּאָטערס טויט, די גרויסע יעסורים דערפון, ווי אַזוי די מוטער מיט די קינדער קומען עס, נעבעך, אָפּ אינדערהיים און דאָס אייגענע פּעקל צאָרעס: נויט, עלנט, פאַרוואָגלונג דאָ אין דער פרעמד — דאָס אלצדינג איניינעם האָט מיט דער צייט אף הערשעלען געווירקט אריינצולאָזן זיך, ווי אַ שילדקרעטל, אינעווייניק אין זיך, אלץ טראַכטן און פאַרטיפט זיין אין זיינע געדאַנקען. זיין לעבן איז געווען טראַכטן. דאָרט טיף, אינעווייניק אין זיך, איז פאַר אים געווען א וועלט, וואו די נעשאָמע זיינע האָט אויסגעשפּרייט די פליגעלעך און געפלויגן פריי העט ווייט-ווייט. אונזער פּראַקטישעווירקלעכע וועלט איז פאַר אים געווען א שטייגעלע, וואו די נויט האָט אים געהאַלטן געפאַנגען, אים ניט געלאָזט אופהייבן דעם קאָפּ, באַווייזנדיק אים אף איטלעכן טריט זיין שלאַפקייט, זיין קליינקייט; וואו ער האָט פאר זיך געזען נאָר צאָרעס, צאָרעס און צאָרעס. ער האָט אָנגעהויבן צו באשאפן בא זיך אינעווייניק אין הארצן א וואונדערלעכע וועלט, א גאניידן, וואו עס בליט, עס שמעקט, עס פליסט מילך און האָניק; וואו עס איז אָפן דער הימל, קעפּלעך פון מאלאָכים קוקן ארויס, ווינקען מיט גוטע, פריינטלעכע פּענימער און זינגען זיסע לידער פון האָפענונג, טרייסט, ליבשאַפט, ראַכמאָנעס, עס ווערט עפּעס גרינג אפן האַרצן און עס לעבט זיך אזוי גוט, אזוי געשמאַק, מעכאַיע.

אלס מאַטעריאל אף צו בויען דידאָזיקע וואונדערלעכע וועלט האָבן אים געדינט אלטע מאיסעס, וועלכע ער האָט זיך אָנגעהערט אמאָל, נאָך אין קאַבצאַנסק, אויך נייע פון אצינד. די געמאָרע מיט אירע טרוקענע, ערנסטע זאַכן האָט הערשעלען שוין ניט צופרידן געשטעלט, נאָך אָנגעמאַכט אַף אים גאָר עפּעס א מאָרעשכוירע. ער האָט זי געלערנט נאָר פון יויצע וועגן, ווייל לערנען האָט ער געמוזט, ווייל אנדערש וואָלט ער דאָך מיעס אַראָפּגעפאַלן בא די קלויז-באַלעבאַטים, און מע וואָלט אים מער ניט געגעבן קיין וואַרמעס; אויך ווייל מוישעלע, דער כאַווער

זיינער, פלעגט אים אונטערטרייבן אלץ: לערנען, לערנען! באם נע-
מען זיך צו דער געמאָרע איז אים געווען עפּעס ניט גוט, פריקרע. ער האָט באדארפט זיך אָנטון א קויעך, פריער זיך צעווייגן, צעשאָקלען, ביכדיי צו מאכן זיך א כיישעק און ס'איז אים געווען צום הארצן ווי באַם אריינקריכן אין א קאלט ביטל. געמאכטער כיישעק אָבער איז א פייער-ווערק, עס טוט א פלי מיט א פלאם און ווערט באלד טאקע פארלאָשן.

נאָך עטלעכע מאָל אונטערטוקן זיך אין דעם „יאָם-האַטאַלמוד", האָט הערשעלע שוין געשפּירט א קעלט און זיך געאיילט ארויס, אָנצואוואַ-רעמען די נעשאָמע. איין אָרט אף אָנצוואוארעמען זיך איז פאַר אים געווען האגאדטעס, מאיסעס אין הייליקע מוסער-ספאָרים, מיט וועלכע ער פלעגט זיך קוויקן, אוועקשטעלנדיק אף א ווײַלע אין דער זייט רואוונס אָקס און שימענס קו מיט דעם ביטאָכן: נישקאָשע, דער גוטער יאָר וועט זיי ניט נעמען!...

הערשעלע האָט געלייענט זייער שיינע מאיסעס מיט רעב מאיר באלאנעס, מיט רעב יעהוישוע בען-לייווי, ווי עליאָהו האַנאָווי האָט אים איינמאָל מיטגענומען וואַנדרעווען בעקאָמפּאַניע אף דער וועלט, נאָך ביטנאַי: הערן, זען און שווייגן. מאיסעס מיט רעב כאנינע בען-דויסע, א ביטערער עוויען, ווי עפּעס א האנט פונם הימל האָט אים געגעבן אַ גילדן פיסל פון א גילדענעם טיש; אויך מיט רעב שימען בען-כאַ-לאַפטע, ווי איינמאָל, אז ער האָט ניט געהאַט אף שאַבעס, האָט מען אים פונם הימל דערלאַנגט א טייערן בריליאַנט; ווי רעב שימען בען-יויכאָי האָט איינמאָל ארויסגעפירט זיינע טאלמידים אין עפּעס א גרויסן טאָל און געזאָגט: טאָל, טאָל, פיל זיך אָן מיט רענדלעך! און ער האָט זיך אָנגעפילט טאַקע באַלד; ווי רעב אישמאָעל בען-עלישע האָט אַראָפּגעבראַכט פונם הימל דעם „שר-התורה" [1] — יופיעל האמאלעך, אינגאַנצן פלאַם-פייער מיט א שיינענדיק פּאָנים ווי א בליץ, און ווי עליאָהו האַנאָווי האָט ראבע באַר ראוו כאַנינע — אַ גרויסן עוויען, גע-געבן טייערע שמעקנדיקע גאַניידן-בלעטלעך, וועלכע יענער האָט פאַר-קויפט עפּעס פאַר צוועלף טויזנט גילדענע רענדלעך!

מוישעלע איז זייער ניט צופרידן געווען פון הערשעלעס פאַרטיפן זיך אין אזעלכע זאַכן, אָפּרייסנדיק זיך דערווייל פונם לערנען. און זיצנדיק ביידע אין קלייזל באַ אָפענע ספאָרים אף די שטענדערס, פלעגט צווישן די צוויי כאַווײרים עפּטערס פירגיין אַזאַ שמועס:

— „הערשעלע, געוואלד, הערשעלע! טאָמער וואָלט שוין גענוג געווען זיך צו פאַרטיפן אַזוי?"

---

1) „סאַר האַטוירע" — דער האר פון דער טוירע. (רעד.)

— „האַ, וואָס, מוישעלע?"

— „לערנען, הערשעלע!"

— „איך קוק דאָך אריין אין א סייפער, מוישעלע!"

— „וואָס טויג מיר אין אַ סייפער, קוק בעסער אריין אין דער געמאָרע. נו, הערשעלע, הייב אָן: תנו רבנן, האָבן די ראבאָנען גע-לערנט..."

— „אַי-אַי, א גליק! אזא גליק!"

— „וואָס הייסט?!" — מאַכט מוישעלע, אויסשטעלנדיק אף הערשע-לען א פּאָר אויגן.

— „נו זאָג שוין, געוואַלד, וואָס טוט מען דאָ מיט דעם טויס-פעס? — האַרבלעך!"

— „אך גוט, זייער גוט!"

— „זאָג-זשע, אויב ס'איז גוט!" — מאַכט מוישעלע לעבעדיק, גאנץ זיכער בא זיך, אז דער טויספעס קומט בא הערשעלען אויס גוט.

— „דו פאַרשטייסט, מוישעלע, ווי גוט רעב יויסעפן האָט געמוזט זיין אפן האַרצן, אז באַם אופשניידן פריייטיק דעם פיש, געפינט ער, קאַבצן, אין בויך א טייערן דימאַנט, וועלכן גאָט האָט אים צו-געשיקט!"

— „עט!" — גיט מוישעלע א מאך מיט די אַקסלען און קראַצט זיך פאַר פארדראָס. — אָבער טויספעס! וואָס וויל דאָ טויספעס האָבן פון ראַשע?"

אָט אַזאַ שטייגער שמועס פלעגט פירגיין צווישן די ביידע כאַוויי-רים געוויינטלעך אין דערוואָכן. מוישעלע האָט, קראַצנדיק זיך, אלץ אונטערגעטריבן, און הערשעלע האָט אלץ זיך אָפּגעבעטן. דערפאַר איז שאַבייסענאכטס פאַר הערשעלען געווען א לעבן. דענסטמאָל איז אים געשטאַנען פריי צו פאַרטיפן זיך אין וואונדערלעכע זאכן, וויפל דאָס האַרץ גלוסט. מוישעלע פלעגט דענסטמאָל געוויינטלעך פאַרבייגן דאָס לערנען און אים ניט עקבערן דעם קאָפּ מיט דער געמאָרע. היינט איז דידאָזיקע נאַכט אליין טאַקע עפּעס אזעלכע, וואָס איז מעסוגל צו טראַכטן, צו פאַרפליען אין הימל אַריין. זי האָט אין זיך עפּעס אַזע-לעכס, וואָס צעשרויפט דעם אידן, מאַכט אף אים א זיס-טרויערדיקע מאָרעשכוירע און דרייט, דרייט אים אינעווייניק אין דער נעשאָמע. עפּעס איז ער צעדרייט, אומרואיק און פאַרטראַכט.

„ווילט איר דעם שאבייסענאכטס פאַרשטיין, מוזט איר צו דעם אידן אין הויז גיין!"

———

# דאָס צווייטע קאַפּיטל.

קומט-זשע, זייט מויכל, אַהער אַף א ווײלע צו מוישעלעס פּאָטער!

מוישעלעס טאַטע — שמוליק, איז א טאַנדעטניק. אַ גאַנצן טאָג פון פרי ביז אין דער נאַכט לויפט ער אַרום מיט אַלטע זאַכן, שלאָגט אָפּ די טירן צו קויפן און צו פאַרקויפן זיין סכוירע. ער איז געקרומט, געבויגן, מיט א בלייך פּאָנים, געקנייטשט, געעלטערט פאַר זאָרג און צאָרעס. אָנלויפנדיק זיך ווי א הונט, קומט ער מיד, צעבראָכן אין זיין וויסט שטיבל — א קאַנורע, מיט עטלעכע גראָשן פאַרדינסט, און אמאָל גאָר מיט א ליידיקער קעשענע, כאַפּט אָפּ עפּעס, וואַרמעס מיט וועטשערע אינאיינעם, און טוט זיך א וואָרף שלאָפן. ער ליגט, נעבעך, ווי א דערהאַרגעטער, פּילט אין זיך ניט קיין גאַנץ אייוועך. גאַנץ פרי שטייט דער טויטער אויף, משטיינס-געזאָגט, טכיעס האַמייסים און ווייטער לויפן, ווייטער ארומיאָגן זיך. אזוי פאַרברייננגט ער זיין הינטיש לעבן די גאַנצע וואָך.

פרייטיק צונאַכט באַקומט די קאנורע עפּעס גאָר אַן אנדער פּאָנים — אויסגעשמירט, אויסגעוואַשן, ריין אין איטלעכס ווינקעלע. דער טיש געדעקט מיט א ווייסן טישטעך, אַף אים דריי מעשענע, אויסגעשייערטע לייכטער מיט די בענטש-ליכט, און צוויי שיינע קוילעטשן, אָנגעשמירט מיט געלכן פון אן איי, שיינען פונטערווייטנס, פאַרנעמען די אויגן. אין שטוב הערשט עפּעס א זיס רואיקייט, עס שמעקט א רייעך פון צוגעדעמפּטע שפּייזן, וואָס שטייען אפן פריפּעטשיק איבערגעדעקט מיט א קישן. די מאַמע, א גאַנצע וואָך פאַרשמירט, פאַרפּינצטערט, לויכט אין דעם שאַבעסדיקן שלייער, עס רוט אף איר די שכינע. די באָרוועסע מיידעלעך, פאַרקעמט, אויסגעצוואָגן, האַלטן זיך אינאיינעם אין א ווינקעלע און מע זעט אָן אין זייער פּאָנים, ווי זיי וואַרטן, קוקן אף עפּעס ארויס מיט א פריילעך הארץ. — שאַ, עס הערט זיך טריט... מע גייט... די טיר עפנט זיך אוף.

— גוט שאַבעס! — זאָגט שמוליק, קומענדיק פון דער שול, און קוקט פריינטלעך מיט א שיינענדיק פּאָנים אפן ווייב, אף די קינדער.

— גוט שאַבעס! — זאָגט מוישעלע הויך אף א קאָל, אריינלויפנדיק געשווינד ווי מיט א גוטער בסורע.

און דער טאַטע מיט דעם זון הייבן אָן ביידע, ארומגייענדיק אי־בערן שטוב, צו זאָגן אף א ניגן „שאָלעם אלייכעם"! דאָס נעמט מען אַזוי אוף די הייליקע מאַלאָכים, געשיקט פון דעם אייבערשטן, פונם מיילעך איבער אלע מעלאָכים, האַקאָדעש באָרוך הוא, וואָס האָבן זיי באַלייט פון דער שול אהיים. דער טאנדעטניק איז שוין ניט מער קיין הונט, ער איז א פרינץ, עפעס האָט ער באקומען אַ נייע נעשאָמע, א נייע הויט. ער מאַכט קידעש, וואַשט זיך, זעצט זיך צום טיש, דאָס ווייב, די פרינצעסן, און די קינדער ארום אים, מע שטופט דעם גאָפל, דעם לעפל און מע כאַפּט א שטיקל פיש, אַ לאָקש, א ביינדל, אביסל צימעס — אַזעלכע מאַיכאָלים, וואָס מע האָט עס אַ גאַנצע וואָך אין די אויגן ניט געזען. איטלעכס פון די קינדער עסט עס, שטאַרק היטנדיק זיך, קיין ברעקל זאָל, כאָלילע, ניט אַראָפּפאַלן, עפעס מיט א גוט ערנסט פּענימל, וואָס וועקט אוף אין האַרצן געפילן פון ראַכמאָנעס. עפעס גאָר ווי א וועוועריקל, וואָס זיצט זיך אף אַביימל און קנאַקט עפעס אזוי שיין, אזוי ערנסט אַ ניסל...

שמוליק שטעלט די „קיילע" צו די זמירעס און שפּילט אָפּ טשאַ־קענדיק א „מה ידידות":

ווי ליב די רו איז דיינע,
פּרינצעסן שאַבעס פיינע!
מיר לויפן דיר אַקעגן אלע,
מיר בעטען: קום, געקרוינטע קאַלע!..
פון אלע מעלאָכעס איז אן עק,
די ארבעט לייגט מען איצט אַוועק,
זיך טאַינעג אָנצוטון באַם טיש,
מיט הינער, כאַלע, פליישׁ און פיש".

סאַמבאַטיען דער טייך, וואָס לויפט, רוט ניט די גאַנצע וואָך, בלייבט שאַבעס פלוצלים שטיין, „עס הערן אוף די קוילעס, גוואלדן, ווען הויך דער איד זינגט די זמירעס זיינע. דער שרעקלעכער טייך שטערט אים ניט אין דעם שטייגער זינגען, עס שווייגן די בייזע כוואַ־ליעס, אויס ראַש — שאַ, ס'איז רו!.."

אַזוי פרייט זיך א מעסלעס דאָס האַרץ, א פרייד, א סימכע אף די אַלע אידן, זיי זיינען פריי פון זאָרג און שטאַרק צופרידן.

אפן אַנדערן טאָג פאַרנאַכט, נאָך שאלעסודעס, זיצט אונזער שמוליק אַראָפּגעלאָזט די נאָז אין שול. ס'איז טונקל. אידן ברומען, זאָגן אַף א קרעכצנדיק קאָל דאָס קאפיטל טילים „אשרי תמימי דרך",

וואָס דערמאָנט אין דעם, אַז די פּרינצעסן-שאַבעס קלייבט זיך אין וועג אריין. עס הערשט עפּעס אַן אומעטיקייט און עס שמעקט מיט ראָסל פון אוגערקעס. די זון איז שוין פאַרגאַנגען, פייער-רויטע וואָלקנס סאַרפּענען באַם עק הימל און עס שטעלט זיך אידן פאָר דער ברע-נענדיקער גענעם. עס קלינגט זיי אין די אויערן דער שרעקלעכער באַפעל: „ישובו רשעים לשאולה!״[1] — די רעשאָים אַף יענער וועלט, וועלכע מע האָט געלאָזט שאַבעס צורו, זיך קויקלען דאָרט פריי אַף בערג פון שניי, טרייבט מען עס אצינד ווידער אין כיידער אריין: גייט זיך פרעגלען אהין אין גענעם! און מאַלכע כאַבאָלע דרייען זיך עפּעס פאַר די אויגן. אַך, דער גענעם! דער איד, נעבעך, זעט פאַר זיך דעם גענעם.

אינדערהיים באַ זיך זיצט אַף דער מילכעדיקער באַנק דאָס ווייב, פאַרלייגט די הענט און די פיס אונטער זיך. ס׳איז פינצטער. א ליכטי-קער פּאַס פון דער לעוואָנע שיינט אריין דורך א פענצטערל, אָפּשלאָגנ-דיק זיך אקעגן אַף דער וואַנט, אַף דער סטעליע, און שאָטנס פון מעשונעדיקע געשטאַלטן טאַנצן, שפּרינגען, מאַכן אָן עפּעס א מוירע אַף די אַלע קינדער, וואָס שטיקן זיך צונויף אינײנעם, ווי די דערשראָקענע שעפּעלעך, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, איינס מיט דעם אַנדערן ניט צו רעדן קיין וואָרט. שאַ, שטיל! נאָר א פּאָר גרילן גרילצן זיך איינע מיט דער אנדערער איבער אין די שפּעלטלעך ערגעץ אין א ווינקל. דאָס ווייב זיצט פאַרטראַכט, שאָקלט מיט דעם קאָפּ און נעמט זיך דערנאָך זאָגן מיט אַ געגעניץ: „גאָט פון אוראָם... אַז דער ליבער שאַ-בעס קוידעש גייט אהין״... אַף א טרויער-זינגענדיק קאָל. — אָן עק, הייסט עס, א סאָף. מע רייבט, רייבט מיט קונצן עפּעס א מין שווע-בעלע, אַ צווייטס, אַ דריטס, ביז עס ווייזט זיך מיט א בייזער, אין א רויך, א געשטאַנק, א בלוי-רויטלעך פייערל, באַ וועלכן מע צינדט נאָך פיל מי אָן א גראָשן ליכטל.

— גוטע וואָך! — זאָגט איטלעכער און פילט, ווי עס רייסט זיך אים עפּעס אָפּ אינעווייניק אין האַרצן.

— א גוטע וואָך! — זאָגט שמוליק אַף א פאַרדומפּטן קאָל באַם אריינקומען אין שטוב ווי א קעצעלע. ער דרייט זיך ארום ווי א נעכ-טיקער, די אויגן זיינע וואַרפן זיך עפּעס, דאָס פּאָנים בלייך, אויסגע-צויגן, און מע זעט, ווי אין אים גייט עפּעס פאָר אַ פאַרענדערונג.

דאָס הייבט זיך אין אים אָן דאָס איבעדקערעניש פון א פרינץ ווי-דער אין א הונט. עס שטעלט זיך פאָר שמוליקן די וואָך מיט דעם

---

1) „יאָשואוואו רעשאָים לישוילאָ״—רעשאָים, צוריק אין דער העל אריין! (רעד.)

הינטישן לעבן: מיט דעם ארומלויפעניש, מיט דעם קאָפּדרייעניש, מיט די כאַרפּעס, ביזיוינעס און דעם זוכעניש דאָס דאַר שטיקל ברויט — און עס באַשלאָגן אים אַנגסטן. נאָר דער פּרינץ וויל זיך אָבער אַזוי גיך ניט אונטערגעבן, ער ראַנגלט זיך, לאָזט זיך ניט נעמען אין געגעם אריין, פּלוצלים אין א הונט פאַרוואָרפן צו ווערן! ער צאַפּלט, ער זוכט אין וואָס זיך אָנצוהאלטן — טאָמער איז נאָך פאָרט דאָ עפּעס א האָפע-נונג, גאָט קאָן נאָך ראַכמאָנעס האָבן — און די האָפענונג גיט אים א שיין אין דער ברענענדיקער האַוודאָלע. פרום, מיט פארגלאָצטע אויגן נעמט ער זיך מאַכן האַוודאָלע: „הנה אל ישועתי" — אָט איז ער, דער גאָט פון מיין הילף, „אבטח ולא אפחד" — איך בין פאַרזיכערט און שרעק מיך ניט!.. ער שמעקט און מינטערט זיך מיט בסאָמים, ער טרינקט פון קאָס און שמירט דערפון די קעשענעס — א סגולע צו א גוטער, מאַזלדיקער וואָך. און די האָפענונג שיינט אים אויך אין די שאַבייסענאַכטיקע זמירעס. ער הייבט אָן אף אַ זיס-טרויערדיקן ניגען אונטערצוזינגען „האַמאַוודל"...

און די האָפענונג שיינט אים נאָך מער אין דעם „איש חסיד". עס צעפלאקערן זיך אים די אויגן. עס פאַרפאַרבט אים זיך אביסל רויטלעך דאָס פּאָנים, ער קוקט אפן ווייב און אף די קינדער, און מיט ביטאָכן אף גאָט ברומקעט ער באהארצט דאָס וואונדער-שיינע מאַיסעלע מיט דעם כאָסיד.

— אך, גאָטעניו! — לאָזט שמוליק אויס דעם „איש חסיד" מיט פאַרגלאָצטע אויגן און פאַרגייט זיך, ברומענדיק אונטער זיך א וויינענ-דיק-אידיש שטייגערל אף דער דינער סטרונע — אַך, טו עפּעס אַ נעס און העלף, גאָטעניו, העלף, העלף, ווי איז מיר!

— גוטע וואָך! — זאָגט מוישעלע, אריינקומנדיק אין שטוב, און מיט אים קומט געוויינטלעך שאַבייסענאַכטס אויך הערשעלע אף מעלאַווע-מאַלקע. זיי זאָגןביידע די זמירעס — פון „ויתן לך", וואו אידן ווערט צוגעזאָגט אלדאָס-גוטס פון פייגל-מילך: א געריעטעניש אין טוואוע, טשערעדעס בעהיימעס און שאָף, די בראָכע אין דער דייזשע, אין דער ספּיזשאַרנע, אין דעם האַנדל, אוישער אויך קאָוועד און נאָך גרויסע גליקן — ביז נאָך די „עליאָהוס".

אפן פּריפּעטשיק ברענט א פייערל, די מאַמע פּאָרעט זיך עפּעס נעבן אויוון, דאָס הויזגעזינד זיצט ניט ווייט בא א טיש, איטלעכער מיט עפּעס א שטיקל אַרבעט, און איינער פון די ביידע כאַווירים, אַמאָל דער, אַמאָל יענער, לייענט זיי פיר דעם סייפער האַיאָשער, די מאַיסע דאָרט, ווי די ברידער פאַרקויפן יויסעפן אוכעדוימע נאָך אַזעלכע שיינע מאַיסעס פון הייליקע ספאָרים. דערביי שפּינט זיך אַ שמועס,

איטלעכער וואַרפֿט אַריין אַ וואָרט, מע פֿאַרפּליט ווייטלעך, מען איז עפּעס ניט אַף דעם אוילעם — און דערוויַיל ווערט פֿאַרטיק דער באָרשטש, מיט וועלכן מע באַלייט שאַבעס האַמאַלקע. אין שטוב זעט טאַקע אויס ווי אַפֿן האַרצן: האַלב שאַבעסדיק, האַלב וואָכעדיק, האַלב זיסלעך, האַלב זויער, אַזוי ווי באַם לעצטן וואַרמעס, ווען מע ריכט אויס אַ טייערן גאַסט אין וועג אַריין — מע זופּט און מע טרייסט זיך, זיך אין גיכן ווידער צו זען...

אָט די אַלע יענע וואונדערלעכע מאַיסעס, ווי עס געשעען גרויסע ניסים מיט מענטשן אין דער וועלט און ווי עליאָהו-האַנאָווי באַגליקט אַמאָל נויטבאַדערפֿטיקע, אָרעמינקע, נעבעך, האָבן הערשעלען גע-טרייסט, פֿאַרזיסט זיין ביטער לעבן. די אַלטגעבאַקענע מאַיסע מיט רעב שמעלקען איז באַ אים אַצינד אופגעפרישט געוואָרן. ער האָט גע-גלויבט אין איר הייליק און געטראַכט, אַז עליאָהו-האַנאָווי האָט אַמאָל ר' שמעלקען געהאָלפֿן, קען דאָך זייער גוט מעגלעך זיין, ער זאָל אים אויך העלפֿן. פֿאַרוואָס דען ניט? — מע באַדאַרף נאָר ניט פֿאַרלירן די האָפֿענונג, בעטן גאָט, דאַוונען פֿונם גאַנצן האַרצן.

באַ הערשעלען הייבט זיך אָן יענע געווויסע צייט אין דעם מענטשנס לעבן — די וועסנע-צייט פֿון דער עמונע, ווען עס שפּראָצן פֿרישע בלעטלעך פֿונם גלויבן, ווען עס בליט די האָפֿענונג, עס עפֿנט זיך אַ קוואַל געפֿילן פֿון ליבשאַפֿט, דער „כּח-המדמה״[1] צעשפּילט זיך, פֿליט אין הימל און קיין זאַך איז פֿאַר אים ניט צו שווער, ניט אומעג-לעך. עפּעס גלויבט זיך, האָפֿט זיך, טיף פֿונם האַרצן גיסן זיך הייסע טפֿילעס צו גאָט און עס וויינט זיך שטילערהייט, אַמאָל באַנאַכט אַפֿן געלעגער, עפּעס אַזוי געשמאַק, אַזוי געשמאַק...

עס פֿאַרשטייט זיך, ניט באַ איטלעכן איז דידאָזיקע וועסנע-צייט גלייך, באַ אַ טייל מענטשן גייט זי איבער קאַלט, מיט פֿוילע ווינטן, ניט איבערצולאָזן פֿון זיך אין דעם לעבן עפּעס אַ זייכער. אַזעלכע ווי באַ הערשעלען אָבער טרעפֿט זיך נאָר באַ איינעם פֿון טויזנטער — באַ מענטשן מיט גייסט, די „אַטאָוועכאַרטאָניקעס״ אַליין...

און אונזער הערשעלע נעמט זיך אַצינד געשמאַק צום דאַוונען מיט אַ ברען. ער דאַוונט ווי אַ איד דריי מאָל אין טאָג מיט דעם אוילעם, און דאַוונט, בעט אויך שטיל פֿאַר זיך אַליין, ווען נאָר עס קומט אים אָן דער כיישעק. די צייט גייט זיך דערוויַיל איר גאַנג, עס ווערט טאָג און נאַכט, ווי דער שטייגער איז, טאָג און נאַכט ווערט אויך באַ הער-שעלען אין דער נעשאָמע, געפֿילן פֿון האָפֿענונג און מאָרעשכוירע בייטן זיך אין אים קעסיידער איינע נאָך די אַנדערע.

---

1) „קויעך האַמדאַמע״ — די פֿאָרשטעלונג-קראַפֿט, די פֿאַנטאַזיע. (רעד.)

# דאָס דריטע קאַפּיטל.

די לעוואָנע, באָרכו און קדושע זיינען טאַקע עפּעס גאָר ווי א מאַגנעט, וואָס ציען-צו פונדערווייטנס אידן און שטעלן זיי אָפּ, זיי מעגן זיך ווי קיין צייט ניט האָבן און לויפן גאָר אָן אַ נעשאָמע. איר גייט אייך אין גלופּסק, אַשטייגער, אָוונטצייט אַף דער גאַס, שטארק פאַרטראָגן אין אייסעק. פּלוצלים קומט אייך פון דער זייט גאַס צו די אויערן עפּעס א מין „שאָלעם אלייכעם״! באַלד טאַקע געפינט איר זיך צווישן א רעדל אידן, ענטפערט איטלעכן אף א זינגענדיק קאָל: „אליי-כעם שאָלעם״! שאָקלט אייך און שפּרינגט מיט אלע איניינעם אקעגן דער לעוואָנע. — אין איילעניש, אין לויפּעניש אַמאָל פאַרבייַ א קלייזל, א שטיבל, הערט איר פּלוצלים א פויקן מיט פינגער אין די פענצטער — גיכער רעב איד, גיכער! איידער נאָך איר באַטראַכט זיך, שטייט איר שוין מיטביידע פיס אינעווייניק, דאָרט באַ דער טיר און מאַכט אָנגעבויגן „באָרכו״, אָדער איר שפּרינגט „קאָדעש״ מיט דעם גאנצן אוילעם אידן דאָרט.

דענסטמאָל זייט איר ניט איילעדער, איר האָט איבער אייך אליין קיין שליטע ניט, גלייך ווי מע וואָלט אייך אָפּגעטון אַ קישעף. דעס-גלייכן טרעפט זיך מיט אייך אמאָל, ווען איר שטייט פרימאָרגנס אין קלויז, עס שפּאַרט אייך אונטערן לעפּעלע און איר האָט בעדייע עפּעס צו טון, פּלוצים שארט זיך, ווי א קעצעלע, צו עפּעס א איד, שוין נאָך נעקיעס, שטעלט זיך פון אייער קאָוועד וועגן נעבן אייך און, רייבנדיק די הענט איינגעהויקערט, שיין, פיין, מיט א פרום פּענימל הייבט ער אָן זיס-מעכאַיע די בראָכעס: „אשר נתן לשכוי בינה,״ וואָס האָט דעם האָן געגעבן פאַרשטאַנד, „להבחין בין יום ובין לילה״, אוטערצושיידן צווישן טאָג און נאַכט. איר, איין ברייִרע, ענטפערט: „ברוך-שמו, אמן!״, קנייטשנדיק זיך מיט אַן ערנסט-זויער מינעלע. ער טוט אייך א טויווע, שיט מיט בראָכעס, איינע נאָך דער אַנדערער, און איר אליך: „אמן, ברוך-שמו, אמן!״ שטייט עפּעס ווי צוגעקאָוועט, ניט צו רירן זיך פונם אָרט, גלייך ווי מע וואָלט אייך, מעכילע, געמאָלקן... קוים אָבער

האָט איר אָפּגעשאָלעם-אַלייכעמט, אָפּגעבאָרכעט, אָפּגעקאַדעשט, אָפּ-
געסילעקט אייערע אָמענס, גיט איר א מאך מיט די אַקסלען, טוט זיך
אַ קראַץ, שפּייט אויס גאנץ פיין — און גייט אייך ווידער אייער וועגס.

אף אונזער רעב אווראָמס פּויקן אין פענצטער צו מינכע, האָבן זיך
אריינגעכאַפּט ראַפּטאָם עטלעכע אידן, וואָס זיינען געגאַנגען פאַרביי
דעם קלייזל. זיי האָבן אין איילעניש געכאַפּט א גאָטס וואָרט, גע-
שפּרונגען „קאָדעש” פאַרסאָפּעט, גאָר אין איין אָטעם — און באַלד דער-
נאָך טאַקע זיך צעלאָפן. איינער נאָר איז איבערגעבליבן. ער האָט עפּעס
אַ ווײַלע זיך געדרייט, ארומגעקוקט און פון גאַנצן באַנעמען זיך זיינעם
האָט מען ארויסגעזעען, אַז ער איז א פרעמדער, ניט קיין היגער. די
לאַנגע גלאַנצנדיקע נאָז זיינע האָט געזאָגט, אַז ערשט היינט, נעכטן
איז זי פונם וועג, וואו דער ווינט האָט זי שטאַרק געפּייניקט, זי גע-
שטשיפּעט און מיעס איר אָנגעפּייפּט. די צוויי גרויע, קאַצענע אויגן
זיינע האָבן זיך געוואָרפן, ניט צו קוקן גלייך אין איין זייט, ווי זיי
וואָלטן געווען באַרויגעז — איינע האָט געקוקט קיין דאָרעם, און די אַנ-
דערע קיין צאָפן-זייט.

רעב אווראָם האָט, ווינקענדיק מיט דער האַנט, צוגערופן דעם
פאַרשוין און אים אָנגעוויזן אַן אָרט נעבן זיך. באַם דאַוונען האָט דער
פאַרשוין זיך געשאָקלט מיט כיין, גאַנץ אידישלעך, און פונם שאָקלען
זיך זיינעם האָט אויסגעזעען, אַז ער איז אַ טאַטנס אַ קינד, ניט קיין
פּראָסט מענטשל.

— אַפּאָנים, ניט קיין היגער? הא? — האָט ר' אַווראָם נאָך דעם
דאַוונען זיך געווענדעט צום פאַרשוין, אָנקוקנדיק אים מיט א פיינט-
לעכער מינע.

— וואָס-דען? — גיט דער פאַרשוין, ווי דער שטייגער איז, א
„פרעגנדיקן ענטפער” אף עפּעס א מין קרעכצנדיק-כסידיש כאָרפּעלע,
שנייצנדיק דערביי גאַנץ ברייטלעך די גלאַנצנדיקע נאָז, וואָס האָט זיך
צעגאָסן אין שטייגער און געגאָסן בייז אף א הילך.

— א, אויב אַזוי, שאָלעם-אַלייכעם! — פאָרט רעב אַווראָם אַריין
צום פאַרשוין מיט דער האַנט, — פונוואַנען זאָל עס, הא, אַ איד זיין?

— האַפּ-סי! האַפּ-צי! — ענטפערט אָפּ ניסנדיק די נאָז פאַר איר
באַלעבאָס.

— פון יעהופּיץ עפּשער? עפּעס אַזוי זעט עס מיר אויס — מאכט
זיך רעב אווראָם זיין האַשאָרע דערוויל, איידער די נאָז וועט זיך באַ-
רואיקן, און איז זי מעכאַבעד אַגעוו מיט א שמעק טאַבאַקע.

— ווען שטעלט מען זיך באַ אייך דאָ מאָרגן פרי דאַוונען? — פרעגט
דער פאַרשוין, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער נאָז.

— ווען? פרעגט איר — ענטפערט רעב אווראָם — ווי געוויינטלעך. וואָס איז?

— יאָרצייט האָב איך, פאַרשטייט איר מיך. דעם זעקסטן טאָג אין טאַמעז האָב איך יאָרצייט נאָך אַ טאַטן — מאַכט דער פאַרשוין מיט אַ זיפצעלע.

— אַזוי, יאָרצייט? — זאָגט רעב אַווראָם, א נעם געבנדיק זיך בײַ דער באָרד. — זייער אָנגעלייגט, כ'לעבן. קומט־זשע, זייט מויכל, מאָרגן אין דער געוויינטלעכער צייט.

דער פאַרשוין איז נאָך אביסל געזעסן, שמועסנדיק מיט רעב אַווראָמען, און די אויגן האָבן זיך אים דערווייל געוואָרפן אין איטלעכס ווינקעלע. באַם אופהייבן זיך פונם בײַנקל האָט ער זיך מיט א קרימעלע געקראַצט אין די פּייע, גלייך ווי דאָס ארויסגיין פון מאָקעם־קאָדעש איז אים שווער.

„דאַכט זיך, האַ?... נישקאָשעדיק פון אַ אידן"... מאַכט רעב אַווראָם שטיל פאַר זיך, אופהייבנדיק זיך פון זיין אָרט, נאָכדעם אַז דער פאַרשוין איז אַוועקגעגאַנגען. און ווענדנדיק זיך צו מוישעלען, וואָס האָט גערעדט מיט הערשעלען אין אַ ווינקל, רופט ער זיך אָן הויך:

— אַהיים, שקאָץ! קום, צייט זיך אויסצורוען פאַר אַ גאַנצן טאָג און שלאָפן.—און דו, שקאָץ, זאָגט ער צו הערשעלען, לייג זיך דאָ אויך שלאָפן. הונגעריק ביסטו ניט, האַ?

— ניין! — ענטפערט הערשעלע מיט דעם מויל און אין האַרצן בײַ זיך טראַכט ער: אוי, עסן!... אוי וואָלט איך עפּעס געגעסן!...

רעב אַווראָם אָבער איז געשטאַנען, ניט צו רירן זיך פון דעם אָרט. ער האָט באַשולדיקט אַליין זיך אין האַרצן, וואָס, פאַרדרייענדיק זיך מיט דעם אידן, איז אים דערווייל גאָר פון זינען אַרויס צו בעטן איינעם פון די באַלעבאַטים—נעמען הערשעלען אַף וועטשערע. הערשעלעס ענטפער „ניין!", דאָס הייסט ניט הונגעריק, האָט ער אָנגענומען גלאַט אַזוי פאַר אַ זאָג, אויס איידלקייט נאַר, וויסנדיק זייער גוט, אז פון איין מאָל אין טאָג עסן, און נאָך וואָס פאַר אַן עסן, משטיינס־געזאָגט — טרוקן ברויט מיט אַ קנאָבל, קען אַ מענטש ניט זאַט זיין, ביפראַט נאָך אַ יונג קינד, בא וועלכן דער אַפּעטיט איז גרויס. ער איז געשטאַנען עפּעס צעדרייט, ניט אַהין, ניט אַהער, און אַ קוק געבנדיק אף מוישעלען, אים צעמישט עפּעס אַ פרעג געטון:

— נו, ביז ווי לאַנג וועסטו שטיין?... גענוג גערעדט!

— רעב אַווראָם,— זאָגט מוישעלע,—ער איז געבליבן אָן וועטשערע, הערשעלע!... איך בעט אים דאָ, קום מיט מיר אַהיים עפּעס עסן. וואָס איז? נישקאָשע — און ער וויל ניט!

— וואָס, וואָס? — מאַכט רעב אַווראָם שטאַרק צעקאָכט, עפּעס גאָר אָן ווערטער.

— בעט איך אים: נו, וועל איך דיר ברײַנגען עפּעס פון דער היים אַהער, וויל ער אויך ניט!

— כ׳לעבן, נאַרעלע,—ווענדט זיך מוישעלע מיט אַ געבעט צו הערשעלען,—וואָס האָסטו מוירע? עס וועט, נישקאָשע, פאַר מיר אויך געזונט זיין. נו, יאָ?

הערשעלע שאָקלט מיט דעם קאָפּ אַף ניין, ניט אַרויסצוברײַנגען פונם מויל קיין וואָרט. אין האַרצן קאָכט אים ווי אין אַ קעסל און די פאַרב שטייט אים אין פּאָנים.

רעב אַווראָם זוכט דערווייל בא זיך אין קעשענע, באַקומט פונדאָרט אַ האַרטן דרייער, וועלכן ער שטופּט הערשעלען אין דער האַנט, בעטנדיק אים פונם גאַנצן האַרצן:

— נעם, נישקאָשע!... וועסט דערפאַר עפּעס קויפן.

הערשעלע נעמט דעם דרייער און באוואשט זיך מיט טרערן...

---

# דאָס פערטע קאַפּיטל.

אַף מאָרגן איז דער פאַרשוין געקומען דאַוונען אַקוראַט אין דער „געוויינטלעכער צייט״ און איז ווידער טאַקע געזעסן לעבן רעב אַווראָמען. די נאָז האָט אים אַלץ טאַקע געגלאַנצט, נאָר שוין ניט אַזוי געניסט מיט אַזאַ בייזער ווי נעכטן.

צו דער טוירע האָט מען אים אופגערופן (דאָנערשטיק איז געווען דענסטמאָל): יאַמויד רעב שנייער-זעוו-וואָלף ב״ר שראַגע-פייוואוש!

רעב אַווראָם האָט נאָכן דאַוונען געלערנט אַ פּיירעק מישנאַיעס און אים מעכאַבעד געווען זאָגן אַ ראַבאָנען-קאַדעש. געזאָגט האָט ער בעני-מעסדיק, גרייזלענדיק דערביי אַ פּייע, מיט צוגעמאַכטע אייגעלעך, גע-שאָקלט דאָס קעפּעלע גאַנץ לייטיש, און יענע מינע אידן, וואָס פאַר-בלייבן געוויינטלעך אַף אַ שאָ נאָכן דאַוונען איבער דעם דרויב, שטיק-לעך יעהי-ראָצנס און דעם כאָקל, האָבן אים געשיינקט אָמיינס פונם גאַנצן האַרצן מיט דער קאַוואָנע — יאָרצייט-בראָנפן. דידאָזיקע קאַוואָנע איז זיי געלעגן אין די ליפּעלעך, אין די גערגעלעך, ווי זיי האָבן זיך באַלעקט און געשלונגען די סלינקע. ניט דעריבער, ווייל זיי זאָלן אַזוי לאָעט זיין נאָך אַביסל מאַשקע. כאָלילע! שיקרעס איז בא זיי די גרע-סטע אַווירע; נאָר דעריבער, וואָס אין דעם יאָרצייט-בראָנפן ליגט עפּעס אַ באַזונדער מין יעיצער-האָרע, עס האט עפּעס אַן אַנדער טאַם — אַ קאַפּאָרע שאַמפּאַניער, דער בעסטער „נסך״![1]). דער שאַמעש האָט טאַקע באַלד געבראַכט אַ קוואָרט בראָנפן — שליש מיט קיכלעך, אייער-בייגל צום פאַרבייסן און מע האָט זיך גענומען מאַכן לעכאַיִם.

— לעכאַיִם, ר׳ שנייער-וואָלף! — בעבעט איינער, — האַשעם-איסבאָרעך זאָל געבן... בעפּאַשטעס טאַקע, האַ, — פּאַרנאָסע... פּאַרנאָסע זיינע אי-דעלעך, אָך-אָך — כאָ!

— לעכאַיִם רעב, רעב... האַ? שנייער! אָט וואָס, רעב שנייער! — קוועטשט זיך נאָך איינער אויס עפּעס צו זאָגן, נאָכדעם ווי ער האָט

---

1) „נעסעך״ — וויין, וואָס אידן טאָרן ניט טרינקען. (רעד.)

פריער אָפּגעזופּט אַביסל פונם קעלישיקל און זיך באַלעקט. פּאַרנאָסע, מאַכטייסע! ווי אַרום? בע... דערוף איז ער דאָך אַ ריבוינע שעל אוי־לעם, האַ!... אַזוי' צי אַזוי — ווייס איך? — אָט לאָז ער אייך העלפן... האָט איר עפעס דאָ, האַ!... אַ געשעפטל?... וואָס?... — לאָזט ער אויס כאָכמעדיק, אַ טאָפּ צו געבן דערווייל אין וואָגן.

— ע־עט!... — מאַכט שנייער עפעס אָן ווערטער.

— אַהער, שקאָץ! — רופט רעב אַווראָם צו הערשעלען, וואָס איז אין אַ ווינקעלע געזעסן מיט מוישעלען איבער דער געמאָרע — נאַ! איין אייערבייגל דיר מיט אביסל בראָנפן, און דעם אַנדערן גיב דאָרט יענעם שקאָץ, דיין כאַווער.

דעם פּאַרשוינס אייגעלעך האָבן זיך אין איין צייט געוואָרפן אף הערשעלען דאָ, און אף מוישעלען דאָרט אין ווינקעלע.

אַז דער אוילעם איז זיך צעגאַנגען, האָט דער פּאַרשוין זיך אריינ־געלאָזט מיט רעב אַווראָמען אין אַ שמועס מיקויעך אידן, קרעכצנדיק שטאַרק, מעקאַנע געווען יענע, וואָס קענען זיצן אין בעסמעדרעש „על התורה ועל העבודה״ [1]), און אגעוו טאַקע א טאָפּ געבנדיק מיט אַ פרעג:

— וועמ' זיינען עס באַ אייך יענע צוויי באָכורימלעך דאָרט, וואָס זיצן איבער דער געמאָרע? גאַנץ פיינע קינדער.

— אַ מייוון, כ'לעבן! — ענטפערט רעב אַווראָם מיט א שטאָלץ שמיי־כעלע, ווי אַ פּאָטער בעשאָס מע לויבט אים זיינע קינדער. — איינער איז אַ היגער טאַקע און איינער, וועלכן איך האָב פריער צוגערופן, איז, נעבעך, אַ גער, פון אַ שטעטל, אַ יאָסעם. האלט זיך דאָ אוף. אַ צאַצקע!

— מע זעט עס אים ארויס באַלד טאַקע אין פּאָנים. — מאַכט דער פּאַר־שוין, אַ קוק געבנדיק אין הערשעלעס זייט, — אַ שאָד, כ'לעבן, ער מוז דאָ, נעבעך, אָפּקומען.

— אוואַדע. אוואַדע! — זיפצט רעב אַווראָם. — אַן אָרעם קינד, אַן עלנט יאָסעמל, נעבעך.

— ווייסט איר וואָס! — רופט זיך אָן דער פּאַרשוין, נאָכדעם, אַז ער האָט אביסל געטראַכט, און די גרויע אויגן האָבן זיך אים צעפלאַקערט — ווייסט איר, וואָס מיר איז דאָ פאַר אים איינגעפאַלן?

— אַ קאַשע אף אַ מאַיסע! — מאַכט רעב אַווראָם מיט אַ גוט שמיי־כעלע, פאָכנדיק אַפן קאָפּ מיט דער יאַרמעלקע. — עפשער אַ שידעך, האַ?

— קעמוי ווי אַ שידעך, — מאַכט מיט אַן ערנסט פּענימל דער פּאַר־שוין. — שפּעטער, מיט דער צייט, קען טאַקע זיין, אימירצעשעם, אַ

---

[1]) „אל האַטוירע וועאַל האַוואוידע״ — לערנען און גאָט דינען. (רעד.)

שידעך. ס'איז דאָ אויך אַ בסולע, פאַרשטייט איר מיך. די מאַיסע דער־פון איז אזוי... לאָזט זיך נאָר דינען.

— זאָגט, אדעראבע, זאָגט, מאכטייסע.

— בעקיצער, צו וואָס דאָ אַ יאַם בּרייען,—צעשאָקלט זיך דער פאַר־שוין,—די מאַיסע, אָט, איז אזוי: מיט מיר איז דאָ מיינער אַ שוטעף, אַ גאַנץ פיינער באַלעבאָס, ווי איך זאָג אייך, גאָר נישקאָשעדיק. האָט דער שוטעף מיינער, פאַרשטייט איר מיך, אַ אינגעלע און וויל זייער, דאָס אינגעלע זאָל קענען לערנען. בא אונז דאָרט די כאדאָרים זיינען, ווי זאָל איך אייך זאָגן, עט... דער בראָדער מעלאמעד איז אַ בעהיימע, דער ליטוואַק — אַ ציילעם-קאָפּ און די איבעריקע — טפו !... מיין איך, אַז אייער יאָסעמל זאָל עס, אַפּאָנים, פאר מיין שוטעפס אינגל זיין... איר פאַרשטייט ?

— איך פאַרשטיי. איר מיינט, מיינער זאָל לערנען מיט דעם אינגעלע.

— מ-מהו ! — מאכט דער פאַרשוין, בלינצנדיק מיט די אייגעלעך — אָט דאָס מיינט דער פּאַסעק. עס וועט אים זיין גאַנץ גוט. ער וועט האָבן קעסט, זיין באַשוכט און באַקליידט. וועט ער נאָר קיין שויטע ניט זיין, קען ווערן אַ שידעך אויך. פאַרוואָס ניט ? אַ בסולע איז דאָ... צע־קייט עס נאָר.

— דאכט זיך אין פלוג, הא ? נישקאָשע ! — זאָגט רעב אַוראָם און רייבּט דעם שטערן.

— וויל איך,— דערקלערט עס גאַנץ קלאָר דער פּאַרשוין,—וויל איך, פאַרשטייט איר מיך, גאָר פּאָשעט טון אַ מיצווע. פאַרזאָרגן א יאָסעם. מיסטאָמע איז דאָך אזוי באַשערט.—נו, האָט איר עס צעקייט ?

— ניט שלעכט, — ענטפערט רעב אוראָם, — נאָר...

— וואָס נאָר ? ! — טוט זיך דער פאַרשוין א כאפּ. — ניט שלעכט, זאָגט איר ; ניין — גאַנץ גוט ! אָט דאָס איז דאָך די מאַיסע מיט אַ אידן, האָט קיין פאריבל ניט ! וואָס נאָר ? נאָר, וועל איך זאָגן. מע מוז דעם שוטעף מיינעם ווייזן פריער דאָס באָכערל, לאָז ער אים נאָר געפעלן. אָט וואָס ! ווילט איר האָבן אַ כיילעק אין דער מיצווע, האַיעט-זשע ניט און לאָזט, זייט מויכל, דעם קליינעם מיט מיר גיין צו מיין שוטעף. באלד טאקע, ניטאָ קיין צייט.

— טאַ !—מאכט רעב אוראָם, אופהייבנדיק זיך פונם ביינקל.—אָט גיי איך מיט מיינעם איבערשמועסן.

אין דעם פּאָנים פון רעב אוראָמען און פון הערשעלען איז געווען צו דערקענען, אַז ביידע קווינקלען זיך עפּעס אין האַרצן, כאָטש רעב אַוראָם האָט די זאך אנידערגעשטעלט גלאטיק, און הערשעלע האָט, קוקנדיק אים אין די אויגן, צוגעשאָקלט מיט דעם קאָפּ אף יאָ.

דער פּאַרשוין האָט עס פונדערוווייטנס זייער גוט באַמערקט, נאָר ער האָט געמאַכט אַ מינע, ווי פאַר אים איז אַלצייינס. און, אופהייבנדיק זיך פונם אָרט, רופט ער זיך אָן מיט אַ קנייטשעלע:

— ניטאָ קיין צייט! וויל ער, זאָל ער באַלד מיט מיר גיין... ווי איר ווילט אייך.

— נאָך אַ רעגעלע, איין רעגעלע! — בעט רעב אווראָם און טרייבט אונטער הערשעלען, וואָס האָט, צוקומענדיק צו מוישעלען, זיך געבאָבּערט עפּעס מיט אים דאָרט אין דעם שטענדער. — גיי שוין, גיי, הערשעלע! דער איד האָט ניט קיין צייט. גיי און קום גיך צוריק מיט אַן ענטפער. איך וועל דאָ וואַרטן.

— איך וועל מיך ניט זאַמען. — זאָגט הערשעלע און גייט אַרויס אײנייַנעם מיט דעם פּאַרשוין.

---

# דאָס פינפטע קאַפיטל.

רעב אַוורהאָם האָט באַלד נאָך הערשעלעס אַוועקגיין זיך גענומען זאָגן זויהער מיט אַ ברען, אַף אַ ניגן, די אויגן האָבן אים געפלאַקערט, דאָס פּאָנים האָט זיך אים פארפארבט — ער האָט געזופּט זויהער מיט אַפּעטיט און מע האָט באשיינפערלעך געזעען, ווי עס קומט אים צו דערפון כאַיעס, אַסאַך מער ווי אַנדערע פון אַ גלעזל קאָפּע מיט פּוטער-געבעקסלעך צום פרישטיק. רעב אַוורהאָמס פרישטיק איז אַלע טאָג באַשטאַנען פון אַ טרוקן שטיקל מישנאַיעס, עטלעכע געשמאַקע אגאדטעס מיט אַ זופּ זויהער פארביסן — און איז דערמיט זאַט געווען ביז וואַרמעס. אַ היפּשע צייט איז ער אַזוי פארטיפט געווען אין דעם זאָגן, געפלויגן הויך, עפּעס אין אַנדערע וועלטן. דערנאָך האָט זיך אים עפּעס געענדערט דאָס קאָל, אַלץ נידעריקער, נידעריקער, ווי ער איז פונם זיבעטן הימל אַראָפּ אף דער ערד. ער האָט געטון אַ זיפץ, געגלעט די באָרד, דעם שטערן, געקוקט, זיצנדיק אף זיין אָרט, אין דעם אָפענעם פענצטער גלייך אים אקעגן און זיך פארטראכט.

אינדרויסן האָבן זיך געטראָגן שוועלבעלעך, געשוועבט אין דער לופטן פלינק-געשווינד, אַרוף און אַראָפּ, צופליענדיק איינס נאָכן אַנדערן מיט אַ סווישטש — „ציק-טשיק" צו די נעסטן איבער די פענצטער און אונטערן געזימס פונם קלייזל.

„גם צפור מצאה בית", אויך דאָס פייגעלע געפינט איר הייזל — קומט רעב אַוורהאָמען אַפן געדאַנק דער געוויסער פּאָסעק אין טילים — „ודרור קן לה" — און דאָס שוועלבעלע זיין נעסט, „אשר שתה את אפרוחיה", וואָס פריטוליעט די יונגע פייגעלעך, „את מזבחותיך ה' צבאות", בא דיין מאָקעם קאָדעש, האַרצעדיקער פּאָטער, גאָטעניו!...

ער גיט אַ בליק אף מוישעלען, דערמאנט זיך אויך אין הערשעלען און טראַכט בא זיך: אידישע קינדערלעך! — פון אָרעמע עלטערן פייגעגעלעך, פריטוליעטע, נעבעך, אין קלייזעלעך...

— וואָס באטייט עס? — ווענדעט ער זיך פונדערווייטנס מיט אַ פרעג צו מוישעלען, וואָס איז געזעסן שטיל אין ווינקעלע, אָנשפּאַרנ-

דיק דאָס קעפּעלע אויף דער גערמאָרע, — וואָס באַטייט עס, וואָס ער איז נאָך ניטאָ?

— ווייס איך? — ענטפערט מוישעלע גאַנץ קורץ, עפּעס אַף אַן אומע-טיק קאָל.

— אָ-וואַ, אַ מאַיסע, אַ מאַיסע! — ברומלעט רעב אווראָם. — מיר איז גאָר אַרויס פונם זינען צו פרעגן, אַף וועלכער אכסאניע שטייט אָט דערדאָזיקער, ווי הייסט ער עפּעס? שנייער-וואָלף, דאַכט זיך, האַ?

— דאַכט זיך אזוי, — ענטפערט מוישעלע געציילטע ווערטער, עפּעס דורך די ציין.

— האַ, פון וואָס פאַר אַ שטאָט, האָט ער געזאָגט, איז ער — אָט דער שנייער-וואָלף? איך געדיינק נישט, אָסער, וואָס ער האָט גע-זאָגט...

רעב אווראָמס דאָזיקע ווערטער זיינען געבליבן אָן אַן ענטפער.

ער האָט זיך גענומען אַריינקוקן אין אַ סייפער, נאָר דער געדאַנק, פאַרוואָס זאָמט זיך אזוי הערשעלע, האָט אים געפּיקט אין קאָפּ, אזוי אַז ער איז ניט אין שטאַנד געווען צו פאַרשטיין קיין וואָרט — געקוקט טאַקע נאָר ווי אַ האָן אין בניי-אָדעם. עס האָט אים אָנגעהויבן אין דעם פאַרשוין עפּעס קאָשע צו ווערן, זיך עפּעס ניט צו שיקן. באַלד באַם ערשטן שאָלעם-אַלייכעם איז אים אפילע דער שנייער-וואָלף עפּעס ניט געווען צום האַרצן — עפּעס ווארפן זיך זיינע אויגן, קוקן יענעם ניט גלייך אין פּאָנים אריין. נאָר רעב אווראָמס גוטסקייט און פרומקייט האָבן עס ניט דערלאָזט גלאט אַזוי פון אַ אידן עפּעס שלעכטס צו טראַכטן. מיילע וואָס... גאָרניט... אַ אידיש קינד. — אַצינד אָבער, אַז ער איז דאָ געווען אומרואיק, האָט דאָס האַרץ זיינס אָנגעהויבן פריי זיך אַרויסצוזאָגן אַקעגן דעם פאַרשוין, און ער איז שטאַרק ניט צופרידן געווען מיט זיך אליין, מיט דעם גאנצן אייסעק. עפּעס אזוי אין כאַפּע-ניש! סטייטש, ער ווייסט דאָך אפילע ניט רעכט גוט פונוואַנען דער פאַרשוין איז!... עס האָט אים עפּעס אונטערגעטראָגן פונםביינקל, ניט געקענט מער איינזיצן אף זיין אָרט. ער איז צוגעגאנגען צו דעם אָפּע-נעם פענצטער און געקוקט, ארויסגעקוקט אין דרויסן.

פאַר זיינע אויגן איז פירגעגאַנגען אַ רירנדיקע סצענע. אין אַ שוועל-בעלעס אַ נעסט, אונטערן געזימס, האָט זיך פאַרקליבן עפּעס אַ גאַזלען — אַ וואָראָבייטשיקל און זיך צעלייגט דאָרט מיט אויסגעשפּרייטע פליגע-לעך, ווי באַם טאַטן אין וויינהויז. אונטער דעם שוועלבלשן אוילעם ווערט אַ בעהאָלע, אַ צונויפליעניש פון אלע זייטן. דאָס פּאָרל באַ-גאזלטע שוועלבעלעך פליען, פלאַטערן דערשראָקן אהין-אהער, סוויש-טשען געוואלד, מאכן זיך הארץ און פּרואוון זיך נאָענט צוקומען צו

זייער נעסט. דער וואָראָבייטשיקל, אָבער, שטעקט ארויס, שטארק אָנגע-לאָדן, דאָס קעפל, עפנט אַ מויל און פּיק, פּיק...

עס טוט רעב אווראָמען עפּעס אַ צופּ בא דעם האַרצן, ער טרעט אָפּ פונם פענצטער, אַ מאַך געבנדיק מיט דער האנט, ווי אָפּצוטרייבן פון זיך עפּעס אזוינס, וואָס באַאומרואיקט אים שטאַרק, און נעמט זיך גיין הין-און-צוריק איבער דעם קלייזל. דאָס קעפל פונם וואָראָבייטשיקל אָבער שוועבט אים פאר די אויגן, ער קוקט פארטראכט אין מוישעלעס זייט, שטעלט זיך אָפּ פארבייגייענדיק נעבן זיין שטענדער און, נאָך עט-לעכע מינוט שווייגן, טוט ער אים אַ זאָג:

— טאָמער, מוישעלע, וואָלסטו אַ שפרונג געטון זען, וואו איז ער ערגעץ דאָרט, דער שקאָץ, האַ? שוין באלד דריי א זייגער. לויף אַהין אין די אכסאַניעס. ווען ניט אין דער, איז אין יענער, אין איינער ערגעץ וועסטו אים דאָך טרעפן.

— אַליין האָב איך שוין אויך דאָס אייגענע געטראכט, — ענטפערט מוישעלע, צומאכנדיק די געמאָרע, און לאָזט זיך באלד טאקע גיין.

מוישעלען איז אין דעם טאָג געווען שטארק אָנגעזאלצן אפן האַרצן דערפון, וואָס פלוצלים האָט זיך דאָ געמאכט אזוי, אז ער זאָל זיך בא-דארפן שיידן מיט הערשעלען, מיט וועלכן ער האָט געלעבט ווי ברידער, געלערנט און פארבראכט טעג און נעכט אין ליידן, אין פריידן, מיט אים אינייִנעם. נאָך אזא ליבן כאַווער געקניפּט און געבונדן, איבערצו-בלייבן פלוצלים אליין — דאָס איז אים געווען שווערער פונם טויט. ס'איז אינעווייניק אין אים פירגעגאנגען אַ שפּאַרעניש, אַ שאַרפער פּילפּל צווישן די געפילן. דאָס געפיל פון ליבשאַפט צו הערשעלען האָט גע-שריגן: אַ ראַכמאָנעס! ער ליידט דאָ, נעבעך, קומט דאָ אזוי אָפּ, לאָז ער אהין פאָרן! טאָמער וועט ער אף דער שטעלע דאָרט זיך אויסגלייכן די ביינער. אַקעגן-זשע יענץ געפיל פון ליבשאַפט צו זיך אליין האָט געטאַינעט: אף מיר, נישקאָשע, איז אויך אַ ראכמאָנעס! דאָ מיט אים אינייִנעם איז מיר בעסער, היימלעכער, איינגענעמער דאָס לעבן... און נאָך עפּעס אַ מין געפיל — אַ „וצדקותך"[1] האט זיך ארייִנגעלייגט אין פשאָרע מיט גנייווישע טנועלעך: אף ביידע אַ ראכמאָנעס! אים איז טאקע אַ יוישער שוין אביסל אופגעריכט צו ווערן, נאָר גאָט דער גו-טער, אויב ער וויל, וועט אים דאָך דאָ אַפן אָרט אויך קענען עפּעס צושיקן.

הערשעלעס זאַמען זיך אָבער האָט אינגאַנצן אַן עק געמאכט פונם דאָזיקן פּילפּל, אַצינד איז מוישעלען נאָר דאָס געלעגן אין זינען: וואו

---

1) „ווייצידקאָסכאָ"—מיט אַן אָנשטעל פין גרויס ערלעכקייט און גערעכטיקייט. (רעד.)

איז הערשעלע? רעב אַוורהאָמס ניט-רואיק-זיין עפּעס האָט אים נאָך מער צעדרייט, ער איז געווען באַטריבט און ניט געוואוסט, וואָס איבערצוטראַכטן.

אף עטלעכע אכסאַניעס איז מוישעלע געווען, און אומזיסט: אַזאַ פּאַרשוין, וועלכן ער האָט געזוכט, האָט מען דאָרט ניט געזען, ניט גע-הערט. האַלטנדיק אין גיין אף די איבעריקע אכסאַניעס, איז אים ווי אַ קויל אין הארצן אריין פּלוצלים א געדאַנק — האַ, צום טייך! הערשעלע האָט זייער ליב צו באָדן זיך, צו שווימען, איבערצומאכן אין וואסער אלע קונצן, עפּשער האָט ער באם וועג גייענדיק זיך אַראָפּגעכאַפּט באָדן און.... ווייטער, מיט וואָס אזעלכס שמעקט, האָט מוישעלע קיין הארץ ניט געהאט דייטלעך צו טראכטן, ער איז נאָר געוואָרן בלייך און גאָר אָן אַ נעשאָמע געלאָפן אַהין, צו יענע ערטער, וואו געוויינטלעך מע באָדט זיך. נאָר אומזיסט זיין מי. הערשעלע איז ניטאָ! ניט ווילנ-דיק האָט אים זיך געדאכט, שוין גאַנץ קלאָר, מיט איטלעכס פּיצעלע באַזונדער: הערשעלע איז באם אונטערטוקן זיך איינגעזונקען געוואָרן אין דער זומפּיקער בלאָטע. ראַקעס האָבן זיך אין זיין לייב שוין איינ-געגעסן, נאָגן אים דעם מאַרך פון די ביינער. דער טייך נעמט דאָך אלע זומער צו אַ זיבן מענטשן. ווער ווייסט, וואָס פון מוישעלען וואָלט פאר ביטערע יעסורים און אַנגסטן געוואָרן, ווען עס זאָל אים באלד, ווי אַ בליק, ניט אַ זעץ טון אן אנדער געדאַנק — ס'איז דאָך עפּעס אף דער וועלט דאָ א קאַבצאַנסקער אַכסאַניע! מעגלעך, טאָקע מעגלעך, אַז הערשעלע איז אריין אהין זיך צו זען מיט פרישע קאַבצאַנסקער פּאַר-שוינען, אָפּצונעמען אַ גערוס, אָדער אַ בריוו פון דער היים. מוישעלע האָט אין דעם געדאַנק זיך אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט, זיך שטאַרק געוואונדערט, פארוואָס איז דאָס אים פריער נאָך ניט איינגעפאַלן און, געשטאַרקט פון דער גוטער האָפענונג, האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער קאַבצאַנסקער אכסאַניע.

די אכסאַניע פון דרויסן איז באלאגערט געווען פון באַלעגאָלעס, וואָס זיינען געשטאַנען, געזעסן אף פּריזבעס מיט בייטשן אין די הענט, שטאַרק בייז, האָבן זיך געקראַצט אין די פּייעס, געשפּיגן און גלאט אַזוי זיך אין דער וועלט אריין געפלוכט, געשאָלטן; אויך פון מעקלערס, וואָס האָבן זיך געדונגען מיט פּארשוינען, אף זייער לאָשן — מומעס, פעטערס, — אָנווייזנדיק זיי פונדערווייטנס ביידלעך, און צוגע-זאָגט איטלעכן אַ טייער פּאָרעכטס, גיך, געשווינד, געראַמיק, ווי די סראָרעס.

בא מוישעלעס צוקומען זיינען אים, ווי די היישעריקן, באַפאלן מעק-לערס, אים געצויגן, געריסן.

מוישעלע האָט זיך קאַם אַ לעבעדיקער פון זייערע הענט אויסגעדרייט און זיך אריינגעכאַפּט אין שטוב אריין. דאָרט איז ער דורכגעגאַנגען צווישן אלע פארשווינען, געזוכט מיט די אויגן אין איטלעכס ווינקעלע — און הערשעלע איז ניטאָ! עס ווערט אים ניט גוט, ביטער און פינצטער אַף דעם האַרצן. נאָר ס'איז נאָך דאָ אַ שטיקל האָפענונג, ער פּרואווט זיך דורך דער הינטער־טיר אַרויס אין הויף אריין, שטופּנדיק זיך צווישן דיביידלעך און וועגעלעך, צווישן מענטשן, פערד, לעהאָודל, אויסגע־מישט אינייגעם און, כאַפּנדיק הינטערווייעכס אַ שמיץ אין פּאָנים פון פערדישע ווײדלען, דערזעט ער אין דער זייט דאָרט אַ באַקאַנט פּאָנים — און עס גיט אים אַ קלאַפּ אין האַרצן פאַר פרייד אַף אַזא מעציע. אונ־זער שנייער־וואָלף שטייט עס דאָרט מיט עמעצן לעבן אַ געשפּאַנט וועגעלע, האַלטנדיק די נאָז אַראָפּגעלאָזן און זעט אויס עפּעס ווי אַן אָפּ־געשמיסענער. מוישעלע טוט זיך אַ לאָז צו אים האַסטיק מיט אַ פרעג, גאָר אין איין אָטעם:

— וואו איז הערשעלע?... הערשעלע וואו איז?

— אַ־אַ! — טוט זיך שנייער־וואָלף אַ כאַפּ ווי פונם שלאָף, שאַרף אָנ־קוקנדיק מוישעלען, און נאָך עטלעכע מינוט טראַכטן, רופט ער זיך אָן, שוין לעבעדיקער אביסל:

— אָט באַלד, באַלד! וואַרט נאָך אביסל, לאָמיך נאָר אָפּפּאַרטיקן זיך דאָ אָט מיט דעם אידן.

שנייער־וואָלף רופט אַוועק דעם אידן אין דער זייט. ביידע שמועסן דאָרט אַ היפּשע צייט גאַנץ שטיל צווישן זיך, מער אַף דעם וואונק. דער איד זעצט זיך דערנאָך אריין אין אַ וועגעלע, שנייער־וואָלף געזעגנט זיך מיט אים: — פאָרט געזונט.

און צוקומענדיק באַלד צו מוישעלען, מאַכט ער גאָר פריינטלעך מיט אַ זיס שמייכעלע:

— נו, אצינד קען איך דיר ענטפערן. וואָס האָסטו מיך עפּעס גע־פרעגט, וואָס?

— וואו איז הערשעלע?

— אַ־אַ, דיין כאַווער מיינסטו! — מאַכט דער שנייער־וואָלף ווי ער שטויסט זיך ערשט אָן. — אַזוי־זשע רעד. — דיין הערשעלע איז דאָרט, דאָרט בא דעם שוטעף מיינעם. איך שטיי אַף אכסאַניע דאָ, און ער, דער שוטעף, פארשטייסטו מיך, שטייט בא זיינעם אַ מעכוטן עפּעס. אָט גיי איך אליין באַלד אַהין. קום, אויב דו ווילסט, מיט מיר טאַקע.

עס פארשטייט זיך, אַז מוישעלע איז זייער גערן געווען צו גיין און האָט געזאָגט:

— אָך, אַ שיינעם דאַנק!

שנייער-וואָלף האָט געפירט מוישעלען עפּעס געדרייט דורך שמאָלע געסלעך און הינטערגעסלעך. נאָך אַ שטרעקע וועג גאַנג, הייבט מוישעלע אָן ביסלעכווייס זיך אָפּצושטעלן, קוקנדיק עפּעס אומרואיק, גלייך ווי געערדט: ביזוואַנען וועט ער מיך פירן?!

„נאַ-נאַ, אַ פאַרקליבן זיך עס אַביסל! עפּעס אין אַן עק וועלט״! — ברומט שנייער-וואָלף אונטער דער נאָז פאַר זיך, ווי אויך שטארק ניט צופרידן. און אַ קוק געבנדיק דערנאָך מוישעלען אין פּאָנים אריין, מאכט ער מיט אַ זיס מינעלע:

— אָט באלד, באַלד!

— יאָ! — רופט זיך מוישעלע אָן אָנגעברויגעזט. — אָט באלד זיינען מיר שוין אף יענער זייט שטאָט. אָט איז שוין טאקע דער בייסוילעם!

— וואָס בין איך שולדיק? — נעמט איין שנייער-וואָלף מוישעלען מיט גוטע ריידעלעך. — נישקאָשע, וואָס קען עס דיך אַרן, נאַרעלע, אַז דו וועסט דערווייל דורכגיין זיך אַביסל שפּאַצירן? אָט קוק, אַ גרין ביימעלע, אַ שמעקנדיק גרעזעלע, פייגעלעך סווישטשען — טשיריק-כי-ריק-טשיק.

מוישעלע טוט אַ שייכל און נעמט אָן אַ פריילעך פּאָנים.

— אָט אזוי, האָב איך דיך טאקע ליב! — רופט זיך אָן שנייער-וואָלף, אונטערכאנפּענענדיק זיך — וואָס האָסטו עס אזוי קיין צייט ניט? אַלץ לערנען, לערנען! נאָך אַמאָל אָמער אבאַיע, ווידער אמאָל אָמער אבאַיע. מע באַדארף די וועלט אויך אָנקוקן.

שמועסנדיק אף אַזאַ שטייגער, איז שנייער-וואָלף מיט מוישעלען דערווייל געגאנגען אַלץ ווייטער, ווייטער ביז העט אף יענער זייט בייסוילעם. דאָרט האָט זיך געשלעפּט פּאמעלעך עפּעס אַ פורל, אַ אידליק איז דערוף געזעסן, געהאלטן אין די הענט שלאַף די לייצן, גלאַט, נאָר פון יויצע וועגן, פּארלאָזנדיק זיך אף דעם פערדלס יוישער, לאָז עס זיך, עט, גיין, ווי זיין גוטער ווילן איז. שנייער-וואָלף האָט זיך איבערגעוואונקען מיט דעם אידל און, איידער מוישעלע האָט צייט גע-האַט זיך אַרומצוקוקן, טוט ער אים א כאַפּ, ווארפט אים אריין אין וואָגן און שפּרינגט אין דער הייסער רעגע אויך טאקע אריין אַהין. דאָס אידל טוט אַ שמיץ דאָס פערדל און אוועק...

---

# דאס זעקסטע קאַפּיטל.

רעב אַוורהָם גייט דערווייל אין איינע צאָרעס הין-און-צוריק איבער דעם קלייזל שטאַרק אומרואיק, רייבט מיט דער האַנט דעם שטערן און רעדט אַלץ צו זיך אַליין פאַרוואונדערט: ריבוינע שעל אוילעם, וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס! וואו זיינען עס די קינדער?! יענער איז נישטאָ, דער — זאָמט זיך עפּעס אויך צו לאַנג. א שיינער אַוועקגאַנג אַביסל! מיילע דער, יאַק דער, גאָרנישט! אָבער יענער, וואו איז יענער?! ס׳איז עפּעס נישט גלאַטיק. ער בלייבט שטיין נעבן פענצטער און נעמט זיך אַרויס די אויגן קוקנדיק אין דרויסן, נאָר אומזיסט אָבער דאָס קוקן, מע הערט נישט, מע זעט נישט. ער טוט זיך געשווינד אָן, נעמט אין דער האַנט דעם שטעקן און גייט אַרויס מיט דער דייע אַליין עפּעס צו טון, געוואָר צו ווערן, וואָס איז די מאַיסע.

אַף דער גאַס קומט אים אַקעגן איינער זיינער אַ גוטער באַקאַנטער, אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק, לייטיש געקליידעט, עפּעס האַלב-דייטש, האַלב-אידיש, מיט א שווארץ בערדעלע און מיט א קלוג, זיס פּאָנים. דער יונגערמאַן קוקט אָן פאַרוואונדערט רעב אַווראָמען, ווי ער יאָגט אָן אַ נעשאָמע, און שטעלט אים אָפּ מיט א פרעג:

— וואָס יאָגט איר עס עפּעס אַזוי? וואוהין איז, רעב אַוורהָם? אָן אייסעק עפּעס, וואָס?

— עפּעס אַ שטיקל אַגמעסנעפעש — ענטפערט רעב אַוורהָם, כאַפּנ-דיק דעם אָטעם. — גוט, כ׳לעבן, וואָס איר זייט מיר געקומען אַקעגן. איך האָב מיר דערמאָנט, ס׳איז דאָ מיט אייך צו רעדן וועגן עפּעס אַ איניען. נאָר נישט אַצינד, נישט אַצינד, רעב רעפאָעל.

— אַוואַדע וועגן אַ שידעך! — טוט מיט א שמייכעלע אַ זאָג רע-פאָעל. — האָט איר געהערט בעסער נייס, רעב אַוורהָם? אייער גדאַליע ווינטכאַפּער האָט אָנגעזוצט!

— אָ-וואַ, אָ-וואַ! — מאַכט פאַרוואונדערט רעב אַוורהָם. — עפּעס אַזוי פלוצלים, אומגעריכט! און ווי שטייט מאַלאָסוי[1] מיט אים?

1) זיין קאָוועד, זיין כשיוועס, — אַ בעקאָוועדע, א העפלעכע ווענדונג-פאָרם. (רעד.)

— נישקאָשע! — זאָגט רעפאָעל, אַ דריי געבנדיק מיט דער נאָז. — איך האָב מיר לאַנג דערוף געריכט. זיינע וועקסלען מיר פאַר דער סכוירע האָב איך באַלד טאַקע סקאָנטירט, וויניקער מיט עטלעכע פּראָצענט — אָן סאַקאָנעס! מיינע לאָדזער פאַבריקאַנטן, נישקאָשע, וועלן דערפאַר אַף מיר נישט באַרויגעז זיין אַצינד. וואָס-זשע פאָרט, רעב אַווראָם, איז די מאַיסע, וואָס איר זייט עפּעס צעטראָגן אַזוי? ווייסט איר וואָס? קומט, כ׳לעבן, אַצינד צו מיר, וועלן מירריידן בא א גלעזל פּונש. עפּעס בין איך היינט זייער גוט אופגעלייגט.

— האַ?... גוט! — מאַכט רעב אַווראָם, א כאַפּ געבנדיק זיך, ווי ער איז אַף עפּעס געפאַלן, נאָך אַ פּאָר מינוט טראַכטן. — גוט, איך וועל אייך אונטערפירן ביז צו אייער שטיבל אָפן הויף און אַליין וועל איך דאָרט אַריינגיין אַף דער קאַבצאַנסקער אַכסאַניע עפּעס וועגן אַ זאַך, קוים ענדיקט זיך גוט, בין איך די רעגע באַ אייך. קומט!

ר׳ אַווראָם לאָזט זיך גיין ווייטער גיך, רעפאָעל גייט אים קאַם נאָך און קען נישט פאַרשטיין, וואָס די איילעניש רעב אַוורָאמס זאָל באַטייטן אַזוינס.

— געדיינקט-זשע, ר׳ אַווראָם! — רופט זיך אָן רעפאָעל באַם צעשיידן זיך אָפן הויף פון דער אַכסאַניע. — וויבאַלד איר וועט זיך אָפּפאַרטיקן דאָ, זאָלט איר אַריינקומען גלייך צו מיר.

— אַ, גאָט העלף, רייזעניו! — זאָגט רעב אַווראָם אַף א ניגן, אַריינקומענדיק ברייטלעך צו רייזען אין איר באַזונדער אַלקערל, בעשאַס זי האָט ערשט אָוועקגעלייגט דאָס פלייש זאַלצן איבער א ווייקשעפּטל און זיך גענומען צו די פיש, צו א געזונטן קאַרפּ מיט א גרויסן העכט אַף שאַבעס.

— אָ, אַ גאַסט, כ׳לעבן! — מאַכט רייזע, אָפּרייסנדיק זיך פון דער ארבעט און אַ פּאָר געבנדיק מיט דער נאָז איבער דעם אַרבל. — אַ לאַנגע צייט, הען-אַביסל, האָט מען אייך נישט געזעען, רעב אַווראָם! האַ, רעכט עפּעס אַזוי? נו, זעצט זיך, זייט מויכל!

צווישן רייזען און רעב אַוורָאמען איז געווען פון גאַנץ לאַנג אַ גוטע באַקאַנטשאַפט. איר מאַן, אָלאָוו האַשאָלעם, האָט באַם לעבן געדאַוונט אין דעם קלייזל, וואו רעב אַווראָם, און זיך מיט אים זייער גוט פאַרהאַלטן. רייזע האָט נאָך ביז אַצינד אונטער יאָמים נויראָים געדאַוונט אין דער וויבערשער שול דאָרט, אַף איר שטאָט, און מיט די יאָרצייטן נאָך דעם מאַן, נאָך איר טאַטן און מאַמען זיך שטענדיק פאַרלאָזט אַף רעב אַוורָאמען, וואָס ער פלעגט אַקוראַט אָפּהיטן. ער פלעגט שוין געדיינקען די טעג, אין זינען האָבן די ליכט, די פּראָקים מישנאַיעס, אויך באַשטעלן אַ מיניען אידן אַף דעם הייליקן אָרט און דערנאָך מיט איר

זיך אָפּרעכענען. אויסער דעם, פּלעגט רעב אַווראָם אָפּט קומען צו איר אין הויז, אַמאָל נאָך אַ נעדאָווע אַף עפּעס אַ מיצווע-זאַך, אמאָל צו זען זיך מיט א באקאנטן אוירעך, וואָס איז פאַרפאָרן צו איר אַף אַכסאַניע, און אַמאָל גלאַט אַזוי געוואָר ווערן, וואָס הערט זיך. רייזע האָט אים אופגענומען שטענדיק מיט קאָוועד, איז זייער גערן געווען זיך אַריינצוּלאָזן מיט אים אין א שמועס וועגן אידישקייט, וועגן דעם שטייגער לעבן פריער, אין יענע צייטן, און קרעכצן: היינט איז נישט דאָס, וואָס אַמאָל!

— יאָ, גערעכט, כ׳לעבן, נישט געזעען זיך טאקע אַ היפּשע צייט. עס האָט זיך עפּעס נישט געמאכט. היינט בין איך געקומען...—דרייט זיך רעב אַווראָם עפּעס און זעצט זיך אַנידער אַף א בײנקל.

— א בער אין וואלד האָט געמוזט פּייגערן!—שפּאַסט אַף איר שרייענדיק קאָל רייזע.

— היינט בין איך געקומען,—הייבט רעב אַווראָם אָן דעם שמועס,—אָט וואָס, זאָגט ער, רייזעניו, האָט איר נישט געזעען היינט בא אייך דאָס קאַבּצאנסקער באָכערל? איר ווייסט דאָך, ווּעמען איך מיין, יענס באָכערל, אונזער באַל-טפילעס, אָלאָוו האשאָלעם. אינדערפרי איז ער אַף אַ שאָ אַוועקגעגאנגען און נאָך נישטאָ!

— אוי, א דונער האָט מיך נישט דערשלאָגן!—טוט רייזע אַ געשריי און פאַרוואַרפט מיט דעם קאָפּ.

— וואָס איז, האַ?!—טוט זיך ר׳ אַווראָם אַ כאפּ דערשראָקן, אופשפּרינגענדיק פונם בײנקל.

— אַן עק פון זיין לעבן, פאַרוויסט זיינע יונגע יאָרן!—טרויערט רייזע ווי צו קינעס.—דאָס האַרץ, א וויטיק איז מיר, האָט מיר טאַקע געזאָגט, אַז ס׳איז עפּעס נישט גלאַט. אַצינד איז שוין קלאָר, ווי דער טאָג,—ער איז געקוילעט, נעבעך. אַי, געקוילעט זאָלן זיי ווערן אָן א מעסער!

— גאָט איז מיט אייך, רייזע? ווער? וואָס?—בעט רעב אַווראָם און איז טויט מיט אלע איווורים.

— נאַט אייך אַ וואַרעניק, העץ-אַביסל!—צעלאָזט זיך רייזע אַף איר קאָל.—פּלוצלים גאָר זיצט ער דאָ צווישן צוויי אומבאקאנטע אידן, דער רועך ווייסט זייער טאַטן, ווער זיי זיינען, און עסט א וואַרעניק! וואָס זיינען זיי מיט אים פאר א שמעלקעס, זיי זאָלן אים דעם ביסן פונם מויל אַוועקגעבן! נישט עפּעס אַזעלכע מילדע. מיט מיר, נישקאָשע, האָבן זיי זיך געדונגען פאר דעם וואַרמעס, האָבן נאָך אין א טאָרבעלע פארנומען די איבערגעבליבענע שטיקלעך ברויט פונם טיש.—מיר איז עס באלד עפּעס נישט געפעלן.

— נו, נו!—טרייבט אונטער רעב אַווראָם.

— נו, — מאכט רייזע, איבערגייענדיק פון דער דינער אַף דער גראָבער סטרונע, — מיילע, איז מיר נישט געפעלן? וואָס-זשע איז? דאס ערשטע מאָל, הען-אביסל, מאכט זיך מיר אזוינס, וואָס מיר איז נישט געפעלן? פונדעסטוועגן האָט עס מיך פאָרט עפּעס געמאָנטעט אַריינצושטעקן, ווי מע זאָגט, די נאָז, טאָמער וועל איך עפּעס אָנשמעקן. עפּעס ווי שטייט דאָרט, רעב אַוורואָם, אַ אידענע האָט ליב...

— גיכער, סערדצע, איך בעט אייך, — צאַפּלט רעב אווראָם הערן ווייטער, דעם שפּיץ.

— וואָס דען? א אידענע איז א אידענע. — לאָזט רייזע נאָך אַף א טאָן נידעריקער אַראָפּ די געמבע. — בין איך ציקאַווע געווען שמעקן באם דערלאנגען יענע פאַרשוינען צום טיש, כאפּן פארבייגייענדיק א לעק פון זייער שמועס. עפּעס איז מיר דאָס שושקען זיך זייערס און דאָס מינעלע, וועלכע זיי האָבן דערביי געמאכט, איבערווינקענדיק זיך מיט גנייוווישע אויגן, גאָר טאקע נישט געפעלן. א פּאָר ווערטער, וואָס איך האָב געכאפּט, זיינען מיר שטארק אין נאָז אריין, און דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט: כאַפּערס! נישט אנדערש, זיי זיינען אויסן דעם יאָסעמל אין געוואנט אריינשטעקן מיט אן אָנשטעל. אָט וואָס דער וואַרעניק באטייט... איך האָב געזוכט דאָס באָכערל, גראָד איז ער מיר אין דער הייסער רעגע צו די אויגן נישט געקומען. דערווייל בין איך דאָך א אידענע „מה אָנו, מה חיינו“ [1], משטיינס-געזאָגט, א קאצן-מויעך, אין איין אויער אריין — פונם אנדערן ארויס. א קאטאָוועס, הען-אביסל, שטענדיק האָט מען דאָס לויפעניש. אצינד ווייזט זיך עס גאנץ קלאָר ארויס. — כאפּט זיך פּלוצלים רייזע ארויף הויך אפן בייקעלכן — געכאפּט האָבן זיי אים אוואדע, פארכאפּט זאלן זיי ווערן. א ביטער ראכמאָנעס, וויי איז מיר! אזא וואויל קינד! — אַי, א דונער איז מיר, רעב אווראָם! וואָס איז מיט אייך? לאָזט זיך נישט אָפּ!

א קאלטער שווייס האָט באשלאָגן רעב אַווראָמען, טרערן, ווי די באָבען, זיינען אים געשטאנען אין די אויגן, אלע גלידער האָבן אים געציטערט און ער האָט קאם זיך געהאלטן אף די פיס.

— איך בין שולדיק, — אַיקעט ער, אָנכאַפּנדיק זיך באם קאָפּ. — אַי-אַי-אַי, וואָס האָב איך געטון! באם ערשטן באגעגעניש מיט א מענטשן, נישט רעכט צו וויסן, ווער ער איז, פונוואנען ער איז, נעם איך און גיב איבער אין זיינע הענט אַריין דאָס עלנטע יאָסעמל, נעבעך, אַי-אַי!!

— וואָס זייט איר שולדיק? — נעמט רייזע איין רעב אַווראָמען מיט גוטע רייד. — מיסטאָמע איז דאָך זיין פינצטער מאזל אזוי. אזוי, מיסטאָמע,

1) „מע אָנו, מע כאַיעינו“ — וואָס איז אונזער באטרעף, און וואָס איז דער באַטרעף פון אונזער לעבן. (רעד.)

איז אף אים אָנגעכאסמעט געוואָרן. ווי זאָגט מען עס? עס פאלט נישט די שפּין, ביז עס ליגט נישט עפּעס דרין.

— הארגענען בין איך ווערט זאָל מען מיך, אלטן נאר — הערט נישט אוף רעב אווראָם צו אָכצן, צו קרעכצן — אף מיר האט עס לייזער-יאנקל, אָלאָוו האַשאָלעם, איבערגעלאָזט זיין קינד און געשטאָרבן מיט דער האָפענונג, אז איך וועל עס דאָ אף אים האָבן די האַשגאָכע ווי א טאטע. — יאָ, א שיינע האשגאָכע! א גוטער טאטע!...

— נו. וואָס זאָל מען טון? העז-אביסל, זעצט זיך, רעב אווראָם! — בעט רייזע מיט טרערן אין די אויגן, אונטערוקנדיק אים דאָס ביינקל.

— וואו איז מיין קינד? וועט דער טאטע דאָרט שרייען, נישט איינליגנדיק רואיק אין קייווער. אַזוי האָט איר עס געהאלטן וואָרט... און וואָס וועל איך ענטפערן דער מאמע, דער וויסטער אלמאָנע? אז זי וועט קומען וויינען איבער מיין קאָפּ...—רעדט, זאָרגט רעב אווראָם מיט א געבראָכן הארץ, טוט זיך א וואָרף אפן ביינקל, פארדעקט מיטביידע הענט דאָס פּאָנים און בלייבט זיצן שטיל, שטום ווי די וואנט.

— העז-אביסל! — הייבט אָן רייזע מיט א מוסער, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ נאָך עטלעכע מינוט שטיל-שווייגן, און פון די אויגן קאַפּען איר טרערן. — ווי טאָר מען, העז-אַביסל, זיך אזוי נעמען צום הארצן! און נאָך א מאנסביל, א איד, א לאמדן, ווייסט, וואָס שטייט געשריבן דאָרט אין הייליקע ספאָרים! היינט וואָס זאָל מען שוין זאָגן אף א אידענע? „מה נאמר, מה נדבר״ [1], עט, כ׳לעבן, ווי איך בין א אידישע טאָכטער! הא! וואָס איז עס דאָרטן פאר א וואָרף? — טוט זי זיך פּלוצלים א כאפּ, דערהערנדיק א שטארקן קלאפּ אף יענער זייט אלקער, ווי עפּעס איז אומגעפאלן! — טפו, זאָל עס ווערן, נאָר עס ברעכט, עס ווארפט! נישט אויסצוהאלטן, וואָס דאָ טוט זיך א טאָג איבער!...

רייזע לויפט געשווינד ארויס פונם אלקערל און שלאָגט זיך אָן נישט ווייט דערפון, אין א טונקל ווינקעלע, אין עמעצן עפּעס, וואָס האָט, באָברענדיק זיך דאָרט אף דער ערד מיט זאכן, אומגעוואָרפן א ביינקל מיט קווערטלעך און קופּערוואַרג.

— וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זיין טאַטן? — לאָזט זיך הערן רייזעס קאָל דאָרט, הויך אף א בייזער,— וואוהין ער האָט זיך עס, העז-אַביסל, פאַרקליבן מיט די קלימקעס! גאָר נישט געפונען, כ׳לעבן, קיין אַנדער אָרט! ווער איז?

קיין צייט נישט צו האָבן ווארטן אף א ענטפער, בייגט זיך רייזע איין מיט איר קאָוועד אַליין צו זען, ווער איז, באָברעט זיך דאָ. זי

---

[1] „מאַ נוימער, מאַ נעדאַבער״ — וואָס זאָלן מיר זאָגן, וואָס זאָלן מיר ריידן. (רעד.)

קוקט דעם פֿאַרשוין אין פּאָנים אַריין און לאָזט ארויס א געשריי נישט מיט איר קאָל:

— רעבּ אַווראָם! גיכער, רעבּ אווראָם!

רעבּ אווראָם כאַפּט זיך אויף ווי פונם שלאָף און פליט מיט אימפּעט ארויס פונם אַלקערל.

— ער איז דאָ! — שרייט רייזע גיך אין אֵיין אָטעם, טייטנדיק מיט אַלע פינף פינגער. — אָט איז ער, אָט, ער!...

— הערשעלע! — מאכט רעבּ אווראָם אף א דומפּ-ציטערדיק קאָל, אַרויסשפּרינגענדיק פון די קיילים פאַר גרויס וואונדער.

הערשעלע איז געשטאנען אַראָפּגעלאָזן די נאָז, ווי איינער, וואָס האָט זיך פאַרזינדיקט און פילט, אז אָט כאַפּט ער א פּסאַק.

— גוימל באַדאַרפסטו בענטשן, שיין באָכערל, וואָס דו ביסט טרוקן ארויס, — רופט רייזע זיך אָן.

— וואָס בין איך שולדיק? אומגערן האָבּ איך עס דאָך אומגע-וואָרפן, — פאַרענטפערט זיך הערשעלע.

— ניין, נישט דאָס, — פאַלט אריין אין די רייד רעבּ אווראָם, — דו ביסט טרוקן אַרויס, מיינט רייזע, פון די אידנס הענט. — וואָס קוקסטו עס עפּעס אף מיר אַזוי פאַרוואונדערט, הערשעלע?

— איך פארשטיי נישט, וואָס איר זאָגט! — ענטפערט הערשעלע, מאַכנדיק מיט די אקסלען, און נעמט זיך צונויפקלייבן דאָס אַראָפּגעפּאַלענע קופערנע געפעס.

— איר הערט? — ווענדעט זיך רעבּ אווראָם אין דער זייט צו ריי-זען, — ער פאַרשטייט נישט, וואָס מע רעדט! אומזיסט-אומנישט, האָבּ איך מוירע, כוישעד געווען אידן. גאָט זאָל אונז נישט שטראָפן.

— עט, וואָס דאכט זיך אייך! — זאָגט רייזע מיט א שמייכעלע — וואָס דען-זשע באַטייט דער וואַרעניק? האָט זיך יענע פאָר ווערטער, וואָס איך האָבּ געכאַפּט, מיר נאָר געכאָלעמט?... אַ-נו, גיט אים נאָר, זייט מויכל, אַ פרעג, וואו איז ער עס ביז אַצינד פארפאלן געוואָרן?

— זאָג נאָר, שקאָץ! — מאכט רעבּ אווראָם. — וואו ביסטו עס פאַר-פאַלן געוואָרן ביז אַצינד?

— וואָס האָסטו עס זיך צו באַבּרען דאָ מיט זאַכן? מיט וועמענס זאַכן? — פרעגט רייזע צוויי קאַשעס מיטאַמאָל און בייגט זיך אָן אַ קוק טון צו א פעקעלע מיט זאַכן.

הערשעלע שטייט צעדולט, האַלט אַראָפּגעלאָזן די אויגן און ענט-פערט נישט קיין וואָרט.

— איר זעט עפּעס שיינס! — צעלאָזט זיך אף איר קאָל רייזע, האַלט-נדיק אין דער האַנט אַ קליידל, וועלכע זי האָט געפונען צווישן די

זאַכן, — וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זיין טאַטן? אַ-נו, שיין באָ-
בערל, וואָס באַטייט דאָס קליידל, אַ מיידלש קליידל?

— וואָס, וואָס! — מאַכט פאַרוואונדערט רעב אַווראָם.

הערשעלע ווערט אָנגעצונדן, רויט ווי פייער און קען נישט אַרויס-
ברייננגען קיין וואָרט, אַזוי פאַרקלעמט האָט אים דאָס האַרץ.

— דערווייל, רעב אווראָם, שטייט איר דאָ אף די פיס, — רופט זיך
רייזע אָן. — אָט גייט בעסער מיט אים אריין אין אַלקערל, וועט איר
מאַכן בראָכע. דאָס באָכערל וועט אויך עפּעס עסן. ער איז דאָך אַוואַדע
הונגעריק, העך-אַביסל! ער וועט עסן און מיר וועלן דערווייל בא אים
געוואָר ווערן אַלצדינג.

———

# דאָס זיבעטע קאַפּיטל.

די מאַיסע מיט הערשעלען איז אַזוי:

שנייער-וואָלף האָט געפירט הערשעלען פונם קלייזל גלייך אַף דער קאַבצאַנסקער אַכסאַניע, וואו ער איז גראָד געשטאַנען. געװע קאָכט זיך דאָך אַף דערדאָזיקער אכסאניע אַלע טאָג פון זייער פיל פאַרשוינען, וואָס קומען און פאָרן אַוועק, — איז דאָס קאָכעניש דאָרט דאָנערשטיק נאָך גרעסער. דאָנערשטיק הייבן געוויינטלעך אידן אָן שוין קיין צייט ניט צו האָבן, און די, וואָס האַלטן אין פאָרן, איילן זיך אף שאַבעס, אויס מוירע, דער סאָטן זאָל, כאָלילע, ניט מעקאטרעג זיין: עס זאָל אין דער מיט וועג ניט ברעכן אַן אַקס, דער וואָגן זאָל זיך ניט איבערקערן מיט אלע פאַרשוינדלעך, ניט איינגעזונקען ווערן איבער די רעדער אין אַ בלאָטע, אָדער, „לא יעלה ולא יבוא" [1], די פערד זאָלן ניט צושטיין און מע זאָל, באַהיט גאָט, פאַרשפּעטיקן: איינער — דעם ראָסל-פלייש, דער אנדערער — דעם מערכעץ אָדער, די ביזוע שאָ זאָל ניט זיין — און מע זאָל גאָר אַריינפאָרן מיט דעם דישל אין דער שיסל לאָקשן. אין דער גרויסער בעהאָלע דאָרט פון מענטשן, דענסטמאָל, ווען איטלעכער איז פאַרטראָגן מיט זיך, ניט אין זינען צו האָבן יענעם — איז באם עק טיש, אין אַ ווינקל, געזעסן עפּעס אַ אידל מיט אַ רויטער באָרד און שטאַרק געשוויצט איבער אָ שיסל מיט ווארעניקעס, פון וועלכער עס האָט געזעצט אַ פּאַרע, ווי אַ רויך. ער האָט געגעסן מיט קאוואָנע, גוט געקייט, ניט געאיילט, ווי אַ גרויסער מאַיסטער אין דער אַכילע; קוקנדיק בעשאַס מאַיסע אף אים, האָט מען באקומען אַן אייזערנעם אפּעטיט, כאָטש ער איז שוין פון אַ צייט פאַרפאַלן געוואָרן און עס האָבן דערצו ניט געהאָלפן קיין דאָקטוירים. וואָס רויפים, וואָס דאָקטוירים! איין מיטל צום אַפּעטיט איז אַ בעריע, אַ פרעסער — קוקן אף אים, ווי ער רייבט מיט אַ „לשם-יחוד" [2].

---

[1] „לוי יאַילע וועלוי יאָוואוי" — זאָל עס גאָר ניט טרעפן. [2] „לעשעם איכור" — יט אַ באַזונדער — הימלישער — קאוואָנע. (רעד.)

שנייער-וואָלף איז צוגעקומען אַליין צו דעם אידל און מיט אים שטילערהייט עפּעס געשמועסט. דאָס אידל האָט זיך פּאַרטראַכט, אַני-דערגעלייגט אויף אַ ווייל דעם לעפל, קייענדיק זייער פּאַמעלעך, קאַם-קאַם צו מאַכן מיט די ליפּן, און מע האָט אין זיין שיינענדיק פּנימל, אין זיין שמייכעלע דערקענט, אַז עס טוט אים עפּעס שטאַרק הנאה.

הערשעלע איז דערווייל געשטאַנען אין דעם אנדערן עק שטוב און געוואַרט, וואָס וועט דאָ זיין. שפּעטער אַ ביסל האָט שנייער-וואָלף מיט אַ וואונק אים צוגערופן צו זיך און פאָרגעשטעלט פאַר דעם אידל, וואָס האָט אים געבעטן זיצן נעבן זיך, מאַכנדיק גאָר פריינטלעך:

— מיר ביסטו אַפן אָנבליק געפעלן. איך פאַרהאָף, אַז דעם שוואָגער מיינעם, וואָס זוכט אַ גוט באָכערל פאַר זיין אינגל, וועסטו אויך גע-פעלן. נאָר מיין שוואָגער שטייט אכסאַניע ווייטלעך פונדאַנען. ער איז אַ גאַנץ איידל, אָפּגעהיט מענטשל און באַדאַרף האָבן צו זיין געזונט אַ גערטנדל, אַ ביסל פרישע לופט. נאָך דעם עסן פאָרן מיר אהין, דיך טאַקע אויך מיטנעמען, לאָז ער דיך נאָר אָנקוקן, נישקאָשע. דאָס איבעריקע— איז שוין אונזער זאַך. עס וועט זיין רעכט !... דערווייל קום עסן !

— עסט געזונט ! — ענטפערט הערשעלע, ווי דער שטייגער איז, אַז מע בעט עסן.

— ניין ! — זאָגט דאָס אידל — טאַקע אין רעכטן עמעס קום עסן. — זאָגט, זייט מוחל,—ווענדט ער זיך צו שנייער-וואָלפן,—זאָגט דער באַלע-באָסטע, זי זאָל אייך ביידן געבן עסן.

— אַ שיינעם דאַנק ! איך בין ניט הונגעריק — באַדאַנקט הערשעלע, אויס דערעכערעץ נאָר, האַגאַם עס וואָלט גאָר ניט געשאַדט טאַקע אין מויל אריין צו נעמען עפּעס.

— נעם-זשע כאָטש וואָס-ס'איז — בעט דאָס אידל און שטופּט מיט געוואַלד הערשעלען אין דער האַנט אריין אַ גרויסן, אַ שוואַרצן, אינע-ווייניק מיט קעז אָנגעפילטן וואַרעניק.

— באַלעבאָסטע, באַלעבאָסטע ! — רופט צו שנייער-וואָלף רייזען, וואָס איז דורכגעלאָפן פאַרביי מיט דעם פּאָלאָניק אין דער האַנט, מיט געשריי און געפילדער.

„וואָס זאָגסטו, איך בעט דיך, צו זיין טאַטן ?!"—לאָזט זי צוקומענדיק אויס אירן עפּעס אַ שמועס מיט אַ פאַרשוין דאָרט, צווישן אוילעם.

— ניטאָ עפּעס צו עסן, באַלעבאָסטע ?—פרעגט שנייער-וואָלף.

— וואָס צו עסן עפּעס ?— כאַזערט רייזע איבער יענעמס ווערטער, מאַכנדיק אַ שאַלשעלעס — וואָס הייסט עפּעס ? וואַרעמעס וועט שפּעטער אַ ביסל זיין.

— איך בין דאָך אָבער טויט הונגעריק, אַ געוואַלד !

— הען-אַביסל! זאָל איך מיך צערייסן, פון מיר מאַכן עסן! וועל איך דערווייל מאַכן אייך אַ רעטעך. — ענטפערט אָפּ רייזע, וואַרפנדיק אַ בליק אַף די ביידע אידן, אויך אַף הערשעלען, וואָס האָט, זיצנדיק בעקאמפּאניע, מיט דערעכערעץ געגעסן אַ וואַרעניק. זי האָט עפּעס פּארדרייט מיט דער נאָז און איז אוועקגעגאנגען אין איר רו אריין.

אַז שנייער-וואָלף האָט, קעפּי האַמדובער [1]), דערהאלטן פון רייזען דעם אופּגאָב אפן וואַרמעס — אַ רעטעך, צו וועלכן ער האָט זיך גענומען מיט גרויס כיישעק, שטאַרק פּארטיפנדיק זיך אין טעלער, האָט די פּאָ-ליטיקע הערשעלעס מיסכאַיעוו געווען זיך צו דערווייטערן דערווייל ערגעץ אין דער זייט, ווייל ס'איז קיין דערעכערעץ ניט יענעם קוקן אין די אויגן אריין בעשאס ער עסט.

די טיר פונם שטוב האָט אַ רעגע זיך ניט צוגעמאכט — דער אריין, יענער אַרויס. כאַפּנדיק, אזוי ווי ער שטייט זיך דאָ אזוי, אַ שטופּ פון הינטן, קוקט ער זיך אום און דערזעט צווישן פרישע ארייננקומענדיקע פּארשוינען — וועמען מיינט איר? — ביילען! עס האָט אים אַ קלאַפּ גע-טון אין האַרצן, עפּעס ווי אַ ווארעמער שטראָם איז אים איבער דעם גאַנצן לייב דורכגעלאָפן און ס'איז אים געווען אזוי גוט, אזוי געשמאַק, גלייך ווי ער וואָלט דערזען אַ שוועסטער, די מאַמען, אַלע זיינע ליבע, נאָך וועלכע ער האָט אזוי שטארק געבייגקט. עס האָט אים מיטאַמאָל אַ שיין געטון פאר די אויגן זיין שטעטל, זיין היים און זיך אין דער-דאָזיקער מינוט געפילט ניט עלנט. פאר גרויס פרייד איז ער געוואָרן צעמישט, אזוי אז ער האָט געזוקט ביילען די האנט באם צולויפן צו איר, גאָר פארגעסן, אז זי איז אַ מיידל, אַ אישע, און עס קומט איר ניט קיין שאָלעם-אַלייכעם.

ביילע האָט מיט אַ שטיל געלעכטערל אָפּגעשטויסן פּאַמעלעכן פון זיך זיין האַנט, אָנצוהערעניש געבנדיק אים דערמיט זיין גראָבן טאָעס.

הערשעלע איז געוואָרן רויט, ווי אַ צוויק, האָט זיך אַרומגעקוקט פארשעמט אין אלע זייטן, אויב מענטשן האָבן ניט באמערקט זיין ווילדן טאָעס, און עפּעס געברומבלט גלאַט אזוי, גאָר אָן ווערטער.

— איך האָב געבראַכט דיר אַ מאַטאָנע, פון דער היים, נאַ דיר אָט דאָס-אָ! — רופט זיך אָן ביילע, געבנדיק הערשעלען אַ פּעקעלע. — דאָס שיקט דיין מאַמע דיר און לאָזט דיר גריסן.

אין דעם פּעקעלע איז געלעגן אַ פּאָר אלטע אונטערגעאַרבעטע זאָקן, אַן אלט אויסגעלאטעט העמד, איינגעוויקלט אין אַ קאַפּאָטקעלע, איבער-געניית אף דער לינקער זייט פונם טאַטנס אַלטער וואָכעדיקער קאפּאָטע מיט אַ פּאַלבאָן.

---

1) ווי ס'איז געווען אָפּגערעדט. (רעד.)

הערשעלע האָט זיך געשמאָלצן אין דעם העמד, און די זאָקן האָבן געהאַט בא אים דעם זיבעטן כיין, עפּעס אים דערציילט, גערעדט ווער־טער. איטלעכע לאַטע איז געווען אַ מעגילע, א גאנצע געשיכטע, ווער עס האָט זיי געלייגט, ווי אַזוי און מיט וואָס פאר אַ האַרץ מע האָט זיי געלייגט. ער האָט אויך באטראכט דאָס קאפּאָטקעלע — און טרערן זיי־נען אים געשטאַנען אין די אויגן. עס האָט אים געשוועבט פאר זיינע אויגן דעם טאַטנס בלייך פּאָנים, געקלונגען אין די אויערן זיין שטיל־שוואַך לאָשן, זיין זיפצן באם געזעגענען זיך מיט אים: „פריער־שפּעטער, הערשעלע, מע מוז זיך שיידן!" — באטראכטנדיק דאָס קאפּאָטקעלע, האָט אים זיך געהערט עפּעס ווי אַ גרוס פון יענער וועלט, אַ וויי־געשריגן פונם טאַטן: „אָך, האָב איך עס מיר געפּלאָגט דאָס גאַנצע לעבן — און אָט האָסטו דיר אַצינד דעם גאַנצן סאַכאַקל. מיין נעשאָמע האָט גענומען גאָט, מיין לייב — די ערד, און די אַלטע קאַפּאָטקע, מיין גאַנץ פארמעגן׳ נעם דו, זונעניו, און טראָג געזונט!"...

ביילע האָט דערציילט הערשעלען, אַז אירע אָרעמע עלטערן האָבן זי געשיקט אהער, קיין גלופּסק, זיך צו שטעלן ערגעץ אף אַן אָרט. און אַזוי ווי זי איז דאָ ווילד־פרעמד, האָט זי אים געפרעגט, טאָמער ווייסט ער, וואו איז דאָ ערגעץ די „זאָרג־באנק" — דאָס אָרט, וואו די דינסטן, מעקלערנס קומען זיך צונויף, אזוי האָט זי געהערט זאָגן, און אויב זיין גוטער ווילן איז, זאָל ער אליין טאַקע מויכל זיין זי אַהין אָפּצופירן.

פאר גרויס פרייד דורכצוגיין זיך דאָ מיט ביילען און וואָס דערווייל וועט ער טאַקע קענען אויספרעגן זי אף איטלעכן באזונדער אינדערהיים, איז אים גאָר ארויס פונם זינען שניייער־וואָלף מיט זיין שוטעף, מיט דער גאנצער שטעלע.

שניייער־וואָלף און דאָס אידל, וואָס זאָלן זיי דאָ דיינקען? דאָס באָ־כערל — וואָס דען זאָל ער טון? — דרייט זיך ארום אין שטוב צווישן דעם אוילעם, זיי האָבן אַ פּאָר מאָל אויך אַכטונג געגעבן. נישקאָשע, ער וועט וואַרטן, ער באדאַרף דאָך זייער טויווע!

און בעשאַס שניייער־וואָלף איז דאָ געווען אזוי פארטון אין דעם רעטעך און דאָס אידל האָט זיך געגרונטעוועט אין דער שיסל מיט וואַ־רעניקעס, אין דער גוטער האָפענונג, אז באלד וועט די באלעבאָסטע צוטראָגן נאָך עפּעס — זיינען אונזערע קאַבצאַנסקער יונגע פאַרשוינען, ווי א פּאָר טויבן ארויסגעפלויגן פון דער אכסאניע און זיך געשפּאַצירט איבער גלופּסק.

ביידע האָבן זיך געפילט עפּעס גוט, ביידן האָט עפּעס האנאָע גע־טון. די דערמאָנונגען פון דער היים האָבן זיי אונטערגעגעבן פייער, גע־עפנט אַ מויל צו רעדן. דאָס שעמען זיך ווייערס אַמאָל אין קאבצאנסק

איז דאָ, אין דער פרעמד, פארשוואונדן, ווי אַ רויך. הערשעלע האָט זיך זאַט ניט געקענט אָנרעדן, אויסגעפרעגט אף איטלעכס פיצעלע אינדער-היים, אין דעם גאַנצן שטעטל, אויסמישנדיק אלצדינג אינאיינעם, ניט פארגעסן אַפילע שעפּסל דעם מעלאמעדס ציג, זימל דעם שיינקערס ניי איידעמל. נויעך-עליע דעם וואסערפירערס לאָשעקל און אַנשיל דעם האָר-באטנס קעלבל. מיילע, די אַלע באשעפעניש זיינען דאך פאָרט לעבעדיקע נעפאשעס און האָבן מיט הערשעלעס נעשאָמע עפּעס וואָס-ס׳איז כאָטש אַ שטיקל שאַיכעס; אָבער וואָס פאָרט האָט זיך מיט אים אָנגעקערט כאַים דעם געשטופלטנס שטרויענער דאַך, לייבצע-טעמצעס פלייטע אוכעדוימע אזעלכע טויטע, ניט קיין לעבעדיקע זאַכן, מיט וועלכע ער האָט זיך שטארק אינטערעסירט, און ס׳איז אים צוגעקומען אַ שטיק גע-זונט, אז ביילע האָט אים פון דעם אלצדינג דערציילט? מע באדארף אָבער עלנט זיין אין דער פרעמד און אויך גוט זיך צוקוקן, צוהערן צו זיך, ביכדיי צו פילן דעם טאַם דערפון און ענטפערן אף דערדאָזיקער קאַשע, — ס׳איז, כ׳לעבן, רעכט! אין דעם מענטשנס נעשאָמע שפּיגלט זיך אָפּ א גאנצע וועלט. דער יאַם געפילן אין האַרצן נעמט זיך פון טויזנטער קוואלן אינעווייניקסטע אין אים און אויסווייניקסטע כוץ אים...

די זאָרג-באַנק, וואו אונזערע יונגע פארשוינען זיינען געגאנגען, האָט זיך אינגאנצן ווי זי איז אנטפלעקט פאר זייערע אויגן, געוויזן, וואָס זי אזוינס באטייט און מיטאמאָל בא זיי צוגענומען דעם כיישעק צום רעדן. עס האָט זיך אַ וויַיז געטון אַן אויסמישעניש פון אַלערליי צורעס און געשטאַלטן: פּאָנפעוואַטע, צוגעפּלאטשטע און געשוואָלענע נעז, וואָרגעס, לעפצן, באפרישטשעטע, שווייסיק-גלאנצנדיקע שטערנס און שיינע כיינעוודיקע פּענימער, געעלטערט, געקנייטשט פאר דער צייט; אַ קאַשע פון אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע און פון מעשונע-ווילדע מאָד-ניצעס, משטיינס-געזאָגט: שמאַטעס, לאַטעס, צעהאַקטע עפּעס, נאקעט לייב, הוילע, פון צעפאלענע שיך ארויסקוקנדיקע פינגער, אינאיינעם מיט אָפּגעבלאקעוועטע, אָפּגעפּאָרענע, קלוימערשט נאָך דער מאָדע גענייטע קליידלעך, ווילדע קרינאָלינעס, מעגושעמדיקע שטיוולעטלעך אף הויכע, אויסגעקרימטע קנעפּעלעך! אַ דאָר האפלאָגע פון פארמישטע לעשוינעס און געמבעס: גראָבע, דינע, קוויטשעדיקע, הייזערדיקע, כאָרכלענדיקע און זינגענדיקע קוילעס. —

דאָס איז די גאנצע אָרעמינקע קאָמאנדע פון מיידלעך, ווייבלעך, יוגנטן מיט ברעקלעך קינדער און שלימאַזלדיקע, אָפּגעקומענע באלעבאָס-טעס, געטריבן פון דער ביטערער נויט אהער אף דעם יאַריד, צו פאר-האנדלען זיך פאר קעכנס, דינסטן, ניאַנקעס און אַמען אין נעגידישע באלעבאטישע הייזער.

עס איז אַ גערייִדערײַ, אַ געפּלוידערײַ: געשליפֿענע ציגגלעך קלאַפּן, מײַלער אַף שרויפֿן מאָלן, ווערטלעך זיך, שפּעטן, באַרעדן. אָפּגעקומענע באַלעבאָסטעס אָכצן, קרעכצן, ווישן די נאָז און רײַבן די אויגן. מעקלערנס אין שאַלן, אין יופּעס אַף איין אַרבל, דרייען זיך אַרום, ווי די מאַלכע-כאַבאָלעס: איינע כאַפּט, ווי פֿון דער שטייג אויפֿעס, אַרויס אַ ווײַבל, אַ מיידל און פֿירט זי ערגעץ אַוועק. די צווייטע קומט צולויפֿן בײַז, ווי אַ רועך, עפּעס מיט עמעצן שטאַרק ניט צופֿרידן. און די דריטע טאַינעט, רעדט צוקער-זיס מיט באַלעבאָסטעס טאַקע אפֿן אָרט, אָפּלויבנדיק אין טאָג אַרײַן איר סכוירע: די איז אַ בעריע אַף כאַלע-באַקן, די האָט גילדענע הענט צום שײַערן מעש, קופּערוואַרג גאָר אַנטיק און יענע איז איין קעכן אין דער וועלט, אירע מאַיכאָלים מעג דער מאַלכעס עסן, נאָך קיינמאָל — אַז קיין צאַר — אין דעם ברויט ניט געווען בײַ לײַטן, אַליין בײַ זיך געווען אַ באַלעבאָסטע — אַ קאַטאָוועס, נאָכעמצע דעם באַטלענס אַ ווײַב!

אונזערע פֿאַרשוינען זײַנען געבליבן פֿאַרגאַפֿט, און אַ היפּשע צײַט געשטאַנען שטום מיט אַ פֿאַרקלעמט האַרץ, ווי די שעפּעלעך, אַף דעמדאָזיקן מאַרק. הערשעלע האָט דערנאָך זיך אַפּילע אַ כאַפּ געטון. ס'איז קיין דערעכערעך ניט, וואָס ער איז אַוועקגעגאַנגען און לאָזט שנײַער-וואָלפֿן אַף זיך וואַרטן אַזוי לאַנג; נאָר דאָס האַרץ אָבער האָט אים ניט געלאָזט אָפּרײַסן זיך פֿון ביילען, צו וועלכער עס האָט אים עפּעס געצויגן, געזוכט בײַ זיך דערוף אַ טערעץ קלוימערשט — זי איז דאָך פֿון זײַן שטאָט, אַ נאָענטע שכײנע, דאָ נאָך גאָר פֿרעמד, איז דאָך זײַן שולדיקייט באַלד אין דער ערשטער שאָ זי ניט אַוועקצוּוואַרפֿן. אים איז אַרוף אַ געדאַנק, מעגלעך, שנײַער-וואָלף וועט דערווײַל מיט פֿאַרדראָס אַוועקפֿאָרן, פֿאַרלירט ער דאָך אַ שטעלע, נאָר — הערט אַ וואונדער! — דאָס האָט אים גאָר עפּעס ניט אַזוי געאַרט. פֿאַרקערט, יאָ, לאָז זיך טאַקע זײַן אַזוי. עס האָט זיך אים עפּעס שטאַרק ניט געגלוסט, אַז גראַד אין דער צײַט, ווען ביילע איז געקומען, זאָל עס באַדאַרפֿן אַוועקפֿאָרן. עס האָט אים טאַקע זיך ניט געגלוסט און פֿאָרט ניט געוואָלט מוידע זיך זײַן, וואָס בײַ אים דאָרט טיף אין האַרצן גייט פֿיר, ער האָט געזוכט בײַ זיך אַנדערע טאַיִמים, זיך גערדרייט מיט האַסבאָרעס און איז לעסאָף, ווי דער שטייגער פֿון מענטשן איז אַמאָל אין געווויסע זאַכן, געפֿאַלן אַף אַ שווינדל, אַרײַנצולייגן שמאַד-שטיק אין אירע אַרײַן — אָט דאָס אײַנגאַנצן איז פֿון גאָט! מימאָנעפֿשעך, איז באַשערט, וועט ער, נישקאָשע, די שטעלע ניט פֿאַרזאַמען; עלע ניט, האָט דאָך עס טאַקע גאָט אַזוי געמאַכט, עס זאָל זיך אים גלוסטן דאָ שיעס צו מאַכן... און יענער זאָל דערווײַל אַוועקפֿאָרן. —

אבי גאָט איז שוין דאָ אינמיטן, האָט הערשעלע זיך ניט געאיילט און איז מיט אַ גרינג האַרץ געבליבן נעבןביילען וואַרטן, ביז ער וועט ניט זען, וואָס מיט איר וועט זיך דאָ מאַכן.

די צייט איז זיך דערווייל געגאַנגען און ס'איז געוואָרן שפּעטלעך.

איינע, עפּעס אַ מעקלערן, אַפּאָנים, האָט פונדערווייטנס אַלץ באַ-טראַכט ביילען, זי איז איר, אַפּאָנים, זייער געפעלן, ווי עס האָט זיך טאַקע ארויסגעוויזן שפּעטער אין די גוטע, זיסע ריידעלעך, מיט וועלכע זי האָט צוקומענדיק זיך געווענדט צו ביילען, אז זי האָט פאר איר זייער אַ גוט אָרט, וואו מע קען זיך אויסגלייכן די ביינער, עסן, טרינ-קען ווייט ביז איבער דעם האַלז, אַבי נאָר זי וועט קיין שלימאַזלניצע ניט זיין.

ביילע איז באלד טאקע מיט דער אידענע געגאַנגען, געבעטן פאַר דעם אוועקגאנג הערשעלען, ער זאָל אַזוי גוט זיין געוואָר ווערן אַף דער אכסאניע צו אירע זאַכן, וועלכע זי האָט דערווייל אין אַ ווינקעלע דאָרט איבערגעלאָזן.

הערשעלע, עס פארשטייט זיך, איז ניט פויל געווען צו טון איר ווילן, און בעשאַס ער האָט אין אַ ווינקל דאָרט, נעבן אַלקערל, זיך גע-באָברעט איבער די זאַכן, אומוואַרפנדיק דערביי דאָס ביינקל מיט דעם קופּערוואַרג, איז רייזע אַרויס מיט אַ געפּילדער און האָט אים דערטאַפּט.

---

# דאָס אַכטע קאַפּיטל.

רעפאָעל האָט דערוויייל צוגעגרייט באַ זיך א סיידער מיט פּונש און מיט פאַרבייסן, אלצדינג ווי געהעריק, נאָר געוואַרט, די טיר זאָל זיך עפענען און זאָגן: באָרוך-האבאָ, רעב אַווראָם! ער האָט געמעגט טאַקע היינט אָפּריכטן דעם סיידער, אַז גאָט האָט מיט גרויסע ניסים אים אויס-געלייזט פון גדאַליע ווינטכאַפּער, פון וועלכן עס האָט זיך אויסגעלאָזט אַ טייך, וואו היפּש מענטשן זיינען, ווי די מיצרים אַמאָל, אריין איבער די אויערן, דערטרונקען געוואָרן מיט זייער פאַרמעגן — און ער איז האָ-פערלעך פון אים טרוקן ארויס.

רעפאָעל האָט געשטאַמט פון א שטעטל ערגעץ אין פוילן. ערשט אַקעגן אַ פינף-זעקס יאָר, אַז ער האָט זיך באַזעצט אין גלופּסק און גע-האַט דאָ אין קאָמיסיע די גרויסע סכוירע פון לאָדזער פאַבריקאַנטן.

גלופּסק איז פון לאַנג-אָן באקאנט פאַר א גוטן האנדל-פּונקט, אף וועלכן אסאך פאבריקאנטן פון דער וועלט האָבן אן אויג אָפּצווזעצן דאָ זייערע מינע סכוירעס. נישט דעריבער, ווייל גלופּסק האָט א פּאָרט, אָדער א בערזע מיט בארימטע קאָנטאָרן, ניין! אף איר פיאַטאָגנילעווקע זיינען נישטאָ קיין אָקרענטן. זומער אין די גרויסע היצן איז אין איר, כוץ פאַר די שטאָט-כאַזיירים, נישטאָ קיין אָרט, וואו זיך צו באָדן. און, ווי געוויינטלעך, קלעקט נישט דאָס ביסל וואַסער אף צו לעשן די סריי-פעס. איינמאָל האָט זיך שוין אַפילע געטראָפן, אז אופשטייענדיק אין א שיינעם פרימאָרגן, האָט דער גלופּסקער אוילעם פונם גאנצן טייך קיין סימען אפילע נישט געפונען — ער האָט אָנגעזועצט און — יאָוועש [1]... באַ-נאַכט, אָן א זיי-געזונט, אויקער געווען, ווי אין דער ערד אַריין! עס האָט דענסטמאָל געקלונגען דערמיט די וועלט, פאַר כידושים זיך גע-פויקט אין די גאַזעטן! נישטאָ קיין פיאַטאָגנילעווקע! פיאַטאָגנילעווקע איז אַנטלאָפן!... אין א קורצער צייט נאָך דעם אַנטרינען, האָט זי, ווי דער שטייגער איז פון אלע אנדערע אָנזעצערס, ווידער זיך געוויזן און אף דאָסניי באקומען באַ די באַלעבאַטים קרעדיט — שמעקנדיקע פרי-שע פּאָמייניצעס מיט אַלעם גוטן... פון קיין בערזע ווייסט גלופּסק

1) טרוקן. (רעד.)

אויך נישט וואָס צו זאָגן, אידן פאַרזאמלען זיך קופּקעסוויים אַף דער גאַס, אַף די גאַניקעס דאָרט, און אנשטאָט קאָנטאָרן איז מען זייער גוט יויצע מיט באַל-האַלוואָעס, וואָכערניקעס, וואָס מאכן עס נישט ערגער פון א טייל באנקירן אין אנדערע שטעט און רעכענען פּראָצענט גאָר פּראָסט, אָן כאָכמעס, אַף די סעדרעס פון דער הייליקער טוירע... וואָס-זשע דען? גלופּסק האָט א גרויסן ווערט דערמיט אליין נאָר, וואָס זי איז אָנגעזועצט מיט א יאַם אידן, אָן איינאָרע. אַ קאַפּאָרע אלע יאַמען, אלע פּאָרטן און אלע בערזעס פאר א אידיש קעפּל! דאָס אידישע קעפּל איז עפּעס א דראָט-ארבעט, פליט הויך אין דער לופטן, עס דרייט, קערט וועלטן.

— וואו אידן, דאָרט איז מ ע ר ק ו ר האַמאלעך, דער מעמונע איבער דעם האנדל... פאַרוקט א איד דאָס היטל, ווערט געבוירן א פּלאַן; גיט ער א קנייטש דעם שטערן, שפּרינגט אַרויס א פריש-צאַפּלדיק אייסעקל, און לאָז ער א קראַץ טון זיך אין דער פּייע, וואַקסט ווי פון דער ערד ארויס א טראנספּאָרט סכוירע. און בא די גלופּסקער, נישקאָשע, איז אַרוף ביז דעם האלבן קאָפּ פאַרוקט דאָס היטל, זיי קנייטשן גוט דעם שטערן און קראצן, קראצן געשמאק די פּייע. מע באַדאַרף נאָר קיין נאַר נישט זיין, היטן זיך די ביינער, קען מען אין גלופּסק מאַכן געשעפטן, און, איבעריקס, אז מען כאַפּט אמאָל פון עמעצן א „קוממיות״ [1]) מיילע, וואָס איז דאָ אזוינס? אַף דעם יאַם גייט דען אַמאָל נישט אונטער א שיף מיט סכוירע און ווערט דערטרונקען? דער גאַנצער כילעק איז נאָר, וואָס דאָרט איז דערטרונקען — דערטרונקען מיט אַן עק! און דאָ ווערט געוויינטלעך נאָכן „קוממיות״ נאָך געצאָלט קוואורע-געלט געוויסע „מאַכערס״ אַזעלכע, פאר זייער מי, דעם געשעדיקטן „קאָדעש״ צו טון זיין רעכט.

אַז רעפּאָעל האָט געקענט א יאָר זעקס זיך האַלטן מיט זיין קאָמיסיע אין גלופּסק און נישט געשעדיקט געוואָרן, איז דערפון זייער גוט געדרונגען, אז קיין נאַר איז ער זיכער נישט געווען.

אין דער שטאָט איז רעפּאָעל באקאנט געווען פאר א גוטן, פיינעם, ערלעכן יונגנמאן, האגאם ער האָט געכאַפּט א שטיקל אָנבליק פון דעם נייעם שניט מענטשן, נאָר זיין האנדל אין דער וועלט מיט סאָכרים האָט דעם קליינעם כיסאָרן פאַריבן און מע האָט זיך נישט וויסנדיק געמאכט. עט, וואָס מאכס עס אויס! בא א סויכער קוקט מען איבערהויפּט נישט אַף פיל ערגערע זאַכן אויך. א סויכער, נישקאָשע, מעג... און אזוי ווי רעפּאָעל איז געווען אַן אלמען, האָבן זייער פיל, פונם

[1]) „קוימעמיאוס״ — האָפּערדיק. מיט דעם וואָרט ווערט באַצייכנט אַן אָנזעץ, באַנקראָט. (רעד.)

פרומען אוילעם אפילע, געשארפט אף אים די ציין, צו דערטאַפּן אים פאר אן איידעם.

ער איז געווען איינער פון יענע יונגעלייט, מיט א יאָר פערציק צו־ריק אונטער אידן, וואָס זיינען פונם טאַנאַך און דער געמאָרע געוואָרן „באהאַלטענע מאַסקילים״. — יענע, אַלייעם־האַשאָלעם, זיינען ניט אָפּגע־זונדערט געווען פונט איבעריקן אוילעם, נישט אין דער אידישקייט, נישט אין דער האַלבאָשע; געלערנט, געדאַוונט דריי מאָל אין טאָג, זיך געוואַשן, געבענטש גלייך ווי אלע; געגאַנגען געקליידט, געטראָגן א אַרבעקאַנפעס, נישט געזעסן אָן א היטל — אַלצדינג גלייך ווי אַנדערע. אויסער נאָר, וואָס זיי האָבן זיך מאטיר געווען איבערצוהיפּערן געוויסע שטיקלעך פּאיעט, אביסל אונטערקירצן די קאַפּאָטע, ביכדיי זיך נישט צו פאַרדריפּן, צו לאָזן וואַקסן אַביסל די האָר, אונטערצושניידן א קאַ־פּעלע די פּייעס און האלטן ריין, אויסגעקעמט דאָס בערדל, וואָס דער־פאר פלעגט מען אַף זיי צווישן דעם אוילעם עפּעס מורמלען. — דאָס זיינען פון יענער צייט די נייע „לאַמעד־וואָווניקעס״ אין דער בּילדונג. פון דרויסן אָנקוקנדיק זיי, איז דאכט זיך גאָר נישט, דאָס מויל צוגע־מאכט, נישט געפּלאפּלט; אָבער, הייליקער גאָט, וואָס אינעווייניק בא זיי האָט זיך געטון אין האַרצן! אין האַרצן האָט געגליט דאָס אידיש פּינטעלע, עס האָט געבּרענט דאָס הייליקע פייערל פון ליבשאפט צו דער גאנצער וועלט מענטשן. פאר זייערע אויגן האָט געשוועבט עפּעס אַן אָנהייב פון א נייער, א גוטער, א שיינער וועלט. עס האָט זיך גע־גלויבט, געהאָפט, אָט־אָט קריכט זי פונם איי ארויס, לעמאַזל, אין א ליכטיקער צייט — און עס וועט זיך לעבן אין א גאַניידן, זייער גוט. צווישן זיך האָבן זיי שטילערהייט געלעבט ווי בּרידער, ווי כסידים פון איין רעבן, נאָר אנשטאָט מאַשקע האָבן זיי געשלונגען די ווערטער פון די הייליקע נעוויאים, פון מעליצע־ספאָרים, זיך געקוויקט, זיך אַרומגע־טראָגן מיט יענעמס עפּעס א ש י ר ל און אַליין אויך געמאַכט מעלי־צעס אזוי, אָדער אין א „שלום לאהובי״־בריוול 1)—אַלץ „אהה!״, „הוי!״ אָ, וויי־געשריגן! האָט עמעצער, א יונגערמאַן, כיישעק באַקומען זיך צו נעמען אַף דעם נייעם דערעך, עפּעס צו לערנען, איז דאָס בא זיי זייער אָנגעלייגט געווען, גלייך ווי ער טוט זיי דערמיט א גרויסע טוי־ווע, און האָבן אים געהאָלפן מיט וואָס נאָר מעגלעך. — אָט אַזוי האָבן געלעבט אמאָל יענע יונגע־אַלטע נאַרן, אַלייעם־האַשאָלעם, נאָך נישט געכאַפּט אין דער בּילדונג דעם רעכטן סטרי, נאָך נישט געוואוסט, וואָס היינטיקע אַלטע־קלוגע קינדער, אַז דער סאָד פון האַסקאָלע איז דאַפּקע אן

1) „שאָלעם לאהואוי״־בריוול — אַ פריינטשאַפט־בריוול. (רעד.)

אָפּן מויל, א ברענענדיקס, פּעך און שוועבל, און אַ האַרץ — קאַלט ווי אייז; אַז די בעסטע טוירע איז סכוירע, און די בעסטע מעליצע — אַ קערבל...

בא דער פאַמיליע האָט רעפאָעל געהייסן לובלינסקי, נאָר אידן האָבן אים געוויינטלעך געררופן פּאָשעט באַם נאָמען, אין די אויגן — רעב רע-פאָעל, א סימען, ווי שטאַרק באַליבט ער איז געווען באַם אוילעם. בא רייזען איז ער געווען גאָר דאָס אייבערשטע פון שטייסל. באלד נאָך זיין קומען קיין גלופּסק, האָט ער בא איר אפּן הויף געדונגען א דירע מיט קעסט. און רייזע האָט אים שטאַרק אָפּגעהיט, זיך געפלייסט שטענדיק, אַז דער ווארמעס פאר אים זאָל זיין צו דער צייט און באַאַמט.

די באקאנטשאַפט רעב אַווראָמס מיט אים האָט זיך אָנגעהויבן דורך א שידעך-רעדן אים, געוואקסן וואָס ווייטער אלץ מער, ביז זי האָט זיך אויסגעלאָזט צום סאָף מיט א הייסער פריינטשאַפט צווישן ביידע צדאָ-דים. אין איטלעכן פון זיי איז געלעגן עפּעס אַזוינס, וואָס דאָס האָט געצויגן איין האַרץ צו דעם אַנדערן. ביידע האָבן גרויס פאַרגעניגן גע-האט צו פאַרברייינגען אַמאָל אַ שאָ צייט בא אַ גלעזל טיי אָדער פּונש אין אַ וואַרעמען שמועס צווישן זיך, גאָר אָן זייטיקע אינטערעסן.

אַז דער סיידער איז שוין געווען פאַרטיק, רעפאָעל איז אין כאַלאַט מיט שטעק-שיכעלעך געזעסן אָנגעלענט אף א ביינקל, אריינקוקנדיק אין אַ סייפער, איז רעב אַווראָם אריינגעקומען אין שטוב מיט א ברייטן „גאָט-העלף!״

— אַ, באָרוך-האַבאָ! — טוט רעפאָעל זיך א כאַפּ פונם ביינקל, גייט רעב אַווראָמען אקעגן און קוקט אים גלייך אין פּאָנים אריין — עפּעס שיינט איר דאָך גאָר, רעב אַווראָם, גאָרנישט דער אייגענער, וואָס פריער אַביסל! אָט אזוי האָב איך אייך טאַקע ליב.

— זעט איר, האַ, — רופט זיך אָן רעב אַווראָם, — ווי גאָט קען מאכן אין איין מינוט פון שלעכט גוט. איך בין נישט אַליין, האָב גע-בראכט נאָך עמעצן.

— וואו-זשע איז ער? — פרעגט רעפאָעל, — בעט אים אריין, אייער גאסט, וועלן מיר האָבן טאַקע א מעזומען.

רעב אווראָם האָט באַלד אריינגעפירט הערשעלען, וואָס איז באַם אריינקומען געבליבן דערווייל אין פאָר-כיידער, און אים פירגעשטעלט פאר רעפאָעלן.

— מיינעם א גוטן באַקאנטנס, אָלאָוו-האַשאָלעם, א באָכערל. פון דער פרעמד, לערנט בא מיר אין קלייזל. איבער אים האָב איך עס היינט געהאט אזא האַרצווייטיק. נו, געלויבט האַשעם-איסבאָרעך, וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט גוט. פון מיר קומט היינט א טרונק.

— גוט יאָנטעוו! — זאָגט מיט א שמייכעלע רעפאָעל, — בא אונז ביידע איז דאָך היינט עפּעס אזא פריילעכער טאָג! קומט-זשע, איך בעט אייך, צום טיש און לאָמיר זיך וואויל-טון.

באַם טיש האָט רעפאָעל אונטערגעטריבן הערשעלען, ער זאָל עסן, טרינקען, זיך ניט שעמען, צולייגנדיק אים אַלץ דאָס, יענץ אָפּן טע-לער. דאָס קערמעשל האָט אויסגעזעען עפּעס טאקע ווי א סימכע. דער קליינער אוילעם איז געווען צופרידן, שטארק האַנאָע געהאַט באַם פונש.

זיצנדיק אין צווייען מיט רעפאָעלן באַם אָפענעם פענצטער, האָט רעב אַווראָם אים איבערגעגעבן די גאַנצע מאַיסע מיט הערשעלען. רע-פאָעל האָט פונדערווייטנס זיך צוגעקוקט צו הערשעלען, וואָס איז גע-זעסן באַם עק טיש איבער אַ גלאָז טיי, און זיך עפּעס פאַרטראכט. אין זיין פּאָנים איז געווען צו דערקענען, אַז הערשעלע איז אים שטאַרק געפעלן און דאָס ביטערע עלנט זיינס האָט אים גערירט באַם האַרצן.

— דאָס איינציקע, וואָס איך בין אין שטאַנד דערווייל צו טון פאַר אייער באָכערל, — זאָגט רעפאָעל שטיל צו רעב אַווראָמען — איז דאָס נאָר, וואָס איך קען אים געבן בא מיר אן אָרט אף נאַכטלעגער. לאָז ער כאָטש זיך ניט וואלגערן אין קלויז אף דער האַרטער באַנק דאָרט, און ווייטער וועלן מיר זעען.

— אָך, איר וועט האָבן א גרויסע מיצווע! — מאַכט רעב אַוורואָם, אופהייבנדיק זיך פונם ביינקל, און ווענדט זיך באַלד טאַקע צו הערשע-לען מיט דער בסורע — דו הערסט? פון היינט אָן וועסטו האָבן נאַכט-לעגער דאָ, באַ רעב רעפאָעלן. דאַנק זיי פאר זייער גוט האַרץ און קום.

דעם אוילעמס ווערטל „וועט פרייט זיך אַן אָרעמאַן? אַז ער געפינט, וואָס ער פאַרלירט" — דאָס איז זייער גלייך טאַקע צוגעפּאַסט געווען צו רעב אַוורואָמען. ער איז זייער שטאַרק אופגערײמט געווען דעם גאַנצן וועג, גייענדיק פון רעפאָעלן. ער האָט זיך געפרייט, קוקנדיק אַף הער-שעלען, וואָס איז אים געגאַנגען בא דער זייט, און געטריבן מיט אים אַלץ קאַטאָוועס. ס'איז אים צייטנווייס אַפילע דורכגעלאָפן ווי א וואָלקן נישט קיין איינגענעמער געדאנק, פאַרוואָס ער האָט אומזיסט כוישעד געווען א אידן, נעבעך — נאָר דאָס איז געווען א פיצל זומער-וואָלקנדל, וואָס פליט אף א ווײלע פאַרביי דער ליכטיקער זון און פאַרשווינדט באַלד ווי א רויך.

הערשעלע ווידער איז געווען עפּעס צעדרייט, געגאַנגען פאַמעלעך און פאַרטראכט. אים האָט נישט געלאָזט רוען ביילע — איז איר גערא‏ָטן צו באַקומען אַן אָרט, אָדער בלאָנקעט זי זיך ערגעץ אזוי אַרום? — און אויך דאָס קלימעקל אירס אף דער אַכסאַניע.

— קום גיכער אביסל! — האָט רעב אַווראָם אונטערגעטריבן הערשע־לען, — וואָס גייסטו עפּעס אַזוי פּאַמעלעך? מוישעלע, נעבעך, מוז זיצן אַליין דערווייל דאָרט און באַאומרואיקט זיך אַוואדע שטאַרק וועגן דיר. אַ ראַכמאָנעס, כ׳לעבן, גיכער, גיכער אביסל!

— רעב אַווראָם! — רופט זיך הערשעלע אָן מיט א געבעט. — לאָזט מיך, איך בעט אייך, א לויף טון צוריק אף דער אַכסאַניע. אין איילע־ניש האָב איך פאַרגעסן בעטן רייזען אַכטונג צו געבן דאָרט גוט אף די זאכן. ס׳איז דאָך אן אָרעמס... אן אָרעם מיידלס אַ קלימעקל.

— טאַ! — מאַכט רעב אַווראָם, אָנקוקנדיק אַ ווײלע הערשעלען, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. — האַיע־זשע, לעמאַנעשעם, נישט און קום געשווינד צוריק. איך וועל אַליין גיין מיט דער בסורע.

ווי אַ באָמבע איז רעב אַווראָם אַריינגעפלויגן אין פּאָליש, אָנ־געלאָדן מיט דער פריילעכער בסורע, קאָם איינהאַלטנדיק זיך נישט אויסצושיסן זי דאָרט. באַ דער טיר פונם קלייזל אָבער שלאָגט ער זיך אָן מיט א אידענע, וואָס טוט אים א פרעג אַף א טרויעדיק קאָל:

— וואו איז מוישעלע?

— אַ, מוישעלעס מאַמע! — מאכט רעב אַווראָם.

— דאָס צווייטע מאָל בין איך שוין דאָ, — זאָגט מוישעלעס מאַמע אַף אַ ציטערדיקער שטימע. — איר מוזט עפּשער וויסן, וואו איז ער, מיין זון! אַ גאַנצן טאָג איז זיין פוס אינדערהיים נישט געווען און קיין לעפל וואַסער אין דעם מויל נאָך נישט געהאַט. וואו די וועלט האָט אַן עק האָב איך שוין אויסגעזוכט. אוי, געוואַלד, נעשאָמעניו! זאָגט מיר, וואו, וואו איז ער, מיין מוישעלע?!

— וואָס הייסט!... סטייטש!... — מאַכט רעב אווראָם פאַרוואונדערט און ווערט בלייך, ווי די וואַנט.

———

פון דער ד ע מ ב ע נ ע ר קרעטשמע, אַקעגן זיבן־אַכט ווערסטלעך פון גלופּסק, ציט זיך באַ ביידע זייטן פונם ברייטן זאַמדיקן שליאַך, צו דער שטאָט־צו, אַ גרויסער שיינער וואַלד פון הויכע סאָסנעס און דעמ־בענעביימער. דער שליאַך איז ערטערווייס גריבערדיק מיט זומפּיקע קאַליזשעס, אין וועלכע עס האַלטן זיך אוף זשאַבעס, קוואַקען, רייסן זיך אַף די העלזער, קינדלען זיך דאָרט און גיבן איבער ביערושע זייערע בלאָטעס מיט אַלע זייערע מעשוגענע האַוואיעס פון איין דאָר צום אַנדערן דאָר. דעריבער פאַרצווייגן זיך ווייטלעך אין דעם וואַלד זייט־וועגלעך, אַף וועלכע באַלעגאָלישע בוידן און גויאים מיט פורלעך האָלץ נעמען זיך פונם שליאַך אַרויף און פאָרן, איטלעכער אַף זיין דע־

רעך, מיט זיין „גירסא״ [1]. אַ באַלעגאָלע באַדארף זיין א גרויסער באָקי דאָרט, א כאריף, א לאמדען-מופלעג צו דרייען זיך הין-און-הער, זיסט קערט זיך איבער דער וואָגן אין איינע פון די קאנאווקעלעך — און מע ברעכט רוק-און-לענד.

אף א שמאָל שטעגעלע צווישן יונגע פרישע ביימלעך, באם ברעג וואַלד, גייט זיך פאַרנאַכט שמוליק דער טאַנדעטניק, צעכראַסטעט, אופ-געשפּילעט די קאַפּאָטע מיט א קליין פעסעלע אונטער דעם אָרעם. מיט דעמדאָזיקן פעסעלע גייט ער עס אַזוי אַלע דאָנערשטיק קימאַט צו דער דעמבענער קרעטשמע, וואו ער פילט עס אָן מיט גוטן בראַנפן אף א וואָלוועלן מעקעך און טראָגט עס גאַנצפרי אין שטאָט אריין פאר זיינע געוויסע באַלעבאטים אף שאבעס, פון וואָס עס בלייבט אים אַביסל פאר זיך אף קידעש, אויך עטלעכע גראָשן דערצו פאַרדינסט. דער איבערי-קער אוילעם, וואָס וויל וואָלוועלן בראנפן פאר זיין געברויך נאָר, נישט דערמיט צו פאַרדינען, לאָזט זיך אַהינצו נאָך דער מאַשקע גע-ווײנטלעך פרייטיק פרי, און דענסטמאָל איז דער וועג אַהין אָפּגעשיט אָפּט מיט קינד און קייט, יונג און אַלט, באַלאָדן מיט פלעשלעך און אַלערליי קיילים. אזוי איז שוין דאָרט איינגעפירט פון אַלטע צייטן — און אַ אידישער מינעג ברעכט א דין, אפילע דעם דין פון דער אַרענ-דע און ביפּראַט אַ גלופּסקער אַרענדע, וואָס אמאָל אָן ראַטע...

די זון איז געשטאַנען באם עק הימל, גרויס, רויט, ווי א פייער, און געזעגנענדיק זיך מיט דער וועלט פאר דעם אַוועקגיין אין איר רו אַריין, האָט זי געוואָרפן א בליק — אירע מילדע גילדענע שטראַלן, אַף גראָז, אַף ביימער, אף בערגלעך און טאָלן. דער אָפּגלאַנץ פון איר ליכטיק פּאָנים אַף זיי האָט זיך אויסגעדאַכט עפּעס גאָר ווי א שיינענדיק-פריינטלעך שמייכעלע צווישן דעם מאָרעשכוירעדיקן שאָטן, וואָס אַף זיי אלע האָט זיך אָנגערוקט. ס'איז געווען צום האַרצן עפּעס אומעטיק-פריילעך, זיס-ביטערלעך צו גלייכער צייט. די שיינע נאַטור זומער פאַר-נאכט איז א קאַלע צום באַדעקנס אונטער דעם שלייער — און דענסט-מאָל האָט זי ערשט דעם זיבעטן כיין, ציט זי דעם כאָסן בא דער נע-שאָמע, עס צעשפּילט זיך אים דער „כח המדמה״ [2], ער טראַכט און פאַרטראַכט זיך אף איר פּאָנים, וואָס שיינט ארויס, שמייכלענדיק צו אים פונם פאַרבאָרגעניש אונטער דעם דעקטוך און רעדט, צענעמט אים עפּעס אַזוי, אָן ווערטער.

שמוליק — אָט דער טאַנדעטניק, וואָס אין שטאָט אַרומיאָגנדיק זיך, ליגט אים די נעשאָמע אינגאַנצן מיט אלע געדאַנקען אין דער פּאַרנאָסע,

[1] „גירסע״ — נוסעך, גאַנג. מיט זיין גירסע — אף זיין אויפן. [2] „קויעך האמדא-מע״ — די פאַנטאַזיע. (רעד.)

קיין זאַך גייט אים נישט אָן, נאָר אַלץ ברויט, דאָס זינדיק שטיקל ברויט — אַציִנד דאָ, אַפֿן גרינעם גראָז, אױף דער פרייער לופט, איז ער עפּעס ווי ניי-געבוירן. עס דערוועקן זיך אין אים איידעלע געטלעכע געפילן, די אויגן קוקן, האָבן האַנאָע פון גאָטס שיין וועלטעלע, די נאָז שמעקט זיסע טייערע רייכעס פון טויזנטערליי קרייטעכצער; די אויערן האָרכן די וואונדער-שיינע קאַפּעלע פון שפּיל-פייגעלעך, וואָס רופן זיך איינס מיט דעם אַנדערן איבער אױף זייער לאָשן ערגעץ צווישן בלעטער פון בוימער, וואָס צעגיסן זיך אין שטייגער אַפֿן העלזעלע, פלאַטערנ-דיק מיט די פליגעלעך, זאָגן שירע און שפּרינגען „קאָדעש" אַף דינע צווייגעלעך. שמוליקס נעשאָמע כאַפּט זיך אוף ווי פונם שלאָף, דאָס פּאָנים איז אים עפּעס ווי איבערגעביטן, ער קוקט און טראַכט: אוי, מעכאַיע! טראַכט און פילט: אוי, ציט עס עפּעס, ציט דאָס האַרץ! עס גלוסט זיך, ווילט זיך עפּעס, אַליין נישט צו וויסן וואָס!...

גייענדיק אַזוי אַפֿן שטעגעלע, גיט אים זיך א ווייז אַקעגן אין וואַלד אַ גרינער פרייער פּלאַץ, געהילט אין א טונקעלן מאַנטל פון שאָטן מיט ליכטיקע, העל-גילדענע שטרייפעלעך. ער טוט זיך דאָרט אַ וואָרף און ציט זיך אויס אף דעם סאַמעט-ווייכן גראָז.

שמוליק ליגט מיט פאַרטראַכטע אויגן. זיינע גלידער, פילט ער, ווערן שווער, עפּעס ציט אים די ערד שטאַרק צו זיך, ווי זי ציט אים אַרויס די אַלע ווייטיקן — און אַקעגן-זשע אַף דער נעשאָמע ווערט אים גרינג, מעכאַיע גוט. א וויך, א רירנדיקס גרעזעלע גלעט אים די נאָז, די באַקן, נאָך איינס קיצלט אים אונטערן קאָלנער הינטן-אַרום אין האַלז און נישט ווייט פון צווישן גראָז טיקעט אים א גרילכנדל אין די אויערן אריין. עס דערציילט אַ מאַיסע, עס זינגט א לידל, פאַרוויגט און פאַרשלעפערט אים, ווי אַ קינד.

שמוליק ליגט האַלב-געדרעמלט, האַלב-וואך און עס פלאָנטערט זיך אים עפּעס אין קאָפּ. עס טראַכט זיך אים פון א לעבן אָן קאָפּ-דאַרעניש, ווי גוט ס'איז צו האָבן קאַשע מיט יויך — אַן אייגן שטיבעלע אַ קליינס, מיט א גערטנדל, דערצו אויך אַ בעהיימעלע, לאָז זיך זיין כאָטש אַ ציג. ס'איז דאָך א גליק, בעסערס דערפון איז שוין אַ איבע-ריקע זאַך! עס טראַכט זיך אים פונם ליבן גאָט: אוי, גאָטעניו, האַצלי-כאָ-נאָ! העלף, טאַטע-פאָטער, ווייז טאַקע, ווייז, אַז דו קענסט באַגליקן אַ מענטשן... ווי איך בין אַ איד, גאָטעניו, הושיאָ-נאָ! און אין קאָפּ באַ אים פּיקט זיך אַ גאַנצער פּלאַן פון זיינע נעדאָוועס דענסטמאָל, פונם מענטליק, וועלכן ער וועט מיט זיין גוטסקייט און פרומקייט גאָט אָנטון... עס קומט אים אַפיר באַלד טאַקע אַפֿן געדאַנק מוישעלע. — ער איז דאָך א צאַצקעלע, לערנט וואויל ווי די וועלט, קען דאָך גאָט געבן

אים זאָל אויסכאַפּן אַ רייכער מעכוטן און אים אָפּגילטן... מיט דער צייט קען מוישעלע נאָך ווערן ראָוו ערגעץ אין א גרויסער שטאָט און דענסטמאָל... דענסטמאָל, אַז-וואויל וועט זיין אויך אים, דעם טאַטן! ער וועט אף דער עלטער זיך אָפּלעבן זיינע יאָרן אין גרויס נאַכעס. אין קאָוועד.

א קליינינקייט עפּעס דעם ראָווס פאָטער!...

דידאָזיקע זיסע כאַלוימעס וואַכנדיק זיינען איבערגעריסן געוואָרן אינ-דערמיט דורך אַ קלאַפּן פון רעדער ערגעץ דאָרט אַף א זייטוועגעלע אין דעם וואלד.

שמוליק עפנט די אויגן, טראַכט בא זיך: נאַ, גענוג, שוין צייט אַהיים. ער זעצט זיך פּאַמעלעך אוף, טוט א גענעץ, אויסקנאַקנדיק די ביינער, און נעמט זיך צום פעסעלע, וואָס אים בא דער זייט. דערווייל פּאָרט פונהינטן אָן נאָענט אַ פורל, נאָך א מינוטעלע — טוט א הילך אף דעם גאַנצן וואַלד א ביטער געשריי:

— „אַי, טאַטע!"...

שמוליק קוקט זיך געשווינד צו און בלייבט פאַרגאפּט.

— מוישעלע! וואָס? וואוהין?!... — דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס שמוליק ברייגגט קאם אַרויס פונם מויל פאַר גרויס וואונדער און שרעק. דאָס הארץ האָט אים באַלד געזאָגט, ס'איז א צאָרע. זיין מוישעלע איז אין א גרויס אומגליק!...

— גיכער, טאַטע, אוי, ראַטעווע! — שרייט אף א וויינענדיק קאָל מוי-שעלע, וואָס האָט אויסגעזען, ווי א שעפעלע צווישן צוויי וועלף מיט פייערדיקע אויגן.

צולויפן צום וואָגן און אָנצוכאַפּן זיך אין אים מיטביידע הענט האָט בא שמוליקן נישט געדויערט קיין איין רעגע. די וועלף אָבער האָבן דערצאָרנט געקריצט מיט די ציין, אים א שליידער געטון פון זיך, אַזוי אז ער האָט צוויי מאָל זיך איבערגעקערט אף דער ערד און ביזוואַנען ער איז געקומען צו די געדאַנקען, זיינען זיי שוין געווען אַף א היפּשער שטרעקע וויט.

שמוליק האָט זיך צונויפגענומען מיט אלע קרעפטן און זיך געלאָזט האַסטיק נאָך דעם וואָגן. ער יאָגט, לויפט, און יענע שמייסן, שמייסן דאָס פערדל. דער וואָגן איז אלץ ווייטער, אָט-אָט ווערט ער פאַר-שוואונדן. שמוליק קייכט, דאָס האַרץ פאַרלויפט אים מיט בלוט, קאם וואָס ער אָטעמט, די אויגן שפּאַרן אים פונם קאָפּ אַרויס פאר גרויס אַנגסטן, ער אָבער יאָגט מיט אימפּעט, נישט צו פילן, כוץ דער גרוי-סער סאַקאָנע, קיין שום זאַך — דער וואָגן הייבט אָן צו פאַרשווינדן, באָך א ווײלע — ער איז שוין נישטאָ!...

— געוואַלד!—שרייט שמוליק, רייסנדיק אף זיך, לויפנדיק, די האָר, ער פאַלט פון די פיס און ציט זיך אויס אף דער ערד.

וואַיהי, און דידאָזיקע מאַיסע איז געשעען, בימיי „האַקאַפּאָרע-הינדעלעך", אָדער ווי אין די קינעס פון יענער צייט שטייט, בימיי „פונם געיעג און פונם שפּיל אין קאַץ און אין מויז". דאָס טייטש: דענסטמאָל, אין יענער צייט, ווען מע האָט אָפּגעלאָזט אידישע קינדער צו שטיפן אַביסל צווישן זיך און באַווייזן זייערע גוואורעס אין דעם געיעג. אָהן פייל-און-בויגנס, נאָר פּאָשעט „פאַנגען", ווי די קאַץ גייט אַפן געיעג, כאַפּן מייז — גאָר העפקער אַ וועלט! קאַפּאָרע-הינדל, אָדער מייזעלע האָט, לויט דער שפּיל, געהייסן יענער, וואָס איז אַרויס פון דער היים אָן א געשריפּטס מיט אַן אָדלער, פּאַספּאָרט, הייסט עס. אַזעלכע האָט די קאַץ געמעגט כאַפּן, זאָגן „זה חליפתי, זה תמורתי, זה כפרתי!"[1] און באַלד אים אין געוואַנט אַריינשטעקן.

און עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע אידעלעך, וואָס האָבן זיך געקליגט איינער דעם אַנדערן אָפּצונאַרן, ווייטלעך צו פאַרנאַרן און מיט אַלע האַמצאָעס צו מאַכן אים די שפּיל...

שנייער-וואָלף האָט געשפּילט די ראָלע זיינע און פאַרנאַרט הערשעלן מאַמזעריש, אין זיין טאַטן אַריין! נאָר אז הערשעלע האָט, גאָר אומגעריכט, פון זיינע לאַפּעס זיך אַרויסגעגליטשט און דערווייל איז גראָד מוישעלע אונטערגעשפּרונגען, איז ער, מוישעלע, אנשטאָט דעם כאַוועד זיינעם אַריין אין די לאַפּעס — און באַך, געוואָרן „געפאַנגען"!

„ברידער! — קלאָגן דערוף די קינעס פון יענער צייט — אַלע אייערע הונדערט-טויזנטער, וואָס זיינען געקוילעט געוואָרן פון טיטוס האָראָשע, בעשאַס דעם גרויסן כורבן; וואָס זיינען אומגעקומען, פאַרברענט געוואָרן אַפן פייער אין שפּאַניען, נאָך און נאָך אזעלכע דערהארגעטע, אומגעקומענע — די אלע איניינעם פארביטערן אונז נישט אַזוי דאָס לעבן, ווי יענע אידישע נעז, וואָס אידן אליין האָבן איינע די אַנדערע אָפּגעריסן. דאָרט איז נאָך דאָ א טרייסט: גיבוירים! זיי זיינען געשטאָרבן פאַר דעם פאָטערלאַנד... קדוישים! זיי זיינען אומגעקומען אף קידעשהאַשעם. אָבער געוואלד, וואָס קען אזוינס שטעקן אין אידישע נעז, פון אידן אַליין טאַקע אָפּגעריסענע? — אף פּעטש פון אנדערע ווייַנען מיר

---

1) „זע כאַליפאָסי" א. א. וו.— דאָס איז מיין פאַרבייט א. א. וו. די ווערטער ווערן געזאָגט באַם קאַפּאָרעס-שלאָגן און באַטייטן, אַז די קאַפּאָרע זאָל זיין א קאָרבן אנשטאָט דעם קאַפּאָרע-שלאָגער. באַם אָפּגעבן פאר א סאָלדאַט, האָט מען אויך מיט דעם „געכאַפּטן" פאַרביטן וועלכן ס'איז זינדל פון די טאַקיפים, שיינע אידן,— ער איז געוועזן זיין קאָרבן, זיין קאַפּאָרע. (רעד.)

און זאָגן: נישקאָשע! גוטע און שלאַפע ליידן אָפּט אין דער וועלט. מעגלעך עפשער, יענע שטאַרקע וועלן נאָך אַמאָל כאַראָטע האָבן, נאָר אַז געפּאַטשטע פּאַטשן זיך אליין, אַז צעדראַפּעטע דראַפּען איינער דעם אַנדערן, וויינען מיר און זאָגן — אוי, וויי! — גאָרנישט וואָס צו זאָגן... דערמאָנען מיר זיך אין יענע, נעבעך, פון אייך אַליין געפּייניגטע „גע־פאַנגענע", רייסט דאָס הארץ. עס וויינט און שרייט: אייכאָ, אוי, ווי מעשונע דערשלאָגן, ווי ווילד געפאלן איז דאָס פּאָלק איסראָעל!..."

---

# דאָס ערשטע קאַפּיטל.

דער בעסטער כיילעק לאנגע אידישע נעזער איז, ווי דער וועלט איז באקאנט, די גלופּסקער מעקלער אָנגעקומען. דאָס האָבן זיי אַ מאַטאָנע פון זיין ליבן נאָמען — אַ מינדסט געשעפטל פון אונטער דער ערד אָנצושמעקן — דאָס איינציקע געצייג זייערס זיך דערמיט צו דערנערן. פונדאַנען זעט מען באשיינפּערלעך אַרויס, וואָס פאר אַ גוטן גאָט מיר האַבן, ווי געטריי ער גיט זיך אָפּ מיט זיין וועלטל און לייטזעליקט אלע זיינע מינע באשעפעניש, מיבייצע קינים, פונם קלענסטן ווערעמל, ביז אַ אידישן מעקלער, מיט די נייטיקע קלייזאַיען, איטלעכן צו זיין פּאַרנאָסע. און רעב אָשער, דער געהויבנסטער מעקלער, פול אין אַלע קלייטן און קאָנטאָרן, אַ דאַר אידל, אַ רירעוודיקס, אַ צאַפּלדיקס, טאָמיד מיט אַ פּאריסן היטל ווייט ארוף איבער דעם שטערן, מיט אַ שטעקעלע, דרייענדיק עס ארוף און אַראָפּ, אין אַלע זייטן — ער איז געלייטזעליקט גאָר מיט אַ הויפּט-פיינע נאָז, פרימע. די נעשאָמע זיינע, דאַכט זיך, האָט זיך אַרויסגעקליבן באַ אים פונם מויעך, פארנעמענדיק מיט זיך אויך דעם סייכל, די כאָכמע זיינע, און איז אריין אין שכיינעס צו אים אין דער נאָז. באלד בא רעפאָעלס קומען קיין גלופּסק האָט ער, די נאָז, הייסט עס, דערשמעקט דאָס קאָמיסיע-געשעפט רעפאָעלס פון די לאָדזער פאַבריקאַנטן און זיך גענומען געשמאַק צו דרייען מיט אים וועלטן. אַז רעפאָעל אָבער האָט זיך ניט געלאָזט דרייען ביז ער וועט ניט אויסלערנען פריער גוט דעם פּלאַץ מיט די אלע סאָכרים דאָרט, איז עס רעב אָשערן געווען אַ גרויס וואונדער און האָט זיך אָנגערופן, שטאַרק פארדרייענדיק די נאָז:

— סטייטש, וואָס הייסט! אַ איד — און לאָזט זיך ניט מאַכן געשעפטן!... ניט אנדערש, האָט מיר קיין פאַריבל ניט, אַז מאלאָסוי ע— ע—ע... האָט אין האַנדל ניט קיין געפיל.

— ווי קומט געפיל צו האַנדל?! צום האַנדל ברויכט מען סייכל. מע באדארף פארשטיין.

— עט, נאַרישקייטן! — מאַכט רעב אָשער, דרייענדיק דאָס שטעקל און אופשטעלנדיק די נאָז — איך מיין, פארשטייט איר מיך, דעם ברען. צום האַנדל באַדארף מען דעם ברען. ברענען באַדאַרף מען, ברענען... סייכל איז — בע. קוקט אָן, זייט-זשע מויכל, אונזערע גרויסע גלופּסקער סאָכרים, וואָס, האַ? נאַט אייך אַ גראָשן פארן סייכל! מע האַנדלט, מענטשן האַנדלען. וואָס דען? דערוף איז מען דאָך מענטשן, סאָכרים... און פארדינען איז אַ גאָט-זאַך, אַ מאַזל: „מזל מחכים, מזל מעשיר" [1], אי רייך אי קלוג, אַלצדינג איז מען מיט מאַזל.

— האַנדל, וואָס געבויט אף מאַזל, אף לויטער ריזיקע, איז אַ קאָרטנ-שפּיל. אַזוי, אַזוי, רעב אָשער, אַ קאָרטנש...

— ווייס איך, וואָס איר זאָגט מיר עפּעס אַ קאָרטנשפּיל — פּאַלט אַריין רעב אָשער רעפאָעלן אין די רייד, דרייענדיק דאָס שטעקל און אופשטעלנדיק די נאָז — קאָרטן זיינען קאָרטן, און האַנדל איז האַנדל. עפּעס שפּיל איך דאָ, איך לייג פּאָר מאלאָסוי אַ שפּילכן? אייסעק רעד איך, אייסעק, אזא וויכטיקע זאַך!

— לאָזט זיך נאָר דינען, רעב אָשער! — קומט רעפאָעל אלך טאַקע מיט זיינס, רואיק, געלאסן — האַנדל, ווייל ס'איז אַ גרויסע, וויכטיקע זאַך: עס בינדט אוף מענטשן די הענט צו אַרבעטן שיינע, גוטע, נוצ-לעכע מעלאָכעס אַלערליי, און עס פארברייט אומעטום, פארצוקערט זייער אַרבעט, עס פירט צונויף נאָענט ווייטע לענדער, עס בילדעט, איידלט אויס, עס שפּייזט און באלעבט אַ וועלט מענטשן — אָט דעריבער טאַקע, ווייל ס'איז אַזוי וויכטיק, מוז עס, ווי אלע אַנדערע וויכטיקע זאַכן, געפירט ווערן געזעצט, מיט באַרעכענונג, מיט פארשטאנד...

— טע, — טע, — וואוהין מאלאָסוי איז פארפלויגן! — מאַכט רעב אָשער אף עפּעס אַ מעשונע ניגן, דרייענדיק מיט דעם אופגעשטעלטן גראָבן פינגער און פּאַכנדיק דערביי מיט דער נאָז, וואָס קרימט זיך אים אַ שרעק — כקירעס ווייס איך ניט, כקירעס — פּקירעס — ניין! זעט איר, אַ גוט קעפּל, אף שרויפן אַ קעפּל, אַ פליענדיקס, הו — האַ, האַ — הו, — דאָס צום האַנדל, יאָ, יאָ!

— אַ גוט קעפּל אַליין צו דרייען, צו פליען איז פאר דעם האַנדל קאַרג, עס ווערט געפּאָדערט דערצו אַ גרויסער קאַפּיטאַל פון פארשיי-דענע יעדיעס — רעדט זיך רעפאָל זיינס טאַקע, פּיקנדיק רעב אָשערן מיט איטלעכס וואָרט — מע מוז לערנען, רעב אָשער, לערנען און וויסן אַסאַך זאַכן, נייטיק אין לעבן אריין. פון די כאריפעסדיקע, פליענדיקע אידישע קעפּלעך, אָן אַזאַ קאַפּיטאַל, נעמט זיך בא אונז דער שווינדל, פון

[1] „מאזל מאכקים, מאזל מאשיר" — מאַזל מאַכט קלוג, מאַזל מאַכט רייך. (רעד.)

שווינדל נעמט זיך די „קוממיות-זאָגער", פון די „קוממיות-זאָגער",—דאַ-לעס, קאַבצאָנעס, און פון די אַלע אינײנעם — עסעניש, בייסעניש, מע-סירעס, פּיינטשאַפּט פון אייגענע, אויך פון פרעמדע. קאָלזמאַן דער האַנדל וועט ניט געשטעלט זיין אַף פארשטאנד, אַף עמעס...

— אַי, אַי, זייט איר נאָך, ע-ע, גאָר אַ... אַ יונגערמאַן, מעכילע !— שלאָגט רעב אָשער איבער רעפאָעלן די רייד, אָנקוקנדיק אים ווי אַ מע-שוגענעם. שאָקלט מיטן קאָפּ און שמייכלט אים גלייך אין פּאָנים אריין— וואָס, וואָס ? איך בעט אייך.

— אָט דאָס, וואָס איר הערט. נאָך אַמאָל טאַקע, רעב אָשער, זאָג איך אייך : אַף פארשטאנד, אַף עמעס און יוישער, דער האַנדל זאָל ניט אריבערכאַפּן די מאָס. עס זאָל ניט זיין מער פאַבריקן, קלייטן, וויפל עס ווערט געברויכט אין דער וועלט סכוירע, עס זאָל ניט זיין סכוירע גע-מעלאָכעטע, געפּעלשטע מער וויפל די נאַטור קען עכטע, גוטע אַזעלכע אַרויסגעבן. עס זאָל באַלוינען אָרנטלעך איטלעכס מי, איטלעכן אָפּגעבן זיינס. עס זאָל זיין איבערהויפּט אַ ריכטיקער, אָפענער כעשבן — קאָל-זמאַן, זאָג איך, אַזוינס איז נישטאָ, איז נישטאָ צו האָפן, או אַלדאָס בייז : עלנט, אָרעמקייט, סינע און קינע...

— ניטאָ וואָס צו רעדן. אַ גוטן ! — געזעגנט זיך רעב אָשער, ניט אויסצוהערן רעפאָעלס שמועס ביז אין סאָף אריין. ער פארייסט דאָס היטל, אַ מאַך געבנדיק מיט די אַקסלען, אַ קראַץ אין דער פּייע, אַ דריי מיט דער נאָז, און ווערט אַנטרונען.

— אַ גוטן טאָג, אַ גוט יאָר ! — זאָגט רעפאָעל, אַז רעב אָשער איז שוין געווען אַף יענער זייט טיר—וואָס זאָל מען טון ? האַ, מע וועט זיך מוזן באַגיין אָן רעב אָשערס הילף אויך.

רעפאָעל איז אין זיין זאַך געווען געלערנט, פּראַקטיש, דערצו אָרנ-טלעך, ווי ווייט מעגלעך. ער האָט קוידעמקאָל זיך גענומען גוט באַ-טראַכטן גלופּסק און זי איז אים פאָרגעקומען זייער ציקאַווע מיט דעם סטרוי פון אירע הייזער, מיט אירע גאַסן, געסלעך און הינטערגעסלעך ; ציקאַווע מיט אירע אידן, מיט אירע קרעמער און סאָכרים, ציקאַווע מיט איר שטענדיקן ראַש, יאָגעניש, לויפעניש און מיט אלע אירע גיינג. דער יעיצער-האָרע פון מיסכער איז דאָרט גרויס. אידן האַנדלען איינע מיט די אנדערע, ציען די פּאַרנאָסע איינע פון די אַנדערע. צען מאָל מעג אַ סויכער פּאַלן, זאָגן „קוממיות", שטייט ער, נישקאָשע, אוף און האַנדלט ווייטער. היינט, אזוי הייסט עס, היינט איך דיר „קוממיות", און מאָרגן — דו מיר. היינט האַלט דער די בייטש און טראַסקעט, און מאָרגן טראַסקעט יענער. אָט אַזוי דרייט זיך דאָרט דאָס רעדל, דער אַרוף, יענער אַראָפּ, און דערנאָך יענער ארויף און דער אַראָפּ. דער

יעיצער-האָרע וואַרעמט אונטער, אידן פלאַמען, דרייען זיך, דרייען און האַנדלען. רעפאָעל האָט אין גלופסק געפונען אַ פלאַץ אַף אָפּצוזעצן זיין סכוירע. נאָר ווייל אין האַנדל מוז מען געבן אַף קרעדיט, אנדערש איז ניט מעגלעך אָפּצוזעצן, און מוירע האָבן אָבער באַדאַרף מען דאָ פּאַר אָנזעצן, דעריבער איז ער אין האַנדל געגאנגען האַרט בא דער ערד, זיך ניט געכאַפּט, געיאָגט; ער האָט גוט איבערגעזיפּט, געגעבן אַף באָרג נאָר גרויסע באַטוכים. דעם קלאַל האָט רעפאָעל געהאַט: בעסער ווייניק פאַרדינסט, נאָר זיכער, ווי אסאַך מיט ריזיקע; גלייכער צו גיין פּאַמע-לעך האַרט בא דער ערד, ווי צו פליען און דערנאָך אראָפּפאַלן, ברעכן האַלז און גניק. רעב אָשער דער מעקלער אָבער האָט ניט געהאַלטן מיט רעפאָעלן און פלעגט ברייגנגען ראַיעס פונם שטייגער פּירונג אין דער וועלט, פון מעדרעש און דעם אוילעמס ווערטלעך, וואָס פונקט קאַפויר, ניט אזוי ווי ער.

— אַ טאָעס, ווי איך בין אַ איד! — האָט געטאַיינעט רעב אָשער, אַז ער האָט פאַרגעלייגט געשעפטן און רעפאָעל האָט ניט געוואָלט הערן— מאַלאָסוי לעבט אין טאָעס. אלצדינג געוועגדט זיך אין מאַזל. זינט איך לעב — „נער הייתי גם זקנתי" 1), מיט אַ גרויסער באָרד — האָב איך נאָך ניט געזעען אַ סויכער זאָל טראַסקען אין דער וועלט אריין מיט זיין כאָכמע. די בראָכע איז אַנדערש ניטאָ — זאָגן אונזערע הייליקע כאכאָ-מים — נאָר אין א בלינדער זאַך, ווי אַ בלינדער עסרעג, לעמאָשל, און זייערע ווערטער זיינען טאַקע טויראַס עמעס. ווער עס האנדלט מיט ביטאָכן, בלינד, אָן כאָכמעס, ניט צופיל איבערקלערן: —וועט-מיך, העט-מיך, זאָלט-מיך — דעם שיקט האַקאָדעש באָרוך-הו בראָכע און האצלאָכע אין זיינע געשעפטן. אדעראבע, זייט זיך מאַטריעך און זעט, ווי די וועלט פירט זיך. אידן באַרכעשעם האַנדלען, קויפן, פאַרקויפן, נעמען, גיבן, און גלויבן — זכוס אָוועס שטייט זיי ביי און זיי לעבן. אויך יענע קרעמער, וועלכע איך לייג דאָ מאַלאָסוי פאַר, וואָס ווילן נעמען סכוירע אַף קרעדיט, אויך זיי לעבן, באַרכעשעם, מיט ווייב און קינדער, מיט אויסגעגעבענע טעכטער און איידעמס אַף קעסט. ווען, כאַלילע-וועכאַס, אַסאַך אַזוינע ווי מאלאָסוי זאָל געווען זיין צווישן אידן, וואָלט די וועלט באַדאַרפט כאָרעוו ווערן. עס וואָלט ניט געגלויבט איינער דעם אַנדערן— אויס קרעדיט, אויס האַנדל, אויס פּאַרנאָסע, און עס וואָלט אויסגעקו-מען — לייג זיך, סוינע-ציען, צי זיך אויס און שטאַרב. און וואָס נאָך? מענטשן וואָלטן ניט געאַקערט, ניט געזייט אויס מוירע, טאָמער וועט די ערד זיי אָנזעצן, ניט ארויסצוגעבן טוואוּע, אַפילע דאָס, וואָס זיי

1) „נאַער האָיסי, גאַם זאָקאַנטי"— אַ אינגל בין איך געווען, בין שוין אויך אַלט געוואָרן. (רעד.)

האָבן אין איר אריינגעלייגט. און אַ פּאָסעק איז דאָך דאָ, וואָס זאָגט בעפיירעש: הזורעים בדמעה, די וואָס זייען מיט טרערן, ברנה יקצרו, וועלן מיט געזאַנג שניידן! עמעס, קרעדיט איז געזייט מיט טרערן, אָבער דער וואָס מאַכט זיך הארץ, גלויבט און גיט, וועט אים גאָט באָרוך-הו באצאָלן... טאַקע, דעם אוילעמס ווערטל: ווער עס שטעלט ניט איין — נעמט ניט אויס. דער שפּיץ איז: אַ סויכער באדארף ניט האָבן קיין כאָכמע, נאָר מאַזל, דעם אייבערשטנס הילף. דער וואָס איז ניט קיין באר-מאזל, מעג ער זיך אפילע זיין אַ כאָכעם, ווי שלוימע האמעלעך, וועט ער גאָרניט מאַכן, טאַקע ווי מע זאָגט: איין אייצע וועאיין טוואונע, עס העלפן ניט קיין שום כאָכמעס אַקעגן שלעכטע קאָרטן.

אָט מיט אַזעלכע מעמרעס [1] און נאָך אזוינע פּיזמוינעס [1] פלעגט רעב אָשער אלץ איינרעדן רעפאָעלן, ער זאָל מאַכן דורך אים געשעפטלעך מיט קרעמערס, ניט צופיל איבערטראכטן, איבערקלערן, שטאַרק פארזיכערנדיק זיינע ווערטער מיט שוואועס און טויטע קלאָלעס: ער זאָל ניט אויסלעבן זיינע יאָרן, ער זאָל איינעמען אַ מיסע מעשונע, ער זאָל ניט האָבן קיין כיילעק אוילעם האַבע, ער זאָל ניט הערן שויפער שעל מאָשיעך און ניט זוכע זיין צו פירן די טאָכטער זיינע אונטער דער כופּע, אויב ער מיינט ניט אינגאַנצן טאַקע נאָר לעטויוועס האָאייסעק. גאַנץ פּאָשעט, ער מיינט ניט אַזוי דאָס מעקלעריי, ווי דאָס געשעפט אליין — דאָס געשעפט זאָל וואקסן. און זעענדיק אָבער, אַז ס'איז ארויסגעוואָרפענע רייד. רעפאָעל האַלט זיך טאַקע בא זיינס—ניין, ניין! פלעגט ער שוין פּרואוון מיט בייזן, דעהאַינע, אָנדרודלען די נאָז און מאַכן אף אים אַ מוירע מיט פוילע טנועס, אַזוי, אשטייגער:

— וואָס מיינט אזוינס זיך מאלאָסוי? מאלאָסוי מיינט, אז ער איז איינער, ניטאָ מער כוץ אים, האַ! נו, וויסן זאָלט איר, אז ס'איז דאָ, געלויבט איז גאָט, אַ מאָסקווע און אַ לייפּציג אף דער וועלט! און בעעמעס טאַקע, גרויסע נאַראָנים זיינען זיי, די גלופּסקער סאַכרים. צו וואָס טויג זיי נעמען סכוירע בא מאלאָסוי, וואָס קומט זיי אָן מיט אַזויפיל מי, מיט בויכווייטיק און אף טייערע פּרייזן, אַז דאָרט, אין יענע שטעט, בא דעם פּאָניע און דעם דייטש, גייט מען זיי אַקעגן, מע רייסט בא די פּאָלעס, בעטנדיק זיי: אַהער, אידעלעך, אהער! נאַט אייך סכוירע, בכיר און בעזיל-האזאָל! עפשער איז שווערלעך בימזומאָנים, קען מען הייבן אַ האקאָפע — נעמט, אָך, אַף קרעדיט. און אידן גייען טאַקע און נעמען. און אַז עס מאַכט זיך אַמאָל אַ קרעצל, אַ שטיקל איקעוו, הייסט עס, מע קען נישט ענטפערן צום טערמין, צאָלן, הייסט עס, איז, כאָלילע,

1) זאָגערייען, ריידערייען. (רעד.)

ניט אזא גרויסע סאקאָנע. דער דייטש און פאָניע זיינען גוטע מענטשן, זיי שווייגן. יאָ, מאלאָסוי באדארף דאָך וויסן, אַז פאָרשלאָגן דאָ שלאָג איך אים פאָר ניט יענע סאָכרים, וואָס האָבן שוין לאַנג אָפּגעטון זייער זאַך, פארשטייט איר מיך, דאָרט... נאָר אזוינע, וואָס אַדאַיען לוי האָיו בעמאָסקווע, מאלאָסוי פאַרשטייט, וואָס דער טייטש איז פון אזוינע ווערטער? דאָס הייסט: זיי זיינען נאָך ניט געווען, פארשטייט איר מיך, אין מאָסקווע, פאר זיי איז נאָך אַ מעגלעכקייט קומען אַהינצו הייבן אַ האַקאָפּע און מיט דער צייט זאָל בא זיי בלייבן אַ מאָנע-יאָפּע, אויב אזוי... איר פארשטייט, אויב אזוי זיינען זיי דאָך נישקאָשעדיק, אצינד, דאָ אפן אָרט „ראיעלע" סאָכרים... אַ קלוגן באדארף מען קיין פינגער אין מויל ניט ארייגלייגן, ער פארשטייט אפן ווינק.

אויך אזעלכע שארפע ווערטער האָבן ניט געהאָלפן.

---

## דאָס צווייטע קאַפּיטל.

רעפאָעל האָט געגעבן סכוירע די קרעמער, ווי דער איינפיר איז, אף אַ צייט פון עטלעכע כאַדאָשים אף וועקסלען נאָר פון גרויסע באָטוכים, וואָס זייערע וועקסלען איז באַלד טאקע אין דער הייסע רעגע געווען גרינג אָפּצוסקאָנטירן. אַי וואָס? עס איז דערביי צו פאַרלירן היפּש פּראָצענט, דאָס האָט אים נישט געאַרט, אַבי דאָס געלט איז שאָלעם בעקעשענע און ער קען רואיק שלאָפן. און אַזעלכע סקאָנטעס האָט ער געהאַט מיט לייבצע דעם רויטן — א איד א נאָגיד און א פּראָצענטניק אין גלופּסק.

ווי דער וועלט איז באַקאַנט, איז לייבצע דער רויטער, מיט א בלייך פּאָנים, א לאנגע נאָז און א קורץ בערדל, דאָס שיינדל אין גלופּסק, מיט וועלכן זי נעמט זיך איבער פּאַר א וועלט מענטשן.

— נאַט, הייסט עס, קוקט אָן דאָס נעפּעש מיינס, די שיינע צורע, די ארבעט מיינע!

לייבצע איז איינער פון יענע לייט דאָרט, וואָס קוואָקען אויס אף פיינע בריעס, אריינצוטרעטן אין דער געוויסער קנופּיע, וואָס גיט פון זיך ארויס פאַר דעם פאָלק איסראָעל די אַלערליי גאַבאָים, פּירער, קאָכלעפל, מאַכערס, טוערס, טענצערס, אייצע-געבערס, נאָך און נאָך אַזעלכע פיינע פאַרשוינען, צו פאַרזאָרגן אונז, אָרעמע אידישע קינדער, גאָר אומגעבעטן, מיט מעשונע ווילדע טויוועס. געוויינטלעך זיינען זיי דימענטענע מענטשן, וואָס נעמען בא יענעם די נעשאָמע אַרויס מיט גוטן. זיי זיינען, דאַכט זיך, גאָר אָן אַ גאַל, און האָבן אין דער נאָז פּליי. אידיש געלט, וואָס געפינט זיך בא זיי, איז זיי טייער, נישט אויס-צוגעבן דערפון אַף קיין שום באַדערפעניש, נאָר אַף זייערע אייגענע אַליין. אף קאָוועד זיינען זיי מויכל, אָבער נאָר אף יענעמס. זיי זיינען גרויסע באַלצדאָקעס, אָבער נאָר איבער א פרעמדער קעשענע, זיפצן, קרעכצן אף קלאַל-איסראָעל — אַך, אף וואָס די וועלט שטייט, נאָר קאָסטן זאָל עס נישט קיין גראָשן. אידישקייט, מאַכטייסע, איז זייער טייער, נאָר א מינדסט אייגן אינטערעסל איז נאָך טייערער.

לייבצע דער רויטער שניידט זיך אַף א פיינע בריע און לעכצט שטאַרק אַריינצוטרעטן מיט א פוס צווישן די בערן. קיין לאַמדן איז

לייבצע נישט געווען. נאָר עט, וואָס מאַכט עס אויס! אַ מאכער אין שטאָט ווערט מען נישט אַזוי צוליב טוירע, ווי צוליב סכוירע, אַדעראַבע, טוירע איז געוויינטלעך גאָר א כיסאָרן — טאַקע דעריבער ווייל דו קענסט לערנען, קענסטו נישט אויסגעקליבן ווערן בא אונז אין כעוורע.

באַפּאַלן מיט קינדער איז לייבצע דער רויטער נישט געווען. ער האָט געהאַט נאָר צוויי טעכטער, איינע, די עלטערע, כאַנצע, אַ בילד־שיינע, און איינע אַ מיעסע, נאָך גאָר א קינד. יענטל, לייבצעס ווייב, א בייכיקע אידענע, איז באַ זיך אין שטוב דער גאַנצער קאָפּ — קלינגט שטענדיק מיט א בונד שליסעלעך, א שיין קניפּל. זי פירט זייער א גוט לעבן: עסט, אָן איינאָרע, שלאָפט, טוט זיך וואויל, איז פעט, באַלייבט, און פונדעסטוועגן כאַפּט זיך איר עפּטערס פונם מויל אַרויס אַ זיפץ, א קרעכץ. זי קלאָגט זיך אין אַ שמועס מיט באקאַנטע ווייבער, קלאַפּנדיק זיך אַלץ אין האַרצן, אַנווייזנדיק, אַז אָט דאָ, דאָ האָט זי א וואונד, שאָקלט מיט דעם קאָפּ, פאַרגלאָצט די אייגעלעך, אלץ טאַינעס צום ריבוינע שעל אוילעם:

— אוי, אַ זון, אַ קאדעש.

זי האָט שוין איבערגעטון אַלע מיטלען, וואָס אין דער וועלט, אױבערגעהאַט אייסאָקים מיט רויפים, דאָקטוירים און מיט וועמען איר ווילט. ווילט איר אַלטע גויעס — איז אַלטע גויעס; ווילט איר באַלשעמס, טאָטערס, לעהאַוודל — איז באַלשעמס, טאָטערס, לעהאַוודל, און וואָס?

— גאָרנישט!...

די ווייבער מאַכן א ראַכמאָנעס פּענימל, שאָקלען איר אויך צו מיט דעם קאָפּ, נעמען פונם קיבעד, וואָס יענטל שטעלט פאַר זיי, קייען עס פאַמעלעכן מיט כיין, טרייסטן זי, נעבעך, און אין די אייגעלעך שטעלן זיך זיי טרערן.

— איך אַליין, — אַזוי איז דער שטייגער יענטלס געווען זיך צו קלאָגן, — אַז איך אַליין, ווי איז מיר, ווינד איז מיר, בין אַזוי געשטראָפט, אַזוי אומגליקלעך, נעבעך, לאָמיך־זשע כאָטש נאַכעס האָבן פון די טעכטער, זויכע זיין באַ דעם וואָס לעבט אייביק, טאַטע־פאָטער, „רחום" [1]), „צדיק" [2]), איינגיכן די עלטערע טאָכטער אונטער דער כופּע פירן און דערלעבן פון איר איינגלעך־אייניקלעך...

— אָמיין. האַלעוואי, ריבוינע שעל אוילעם, — פלעגן איר אָפּענטפערן די ווייבער, פאַרוואַרפנדיק די אייגעלעך און מאַכן דערביי אַזעלכע מעשונע פאַרקרימטע צורעס, גלייך ווי זיי וואָלטן איבערגליקלעך געווען, מאַמעש ווי ניי געבוירן ווערן, ווען האַשעם־איסבאָרעך זאָל זיך

1) „ראכום" — דערבאַרעמדיקער. 2) „צאַדיק" — גערעכטיקער. (רעד.)

דערבאַרעמען אַף יענטלען, נעבעך, און זי בענטשן מיט אייניקלעך־אינגלעך. אז ניט, וועלן זיי עס נישט אויסהאַלטן, כאַס וועשאַלעם !...

דעריבער, קוים איז כאַנצע פון די קינדערשע שיכלעך אַרויס, נאָך זייער יונג, האָט שוין יענטלען זיך שטאַרק פארגלוסט אַ כאָסן פאר איר, — עפעס אַזא מין פאַרגלוסטן זיך, מער ווי דער שטייגער איז פון אַלע ווייבער, מאַמעס, וואָס גלאָט דער איניען כאַסענע אליין, צונויפירן זיוואוגים, קינדער כאַסענע צו מאַכן, איז עפּעס טאַקע גאָר א ברענענדיקער יעיצער־האָרע באַ זיי... יענטל האָט געברענט, געאַרבעט אַף אלע קיילים, געדולט דעם מאַן אַ קאָפּ טאָג ווי נאַכט:

— געוואלד, אַ כאָסן, א שידעך פאַר דער טאָכטער !

נאָר לייבצע אָבער האָט זיך נישט אַזוי שטארק געהיצט, ער איז געווען אין שידוכים א גרויסער איבערקלייבער. אים האָט זיך געגלוסט אַן איידעם מיט אלע מאַילעס: אַ זיידן קינד, א גוטס, א פרומס מיט א וואויל קעפל, פון א געהויבענער מישפּאָכע, איינגעטונקט אין איכעס, אַז גאָט און לייט זאָלן אים מעקאַנע זיין. לייבצע האָט, ווי א סויכער, געזוכט אין א שידעך א געשעפט: איינצוהאַנדלען פאר זיך, אויך פאר זיין טאָכטער אַ סכוירע, עס זאָל גוט זיין פארביידן. עס האָט אים געפּאַסט צום אייסעק זיך מעשאַדעך צו זיין מיט בערן; איינקויפן זיך אין דער גילדענער פּאָן, הוילע צימעס. ער האָט געזוכט, געזוכט און דערטאַפּט לעסאָף דעם אַנטיק — דערטאַפּט אַ בענציע, א בלייך באָכערל, א דאַרס, מיט אן אויסגעוויקט פּענימל, ערשט באַר־מיצווע און שוין א קאַנדידאַט אַף מערידן — האַקלאַל, אַ טאַכשיט, ווי געוואונשן.

כאַנצע ווערט, לעמאַזל, א קאַלע און צו פופצן יאָר אַן איישעס איש, אַ פלויניסטע. זי זיצט מיט „אירן" באַם טאַטן אַף קעסט.

דאָס „מאַנדעלע" איז אן איידעמל מיט אלע פּישטשעווקעס: עס גייט זיך פרימאָרגנס טאָג־טעגלעך אין קלייזל דאַוונען, באַלאָדן מיט א טאַלעס־און טפילן־זאַק, גרויס ווי ער. קומט אן אָפּגעדאַוונטער צוריק, קושט די מעזוזע, זאָגט אין דער וועלט אריין: [גוט מאָרגן]! מער קיין וואָרט. וואַשט זיך, זאָגט „שאו ידיכם", „המוציא" — און עסט. אָפּגעגעסן — גייט עס זיך באלד טאַקע ווידער אין קלויז לערנען און קומט מיטאָג־צייט נאָך א מאָל עסן. אָפּגעגעסן, ווייטער אין קלויז, קומט אַף דער נאַכט צוריק, קושט די מעזוזע, זאָגט אין דער וועלט אריין: אַ גוטן־אָוונט! איז מעקאַיעם אכילעס־קעסט, עסט אָפּ, בענטשט, לייענט קרישמע און גיכער אין בעט אריין—שלאָפן. עפעס שמעקט עס טוכלע, גיט זיך נאָך מיט באַלעבעסל, גאָר א דערקוויקעניש.

לייבצע האָט האַנאָע, יענטל איז זיך גאָר מעכאַיע, און כאַנצע איז זיך דערווייל ווי פריער טאַקע כאַנצע — גאָרנישט... נאָר מיט א צוגע־

דעקטן קאָפּ. אַ שטיקל פאַרענדערונג אין איר פון נאָך דער כאַסענע איז יאָ דאָ — עפּעס שעמט זי זיך, דערוועט זי אים, אירן, הייסט עס, לאָזט זי אַראָפּ די אויגן. פאַר פרעמדע איז נאָך ווי-ס'איז, נאָר פאַר באַקאנטע ווערט זי פּייער-רויט און זוכט ווי אַנטרונען צו ווערן. עפּעס איז איר פריקרע. וואָס ? — דאָס איז שוין איר סאָד. די באַקאנטע פלעגן צווישן זיך איבערווינקען זיך מיט א שמייכעלע, גלייך ווי גערעדט : מיר פאַרשטייען. די מאַמע פלעגט זי געוויינטלעך, באַם אַנטרונען ווערן, באַגלייטן מיט א מילדן בליק, דערביי אויך שמייכלען, שמעלצנדיק זיך, און צושאָקלען מיט דעם קאָפּ.

רעפאָעלן פלעגן מיטברייינגען די געשעפטן זיינע קומען אָפטער צו לייבצען אין הויז. באַם ערשטן מאָל זען פונדערווייטנס רעפאָעלן דורך דער אָפענער טיר אין טאַטענס כיידער איז ער כאַנצען פאָרגעקומען עפּעס מעשונע ניי — דאַכט זיך א מענטש, א נאָז מיט אויגן, נאָר עפּעס אן אנדער מין ! אַן אנדער רעדן, אן אנדער באַנעמונג, אן אנדער קליידונג, אלצדינג אנדערש ווי בא יענע, וואָס זיינען איר צו די אויגן געקומען דאָ אין גלופּסק ביז אהער. זי האָט הינטערווילעכס געוואָרפן אייגלעך אף אים, נישט מיטן מיין, כאָלילע, האַנאָע צו האָבן, עס האָט זיך איר געגלוסט, — ניין, נאָר גלאַט אַזוי זיך א קוקעלע — עס האָט זיך עפּעס געקוקט... די אויגן האָבן זיך געקוקט און אין קאָפּ באַ איר איז נאָך נישט געווען פאַרטיק קיין פּיצל מיינונג איבער אים. מעגלעך, אין א קורצער צייט אַרום וואָלט זי אים אינגאנצן פאַרגעסן, ווען נישט דער טאַטע אירער, וואָס פלעגט זייער אָפט מאכן א רעד וועגן אים אין שטוב, לויבנדיק אים אין טאָג אַריין, אזוי, אשטייגער :

— אָ, דערעכערעך, זאָג איך אייך, פאר דעמדאָזיקן יונגנמאַן, אָט-אָ ! ער איז אַ דורכגעטריבענער, קלאָר אין אייסעק מיט אלע אָפּשניצלעך. דריידעלעך דרינגען. איך בין זיכער, אז מיט דער צייט וועט ער וואקסן, וואקסן, העט-העט ! און נעמען א קאלע גאָר מיט גרויסע אלאָפים. געדיינקט מיין וואָרט... א שאָד נאָר, אוי, אוי — זיפצט לייבצע, קלאפּנדיק מיט א פינגער זיך אין שטערן — וואָס ער איז אביסל דאָס... ווי הייסט עס בא זיי, בא די היינטיקע דאָרט — „אופגעיוירן”, צו אלדי שווארצע יאָר ; נאָר, בא... נישקאָשע... דאָך א כילעק. נישט ווי יענע אָרעמע באלאוויירעס. אויך מיר מענטשן, משטיינס-געזאָגט — קאבצאָנים !... ער אָבער, די קאפּאָרע מעגן יענע פאר אים ווערן, ער איז א סויכער, ווייסט צו פארדינען א קערבל, אָט וואָס ! א מענטש איז ער, א מענטש, וואָס א מענטש הייסט, מיט א קאָפּ צום האנדל !... איר פארשטייט ? אזעלכן קומט א קאלע, א קאלע מיט א שיינעם, א שיינעם נאדן.

דידאָזיקע שוואָכים זיינען פונם טאַטנס מויל אין דער טאָכטערס אויערן אַריין, גאָר נישט צו דיינקען, וואָס ער אַליין האָט זיך דערמיט אָנגעמאַכט — א גאנצע איבערקערעניש אין שטוב בא זיך, נישט פאַר אידישע קינדער געדאַכט. פון לייבצעס דאָזיקע שוואָכים הייבט בא כאַנצען אָן צו ארבעטן דער מויעך. דאָרט אין קאָפּ בא איר, וואו ביז אַהער איז געווען רואיק, שטאָק-טונקל, הייבט אָן פּלוצלים צו טאָגן — עס האָט זיך אופגעכאַפּט פונם שלאָף דער יונגער סייכל, מיט אים האָבן זיך אויך גערירט געדאַנקען און זיך גענומען צום אייסעק: אַלצדינג צו באַטראכטן, צו פרעגן, וואָס באַטייט דאָס, וואָס יענץ, צו באַטראַכטן מענטשן מיט זייערע גיינג און אָפּגעבן זיך א רעכענונג, וואָס ס׳איז שיין, גוט, און וואָס ניין. עס ווערט אַפּאָרגענומען רעפאָעל, כאַנצעס געדאנקען ארבעטן, דרייען זיך ארום אים, באקוקן זיין פּאָנים, זיין געשטאַלט, אַלצדינג, ווי ער שטייט און גייט. עס שטעלט זיך פאָר צוגלייך אויך בענציע, אַזוי ווי ער איז, משטיינס-געזאָגט, מיט דעם פּעניצל, מיט די צנאָטעלעך, מיט די אלע טנועלעך זיינע, און זי פאַרקרימט זיך עפּעס א שרעק. זי קערט זיך אין די געדאַנקען אירע אום ווידער צו רעפאָעלן, טראַכטנדיק בא זיך: יאָ, ער איז שיין! יאָ, טאַטע, דו האָסט טאַקע רעכט — ער איז בעסער, קליגער, קיין פאַרגלייך! פונם קאָפּ רופּס זיך עס אָפּ אין האַרצן — עס טוען זיך א נעם געפילן, עפּעס צופּט עס, צופּט; מאָנטעט בא דער נעשאָמע. דאָס הארץ גיט אָנצוהערעניש — און כאַנצען פארווילט זיך אים נאָך אַמאָל זען. אוי, כאָטש נאָר א וויילע אַ קוק טון אף אים. נאָר אַנשטאָט „אים" קומט, ווי געוויינטלעך אלע טאָג, „אירער", משטיינס-געזאָזט, מיט זיין קושן די מעזוזע און מיט דעם שיינעם „גוט מאָרגן" זיינעם. זי לאָזט אַראָפּ בא זיין אריינקומען די אויגן, נאָר דרינען ליגט נישט מער קיין שעמען זיך, דאָס, וואָס פריער, ניין! דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש — עס קומט איר אויס עפּעס פּע, עס שלאָגט צום האַרצן... און באלד טאַקע ווערט זי מיט זיך נישט צופרידן, האַלט עס פון איר זייט פאַר א גרויס אומרעכט — סטייטש, אַקעגן אַ מאַן! ווי קומט עס אזוינס צו א אידישער טאָכטער?

זי טוט זיך אָן א קויעך די זינד צו פאַרגלעטן, דאַפּקע טון אף אים א בליק, ווייזן אַ פריינטלעכע מינע. קוים אָבער פּויעלט זי עס בא זיך, אָט אין דער רעגע טאַקע קומט איר, מאַיסע-סאָטן, אַפּן געדאַנק, עפּעס גאָר ווי אף צעלאָכעס — „ער", רעפאָעל! כאַנצע איז מיט זיך אַליין צעדרייט, נישט רעכט צו פאַרשטיין, וואָס איז איר אַזוינס געשעען? זי זוכט זיך אויס אַרבעט, ביכדיי דעם קאָפּ זיך צו פאַרשלאָגן, מישט זיך אין דעם באַלעבאַטישקייט, כאַפּט זיך צו אזעלכע מעלאָכעס,

וואָס זי האָט גאָר קיינמאָל נישט געטון. די מאַמע קוועלט גאָר אָן פּאַר גרויס פרייד און גיט איר אונטער כּיישעק:

— אַזוי, טאָכטער, אַזוי, לערן זיך, נעשאָמע מיינע, זיין אַ באַלע-באָסטע מיט „דיינעם" ביז הונדערט מיט צוואַנציק יאָר!

כאַנצע שטייט זיך איינמאָל אַליין אין שטוב פרימאָרגנס, קיינער כּוץ איר איז נישטאָ. זי טראָגט א דינס, אַ שניי-ווייס באַטיסטן קאָפּ-טעלע, צוגעפּאַלן צום לייב, מיט א געשטיקט קרעגנדל, פעסט געשפּי-לעט ארום אַ קלאָר, ווי פון עלפענביין אויסגעטאָקט העלזעלע; דאָס יונגע פּענימל מאָלע כּיין, בלוט און מילך, א מיילכן — נאָר צו מאָלן, שווארצלעכע, ברענענדיק-פייכטלעכע אויגן לויכטן ארויס פון געדיכטע ברעמען, ווי אַ פּאָר ברילינאַנטן. אַפן קאָפּ א זיידן טיכל, אַרויסגערוקט אַביסל, אזוי, אַז עס קוקן ארויס ביגנייוועו האָר.

זי איז באַשעפטיקט מיט איבערווישן גלעזער, שעלכלעך, אויס יועלכע מע האָט געטרונקען טיי, און ווי זי נעמט זיך אויסשטעלן זיי אַף זייער אָרט אין בופעט, קומט אַריין אין שטוב רעפאָעל. זי קערט אויס דאָס פּאָנים, טוט אַ קוק און ווערט צעמישט. רוקט געשווינד אַראָפּ דאָס טיכל קימאַט ביז די אויגן, שטייט ווי אַ נעכטיקע און שווייגט.

רעפאָעלן גיט עס עפּעס אַ נעם. ער זעט פּאַר זיך אַ שיינהייט, נאָך גאָר אַ קינד — און שוין מיט אַ צוגעדעקטן קאָפּ! ער שטייט אַ ווײַלע אויך אָן ווערטער און איז פאַרגאַפט. באַלד געפּינט ער זיך, וויטעט זיך מיט איר גאַנץ איידל, מיט דערעכערעץ, אַף דעם נייעם שניט, און פרעגט זיך אַפן פּאָטער. נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען איר ענטפער, אַז דער פּאָטער איז ניטאָ אינדערהיים, טוט ער זי ווייטער אַ פרעג, אויב ער וועט באַלד קומען. זי טראַכט ענטפערן: „ניין", נאָר ניט ווילנדיק כאַפּט זיך איר פונם מויל אַרויס „יאָ" און בעט אים זיצן. וואונדערט זיך דערנאָך אליין דערויף, וואָס זי האָט דאָ געטון, לעמאַי האָט זי אים פאַרהאַלטן, געבעטן זיצן, נאָר פאַרפאַלן.

אויך די אייגענע מאַיסע טאַקע מיט רעפאָעלן. איידער זיך רעכט צו באַדיינקען, זיצט ער שוין אַראָפּגעלאָזן די נאָז, ווי דער גוטער יאָר וואָלט אים גענומען און אַנידערגעזעצט אַפן ביינקל. אין קאָפּ פּיקט זיך אים אין איין פּיקעניש: קום, באָכער, הייב זיך אוף און קום, זיי ניט קיין לעקיש! און דאָס האַרץ אָבער דערלאָזט אים ניט אַוועקצוגיין, אַלץ: זיץ, זיץ, נישקאָשע! די האַנט דערווייל גייט פון זיך אַליין אין בוזעם-קעשענע, נעמט און דרייט אַ פּאַפּיראָס.

כאַנצע איז גערן כאָטש מיט וואָס ס'איז צו דינען און טראָגט אונ-טער אַ פּעקל שוועבעלעך. רעפאָעל דאַנקט, זוכט אויס עפּעס אַ געשפּרעך, טכילעס גייט עס עפּעס שווערלעך, קורץ, איבערגעהאַקט, עס קלעפּט

זיך ניט, ער אַלץ מיט שאַילעס: איין מאָל אַ פרעג, ווייטער אַ פרעג, גלאַט אַזוי זיך פון דער העלער הויט, און זי אַלץ: „יאָ", „ניין", אַ שאָקל מיטן קאָפּ. נאָר וואָס ווייטער-ווייטער שפּינט זיך דאָס געשפּרעך שוין גרינגער, לייגנער. עס קומט צו רעד פונם גלופּסקער אוילעם אידן: אידלעך אזוינע, פּראָסטע, אָן כאָכמעס, ניט קיין געמעלאָכעטע, און אידלעך מיט כאָכמעס, געמעלאָכעטע, אַזוינע און אַזוינע... כאַנצע אינ-טערעסירט זיך צו וויסן, אויב ער איז נאָך פון יענע „אופגעיוירענע", „אַריסטאָקראַטן", ווי זיי הייסן, און אַז זי האָט געזעען, ווי באַם דער-מאָנען נאָר זייער נאָמען האָט רעפאָעל זיך פאַרקרימט אַזוי, וואָס האָט געהייסן ערגער נאָך ווי געשאָלטן זיי אין טאַטן אַריין, איז זי עפּעס לעבעדיקער געוואָרן.

— דער טאַטע מיינער, זאָגט זי, האָט זיי אויך ניט ליב, אָנקוקן קען ער דידאָזיקע לייט ניט.

— אַ-אַ, דער טאַטע! — מאַכט רעפאָעל, פאַרדרייענדיק די נאָז, ווי אירע ווערטער האָבן אים שטאַרק ניט געשמעקט — דעם טאַטנס ניט קע-נען אָנקוקן איז עפּעס גאָר אַנדערש.

כאַנצע שטעלט אויף די אויגן אַף אים פאַרוואונדערט, גלייך ווי זי פאָדערט, ער זאָל איר דערקלערן, וואָס באַטייטן זיינע ווערטער.

רעפאָעל אָבער האָט איינגעזעען, אַז אַצינד איז ניט די געלונגענע צייט אַריינצולאָזן זיך דאָ מיט איר אין אַ טיפן שמועס, וואָס איז פאַר איר טאַרגום. ער מאַכט זיך דעריבער טאַם, קלוימערשט פאַרשטייט ער זיך ניט אפן וואונק, וואָס זי קוקט אַזוינס אַף אים, און מאַכט אַ שמועס גאָר איבער עפּעס אַנדערש.

אינמיטן דריבער, ווי זיי שמועסן דאָ זיך ביידע, טוט זיך אָן עפן די טיר — און עס ווייזט זיך אַ גרויסער טאַלעס-און טפילן-זאַק, פון אַ בען-פּעקוע-פעלכן, ארומגעלאָמעוועט מיט בלויע קרייקעס, אַף וועלכן ס'איז אויסגענייט עפּעס ווייסע צייכנס פון אַ פאַבריק און ציפערס פונם יאָר. נאָך דעם טאַלעס-און טפילן-זאַק ווייזט זיך אַ הענטל, עס טוט אַ שמיר די מעזוזע. נאָך דעם שמיר הערט זיך אַ קוש, נאָך דעם קוש ווייזן זיך פיסלעך — און אין שטוב רוקט זיך אַריין מיט אַ מעשונע-ווילדן „גוט-מאָרגן" אַ קליין יונגערמאַנטשיקל, אַ דאַרס, אַ בלייכס אין אַ לאַנגער לאַסטינקענער קאַפּאָטע מיט אַ יאַמשענעם שטעקעלע אין דער האַנט.

בענציע וואַרפט אַ בליק אַף כאַנצען, אַף רעפאָעלן, ווערט רויט, ווי אַ אינדיק, און לויפט דורך געשווינד די שטוב מיט די פיסעלעך, שטאַרק אופגעבראַכט, צו זיך אין אַלקערל אַריין.

אין דעם בייזן בליק זיינעם איז ניט געלעגן דאָס, וואָס מע רופט „פעפערזיכטיק", כאָלילע! ווי קומט עס צו אים? פרעגט אים בעכיירעם

אַזוינס גאָר צו טראַכטן. כאָלעמען וואָלט זיך אים אַפּילע ניט געקענט אַזעלכס... נאָר וואָס דען? אים האָט אונטערגעטראָגן גלאַט אַזוי, גאָר אָן אַלע כאָכמעס, דאָס שמועסן אירס מיט אַ מאַנסביל, איר זיצן מיט אַ מאַנסביל אָן אַ שוימער, דאָס אַליין איז אַן אַוויירע: גויע, מע טאָר ניט! ס'איז דאָ בעפּיירעש אַ דין... פּונקט אַזוי וואָלט אים אויך געאַרט אַ פליישיק טעפּל באַם פייער נעבן אַ מילכיקס, ס'איז ניט רעכט, נאָך אײדער עס קען גאָר ווערן אַ שאַילע.

כאַנצע איז באַ בענציעס אַרײַנקומען געבליבן זיצן, ווי אָפּגעבריט פאַר בושע. אַ גאַנצער קנויל פון פאַרמישטע געפילן האָבן זיך אינעווייניק אין איר געפּלאָנטעט. גלאַט „מאַן" פאַר זיך אַליין, ווייל אין דעם נאָמען ליגט אַזוינס, וואָס מע טאָר ניט זאָגן, איז עפּעס פריקרע, אַ בושע פאַר לייטן, און ביפראַט נאָך אַזעלכער, ווי בענציע. ס'איז איר אַ כאַרפּע, אַ בושע דאָס אַרײַנקומען זיינס, זיין געשטאַלט, אַלץ מיט אַנאַנדער, מישטיינס-געזאָגט. עס אַרט זי, וואָס דיינקט וועגן אים רעפאָעל, וואָס פאַר אַ מיינונג האָט ער איבער איר שלימאַזל? באַלד איז זי ביין אַף זיך אַליין, סטייטש, וואָס געהער זי זיך אָן מיט דעם, מיט אַ ווילדפרעמדן מענטשן? לאָז ער זיך דיינקען וואָס ער וויל, אַלציינס. נאָך מער, זי פילט זיך נאָר באַליידיקט פאר דעם מאַן, איז אין קאַס, פאַרוואָס זאָל יענער דיינקען פון אים שלעכט. ער איז דאָך פאָרט אירער. עס פארדריסט זי, צו וואָס האָט זי דעם פאַרשוין דאָ פאַרהאַלטן. וואָס וויל זי, וואָס פאַרלאַנגט זי? און טאַקע צוגלייך דערמיט פילט זי, ווי עס ציט איר עפּעס דאָס האַרץ, עס ציט, ציט אַ שרעק! ס'איז אינעווייניק אין איר אַ קאָכעניש, אַ פּלאָנטעניש, זי מינעט זיך, די פאַרבשטייט איר אין פּאָנים—און זי איז וואונדער-שיין, שענער נאָך ווי פריער.

רעפאָעל פארשטייט איר לאַגע, פילט זיין שולדיקייט, אַז איצט וואָלט גלייך געווען זי לאָזן צורו. ער רייסט זיך, רייסט זיך אַוועקצוגיין, נאָר אומזיסט, ער קען פון איר די אויגן ניט אָפּרייסן — ביידע זיצן ווי אף שפּילקעס און שווייגן.

אַ שנייצן די נאָז, ברייט, אַף אַ קאָל, ווי פון אַ שויפער, לאָזט זיך הערן אַף יענער זייט טיר, אָנזאָגנדיק די בסורע, אַז אָט גייט לייבצע. דערזעענדיק רעפאָעלן באַם אַרײַנקומען אין שטוב, איז לייבצען ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. ער האָט זייער גוט געוואוסט, אַז רעפאָעל קומט אַנדערש ניט, סיידן ס'איז דאָ אַן אייסעק, און דאָס ווילט זיך אים דאָך טאַקע זייער שטאַרק, האַלעוואַי עפּטער אייסאָקים מיט רעפאָעלן, וועט ער דאָך פאַרדינען.

— אָ, אַ גאַסט! מע באדארף מאַכן שעכעיאָנו, אָוואַ, אַזאַ צייט, אַזאַ לאַנגע צייט ניט געווען בא מיר אין שטוב! האַ, וואָס איז די מאַיסע,

וואָס? ניט שיין, רעב רעפאָל, ניט שיין—מאכט לייבצע, קלאפנדיק מיט אַ פינגער די נאָז – אַדעראבע, זאָגט, טוט מען עס אַזוי אַ פריינט, וואָס האָט אייך עמעס ליב, האַ? בענעמאָנעס! איך האָב זיך שוין שטאַרק מעצאַער געווען, אַלץ איבערגעטראַכט, עפשער האָב איך מיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט, נאָר האַשעם-איסבאָרעך איז מיין איידעס, אויך מיין ווייב און מיין טאָכטער דאָ, וואָס איר זעט, אַז איך בין ריין פון שולד, אַדע-ראַבע, פאַרקערט... אוילעם אומלויע האַלט איך פון אייך[1]. אַיאָ, כאנצע, וואָס זאָג איך טאָמיד, הא, אַף רעב רעפאָעלן? — מיילע נו, פאַרפאַלן. וואָס געווען, איז געווען, אַצינד פריי איך מיך בעעמעס, וואָס איך זע אייך, זאָל מיר גאָט אַזוי העלפן בעכאָל אַשער עפנע[2]. נו, זאָגט-זשע מיר קוידעמקאָל, ווי גייט עס אין געזונט, אין די געשעפטן, האַ?

— געלויבט דער אייבערשטער, גוט! — זאָגט רעפאָעל — געשעפטן זיינען דאָ זייער פיל און אָט בין איך טאַקע אַצינד געקומען וועגן גע-שעפט.

— אַי-אַי, אויב אַזוי, קומט-זשע אריין צו מיר אין כיידער, — זאָגט לייבצע מיט אַ שיינענדיק פּאָנים פאר גרויס האַנאָע, —קומט, זייט מויכל, און מיין טאָכטער וועט זיך מאַטריעך זיין צוליב דעם גאַסט אַריינטראָגן אונז אַהינצו אַביסל מאַשקע מיט פאַרבייסן, אַיאָ, כאַנצע? אָדער עפשער איז דער מאַן דיינער שוין געקומען פון בעסמעדרעש און דיר גלוסט זיך אַביסל פאַרברייינגען מיט אים, האַ, וואָס שעמסטו זיך, כאַנ-צע? — כאָכמעט זיך לייבצע פאר גרויס סימכע, נאָכקוקנדיק מיט איין אויג כאַנצען, וואָס איז אַוועקגעגאַנגען שטאַרק פאַרשעמט, מיט דעם אַנדערן ווינקענדיק צו רעפאָעלן, און איז מיט אים צו זיך אין כיידער אַריין.

---

1) איך האַלט פון אייך אַ וועלט. 2) וואוהין איך וועל זיך קערן. (רעד.)

# דאָס דריטע קאַפּיטל.

יענע צייט, מיט אַ יאָר פערציק, פופציק צוריק, האָט אין דער וויס-טער, פינצטערער נאַכט פונם אידישן לעבן בּאַ אונז אין לאַנד אָנגעהויבּן צו שיינען אף טאָג. אַ פריש ווינטעלע האט א בּלאָז געטון פון מאַירעוו-זייט, צעטריבּן די געדיכטע וואָלקנס איבער דער איינגער אידישער גאַס און די בּילדונג האָט ווי דער מאָרגנשטערן אַריינגעשיקט אויך אַהין פון אירע שטראַלן. אַ קליינער טייל אידן זיינען מיט דעם בּאַגין אופגע-שטאַנען לערנען, צווישן זיי אַזעלכע, וואָס די אויגן נאָך פאַרשלאָפן, נישט רעכט בּאַ די געדאַנקען, האָבּן ווי די פאַרדולטע זיך געיאָגט, גע-וואָרפן אין אלע זייטן, און פאַר גרויס איילעניש דערווייל געבּראָכן, אומגעוואָרפן, אָנגעמאַכט שאָדן. דער איבּעריקער אוילעם האָט זיך נישט גערירט פונם אָרט, זיך געבּייזערט און געמורמלט, וואס מע שטערט אים דעם שלאָף...

ס'איז אַ קריגעריי, אַ געווערטלעריי צווישן בּיידע צדאָדים: די רופן יענע „פעפערס”, פוילע — פאַרלעגערטע—צוגעלעגערטע סכוירע, אונטער-לאָזנדיק זיי אונטער דער נאָז פאַנפעס, און יענע—ניסן, קייכן, שרייען: שקאָצים, הולטאַיעס! די יאָגן אַלץ ווייטער, ווייטער אַרויס אין דער פרייער וועלט אַריין, מיינענדיק, עס שטייט זיי פאַר דאָרט גליקן, און יענע אף די געלעגערס גיבּן אף זיי א מאַך מיט דער האַנט: נאַראָנים! איר וועט כאַפּן אַ קלאַפּ, וועט שפעטער, נישקאָשע, קומען ווי די אָפּגע-שמיסענע צוריק מיט אַראָפּגעלאָזטע נעז! בּיידע צדאָדים האַמפּערן זיך, איינער דעם אַנדערן טוט אין דער גאַל אַריין, ס'איז אַ צערייסעניש, אַ צעפּאַלעניש, קידער-ווידער!...

מער פון אַלע האָבּן עס געפילט די יונגע פּאָר־פּאָלקן, פּאַר זיי איז די בּילדונג-שמילדונג געווען אַ סאַם — עס האָט אָנגעמאַכט א דרייעניש, זיי אויסגעקייקלט. בּאַלעבּעסלעך וואַרפן אַוועק זייערע פּלויניסטעס, לויפן בּיגנייווע ערגעץ אַוועק — לערנען. יוגנטן וואַרפן אַן אומכיין, שפּייען קלעק אף זייערע מאַנעלעך — צוציקעס, וואַרפן אַראָפּ די שלייערס און ווערן פּריצעס. איידעמלעך פון בּענציעס סאָרט קריכן אויס ווי די מייז, אַ מאַגייפע אף זיי, נישט דאָ געדאַכט.

מע זאָל זוכן אַף באַלאַנעס אין די מעטריקע-ביכער פון יענער צייט, וואָלט זיך גאַנץ זיכער דערוויזן, אַז אַזויפיל געטן ווי דענסטמאָל איז צווישן אידן קיינמאָל נאָך נישט געווען.

רעפאָעל האָט מיט זיין אַריינגאַנג צו לייבצען אין שטוב פאַרטראָגן די קריינק פון יענער צייט — כאַנצע נעמט זיך אָן און באַקומט היץ!... עס דרייט זיך איר דער קאָפּ, עס בייט זיך איר דער געשמאַק, דאָס, וואָס פריער איז איר געווען ליב, איז אַצינד פּע, וואָס אַמאָל גוט, היינט שלעכט — די אַלע גוטע סימאָנים פון יענער פאַרשלעפּטער קריינק, נישט היינט געדאַכט! בענציע איז איר פריקרע, איבל ווערט איר א קוק טון אַף אים. רעפאָעלן געפעלט כאַנצע אַלץ וואָס ווייטער מער, ער זוכט אויס צייט צו זען זיך מיט איר, ווען זי איז אַליין. ער גיט איר איין סייכל, פאַרבריינגט מיט איר די צייט אין א קלוג געשפּרעך, זי כאַפּט אוף זיין איטלעכס וואָרט, עס כאַפּן זיך בּאַ איר אוף נייע געדאַנקען, פרישע געפילן, עס קאָכט זיך, קאָכט, זי ווערט צעקאָכט און צו אים צוגעקאָכט. רעפאָעל האָט אָנגעצונדן אין כאַנצעס האַרץ א העליש פייער און אַליין אויך געברענט צו איר — נאָר דאָס פייער איז דערווייל בּאַ ביידע געווען פאַרבאָרגן, איטלעכער באַזונדער פון זיי האָט עס געשטיקט אין זיך, געברענט שטילערהייט.

רעפאָעל, אַ מענטש מיט יושער, מיט פאַרשטאַנד, געניט אין דער וועלט, האָט אַלצדינג איינגעווענדט פון זיין זייט דאָס פייער פון אָנהייב צו לעשן. ער האָט זייער גוט באַרעכנט, ווי ווייט אומעגלעך עס איז אַף דעם גלייכן רעכטן וועג דעם וואונש פונם האַרץ זיינעם צו דער־גרייכן. כאַנצע האָט דאָך אַ מאַן. עמעס טאַקע, ער איז א בעהיימע, אָבער פאָרט א מאַן. אַ מאַן א בעהיימע איז גאָרנישט אזא זעלטענע זאַך. אָנ־מאַכן צווישן זיי אַ בייז-שלעכט לעבן, צערייסן אַ פּאָר-פאָלק — אַזוינס איז אים נישט געלעגן אין זיין כאַראַקטער. היינט איז דאָך, גאָר אָן דעם, עפּעס צווישן אים און אירע עלטערן א גאַנץ טיפער אָפּגרונט. זיי זיינען באַגאָטישע, פאַרשימלטע, פון דער אַלטער וועלט, און ער איז איינער פונם נייעם שניט, מער, אָדער ווייניקער — אַלצייגס. שוין דאָס אַליין, וואָס א בענציע קען זיין זייער איידעם, באַווייזט געננוג, ווי ווייט אַזעלכע זיינען פון א רעפאָעלן, אַזוי ווייט ווי הימל פון ערד. דעריבער, אָנגענומען אַפילע דער פאַל, אַז כאַנצע בלייבט אן אַלמאָנע אָדער אַ גרו־שע, וועלן דען די עלטערן אירע וועלן זי אויסגעבן פאַר אים? און אַז זיי וועלן זאָגן: ניין, וועט דאָך זיין טאַקע ניין, וואָרום די הויפּט-ראָלע בּאַ אידן אין א שידעך שפּילן דאָך נאָר די עלטערן. וואָס ווייסן קינ־דער — זאָגט מען — און וואָס האָבן זיי אַ דייע צו זאָגן אין אַזעלכע זאַכן...

רעפאָעל האָט עס אַלצדינג גוט באַרעכנט און זיך אַליין געפרעגט אין האַרצן, וואָס ער וויל און צו וואָס אַזוינס קען פירן? נאָר, ווען דער האַנדל איז בא רעפאָעלן געגאַנגען נאָך א פּינקטלעכער אויסרעכענונג אַלצדינג פריער, איז באַ אַזעלכע זאַכן, ווי געפילן אינעווייניק אין דער נעשאָמע, די אלע באַרעכענונגען זיינען נישט אָנגעגאַנגען. דאָס האַרץ ווייסט נישט און האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין כעשבוינעס, עס האָט זיך געטון זיינס, אַלץ ווייטער, ווייטער געצויגן און געצויגן, ביז רעפאָעל איז מיט דער צייט פאַרגאַנגען העט-ווייט, אַזוי אז צוריק איז גאָר קיין מעגלעכקייט נישט געווען.

און כאַנצע? אוי, אז אָך-און-וויי איז כאַנצען, נעבעך, געווען פון אַלע זייטן. א ווייטיק א גרויסער איז איר, ווי א אידישער טאָכטער, פונם יעיצער-האָרע, וואָס צעקאָכט איר די געבליטן מיט זינדיקע געדאַנ-קען פון ליבע, וואָס גיט איר צו פילן אַזוינס, וואָס אַי-אַי-אַי, כאַסווע-כאָלילע, עס פארן מויל צו ברייגגען! און א ווייטיק א גרויסער איז איר אויך פון בענציען דעם שלימאַזל אירן. לעבן מיט אַזעלכן איז או-מעגלעך. זי האָט דאָך אים פיינט, קען אים נישט אָנקוקן. אַזאַ לעבן, משטיינס-געזאָגט, פון אַ פּאָר-פאָלק נישט צום האַרצן, איז דאָך א זינד נאָר אַקעגן זיך, אַקעגן גאָט און לייט. פאָטער ווערן פון איר שלימאַזל איז גאָר ניט געמאָלט, זי איז דאָך בא טאַטע-מאַמע אין די הענט, זיי האָבן איבער איר צו זאָגן — און בא זיי אין די אויגן איז דאָך דאָס בענציעלע אירס מאָלע כיין, שיין ווי די וועלט. וואס איז שאַיעך, זי האָט פיינט, אז זיי, טאַטע-מאַמע, האָבן עס ליב!... האַקלאַל, אַזוי, צי אַזוי, איז כאַנצע זינדיק, ס'איז איר ביטער פוןביידע זייטן.

נישט געפרואווט זאָלט איר ווערן, ווייבלעך, נישט פאר אייך, אידי-שע טעכטער, געדאַכט אזעלכע יעסורים, ווי כאַנצעס, נעבעך!

לייבצע האט זיך געשפיגלט אין זיין איידעמל, זיך באַרימט, געצאַצ-קעט מיט אים פאר לייט, אָפּגעלויבט אין טאָג אַריין זיינע גוטע מאַי-לעס און שטאַרק האַנאָע געהאַט בא א געלעגנהייט אמאָל דערציילן דעם איכעס זיינעם, אז ער וואַקסט פון דעם רעכטן צימעס פונם פאָטערס צאַד, פון דער מוטערס צאַד — גרויסע ראַבאָנים, לויטער בערן, און די אלע, א קאַטאָוועס עפּעס, זיינען זיינע מעכוטאָנים! רעב צעמפּל, דאָס שיינדל, דאָס „גאָלעס־ליכטל” פששש... איז א מעכוטן, און רעב, רעב... דאָס אייבערשטע פונם שטויסל — אויך א מעכוטן. בעכיין... זאָלן גלופּ-סקער וויסן, ווער אַזוינס איז לייבצע דער רויטער!

אויך יענטל, דאָס ווייב זיינס, האט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט בענציעלען, איר זיס איידעמל, פאַר די באַקאַנטע ווייבער אירע, אלץ געלויבט און געדאַנקט זיין ליבן נאָמען פאר דערדאָזיקער מאַטאָנע זיי-

נער, נאָר אויסלאָזן לעסאָף פלעגט זי, געוויינטלעך, מיט א זיפץ, כלי־פענדיק: סטייטש, כאַנצע איז נאָך ניט מובערעס! און וואָס קען דער־פון זיין דער טאַכלעס? זי כאַפּט זיך אָן באם האַרצן, קלאַפּנדיק דערוף מיטן פינגער, אז דאָ, אָ־דאָ האט זי א וואונד, א מאַקע א גרויסע, סוי־נע־ציען.

די ווייבער, באַרמהאַרציקע, באַריידעוודיקע, ווי דער שטייגער איז, רעדן איר אויס דאָס הארץ, איטלעכע מיט אירע טרייסטווערטער. איי־נע זאָגט:

— יענטל, נעשאָמע מיינע, שא, גענוג געוויינט, דער זכוס פון די הייליקע מעכוטאָנים דיינע וועט דיר בײשטיין דאָרט, פאר דעם קיסע־האַקאָוועד און איבעראַיאָר, אימירצעשעם, וועט כאַנצע דיינע געלעגן ווערן מיט א אינגל.

די צווייטע דערציילט איר א מאיסע עפּעס מיט א ווייבל ערגעץ, וואס האט א היפּשע צייט נישט געקינדלט, איז געקומען איינער א בעריע צו אזוינע זאכן, איך ווייס נישט, וואָס ער האט געטון פאר א מיטל — און דאס ווייבל, האלעוואי אף כאנצען דיינער געזאָגט געוואָרן, איז באלד טאקע פארגאנגען אין טראָגן. נאָך א אידענע דרינגט איר אויס פונם סייכל, אז א קליין אינגל, עס מעג זיך כאָטש זיין א באלעבעסל, קען גאָר ניט קינדלען, — סיי א מענטש, סיי א בעהיימע, לעהאוודל, אלציינס.

— אז בענציע דיינער וועט אונטערוואקסן, עלטער ווערן, וועט ער, אימירצעשעם, אָפּגעבן דיר זיינס מיט פּראָצענט, האב קיין מוירע נישט, נישקאָשע!

ווען לייבצען איז אַמאָל געראָטן מאכן דורך רעפאָעלן א גוט דינ־סקאָנט־געשעפטל, אַראָפּכאַפּן פון אויבן א היפּש פּאַרדינסטל און צוליב דעם אים פּאַרבעטן איניינעם מיט גוטע ברידער צו זיך אינאָוונט אף א גלעזל טיי, פלעגט ער, לייבצע, הייסט עס, בעשאַס כעדוואָ דענסטמאָל אונטערוואַרעמען דאָס איידעמל, דאָס צאַצקעלע זיינס, עס זאָל אַרויס־ווייזן באם טיש זיין טוירע, און אַלץ ווינקען, צוואווינקען רעפאָעלן, ער זאָל מיט קאָפּ זיך צוהערן.

— אַ־נו בענציע, לאָז זיך הערן! עפּעס א וואָרט, אַ גוט שטיקל אַזוינס, ווי דו קענסט, אַזוי, מיט א מויל!

און בענציע צעפלאַקערט זיך, צעשאָקלט זיך מיט די הענט און פיס, שיט מיט שטיקלעך געמאָרע און מישט אויס קאַשע מיט מאָן.

— אַ־נו? — מאַכט לייבצע, וואָס איז פלאַטשיקלעך אין לערנען, שטשי־רעט אויס צו רעפאָעלן איין אייגעלע, שמייכלענדיק דערביי זיס מיט א שיינענדיק פּאָנים — אַיאָ, האַ, סכוירע?

רעפאָעל ענטפערט מיט א קנייטשעלע, עפּעס אָן ווערטער, איבער־קוקנדיק זיך מיט כאַנצען, וואָס מינעט זיך פאר שאַנד, טראַכטנדיק בא זיך: אוי האָסטו מיר געגעבן א גוט שטיקל סכוירע, טאַטע!

דערמיט אַליין, וואָס לייבצע האָט זיך באריהמט מיט בענציען, אָט דער־מיט טאַקע האָט ער אים באגראָבן. אפּאָנים, אזוי איז לייבצעס פינצ־טערער מאַזל געווען אָנגעשריבן דאָרט אױף אים אין הימל, אז ער אַליין מעכילע, מיט זיין באַנעמונג, מיט די רייד זיינע, זאָל, גאָר אַליין נישט צו וויסן, דער טאָכטער איינגעבן סייכל פיינט צו באַקומען דעם מאַן און פאַרליבן זיך אין רעפאָעלן. ער זאָל עס געווען, כאָלילע, וויסן, וואָלט ער, סוינע־ציען, זיך גיכער א מאַיסע אָנגעטון, זיך באַגראָבן טיף אין דער ערד ניין איילן.

איינמאָל, פּורים צו דער סודע, אױף וועלכער ס׳איז געווען פאַרבעטן רעפאָעל מיט נאָך אַנדערע געסט, און מע האָט זיך וואויל געטון, האָט לייבצע מיט דער פּאָרסע געוואָלט אַרויסווייזן דעם איידעמלס טוירע, לאָז דער אוילעם הערן, ווי שיין ער דאַרשנט, וואָס פאר א טאַכשיט ער איז.

— שאַ, — פּאַטשט לייבצע מיט א האַנט אין טיש: — מיינער וועט אונז דאַרשענען עפּעס פון דער מעגילע. שאַ, אָט וועט איר עפּעס הערן... היידאַ, בענציע!

און דאָס בענציעלע, וואָס האט לעקאָוועד פּורים איבערגעכאַפּט די מאָס, געהאַט א איבעריק ביסל מאַשקע אין קאָפּ, הייבט אָן זאָגן שטאַרק פאַרפלאַמט אַזוי.

— אין פלוג איז דאָך אינגאַנצן דער איניען דאָרט נישט רעכט. צו וואָס שטייט בא מאָרדכען: מרדכי היהודי? וואס לאָזט דערמיט דער פּאָסעק מיך הערן? פּשיטא, וויסן מיר דען אַליין ניט, אז מאָרדכע איז מיסטאָמע א איד? מאָרדכע איז מאָרדכע, אַ איד! וואָס דען, מאָרדכע זאָל הייסן א גוי, בתמיה, ווי געשיקט זיך עס?... נאָר אַוועקגעלייגט שוין אפילע דידאָזיקע קאַשע, נאָך און נאָך קאַשעס, וואס איז דאָ צו פרעגן, אױף וועלכע עס שטעלן זיך דאָ אלע מעפאָרשים, בלייבט דאָך טאַקע פאָרט די אַלטע קלאָץ־קאַשע: פּאַרוואָס בא אַכאַשווייראָשן שטייט ויאמר, און בא עסטער האַמאַלקע — ותאמר? עס מוז דאָך דרינען עפּעס שטעקן. היינט איז דער קוועטש פון עשרת אלפים ככר כסף, צען טויזנט זילבערנע ככר, און עשרת בני המן אויך האַרבלעך, — וואָס קוועטשט זיך אַזוי דער פּאָסעק צו זאָגן באַ ביידע, אי בא די זילבערנע ככר, אי בא די בני המן דאַפּקע צען, און וואס וואָלט אונז געאַרט, אז עס זאָל נישט געווען זיין צען.

— אָ־וואַ! — מאַכט לייבצע, גאָר אָנקוועלנדיק, — האָט איר געהערט אַ נעם טון א ביסל אַזוי א פּאָסעק, אהער א דריי, אַהין, אז עס ווערט

מעכילע, א לעמעשקע!... איאָ, סכוירע? היידאַ בענציע, זאָג, זאָג ווײַ־טער, ווייטער!

— נישמער, ס'איז רעכט. די ווערטער פון דער הייליקער טוירע זיינען צוקער־זיס, — צעלאָזט זיך בענציע ווייטער אף זיין זיס קעלכן: — דער טערעך איז נאָך דעם פּראָסטן פשאַט אַזוי: ווי מיר ווייסן, האָט פון שדי דער אַרויסגעוואָרפענער „יוד" זיך אַ לאַנגע צייט ארומגעוואָגלט, ביז יהושע האָט אים אָנגענומען, אַריינגעגאַנגען אין ערעך־איסראָעל און איינגענומען די פעלקער. דאָ איז נאָך גאָלעס מיצראַים דער „יוד" געקומען צו רו און געווען, הייסט עס, בעקויעך, ווי מיר האָבן דאָ געזעען. שפּעטער, אין גאָלעס פּאָראַס, האט דער איד מאָרדכע האַיהודי (קלוימער, אַזוי מיינט ער, מרדכי היהודי מיט א „יוד", מרדכי, נישט מאָרדכע) און דער יוד בא אַכאַשווייִרעשן, וואָס אריין צו אים דורך עסטער האַמאַלקע, ויאמר — און ער האָט געזאָגט, געזאָגט... פאַרשטייט איר מיך, ער האָט עס גויווער געווען יענעם יוד (אַסערעס) פון די אַלאָפים, אויך יענעם יוד (אַסערעס) פון די בניי האָמען! דען זייט וויסן, אז עס זיינען דאָ צוויי מינע יודן! א יוד אין דער קדושע און אין דער טומע, א מין...

— יונגערמאַן! — פאַלט אריין בענציען אין די רייד רעפאָעל, וואָס האָט שוין ניט געקענט מער זיך איינהאַלטן: — וואָס ווילט איר האָבן פון פּאָסעק, נעבעך? ואיוימער איז לאָשן זאָכער, וואַטוימער — לאָשן נעקייווע.

— לאָשן נעקייווע קען איך נישט! — צעשרייט זיך בענציע אין איין קאָס, פלאַם־פייער — א שמועס בעלאָשן זאָכער אונעקייווע — דאָס קענען נאָר די פראנצויזן, יעמאַכשמויניקעס: וואיוימער — ער האָט געזאָגט, וואַטוימער — זי האָט געזאָגט. מיט דעם פוץ, מיט דער מאָדע...

דאָס איז פון בענציעס זייט געווען א שטיין גלייך צו רעפאָעלן און צו כאַנצען אין גאָרטן אריין, אַן אָנצוהערעניש, וואָס זיי זיצן און רעדן אָפּט צווישן זיך אָן אַ שוימער. זיין שפּראַך האָט זיי געטראָפן ביידע, ווי א פייל אין האַרצן.

זינט דענסטמאָל איז בענציע באַם ווייב אַ ניפטער [1] — אויס בענציע, און רעפאָעל פאַרנעמט דאָס גאַנצע אָרט בא איר אין האַרצן.

געוויסע צייטן אַזעלכע איז געווען, וואָס כאַנצע פלעגט קענען בלייבן איינע אַליין אין שטוב. רעפאָעל האָט שוין די צייטן געוואוסט און איז געקומען פאַרברייינגען אַביסל די צייט אין איר געזעלשאַפט מיט גרויס פאַרגעניגן. און טאָמיד איז בא אים אין קאָפּ געווען גרייט

*) אַ געשטאָרבענער. (רעד.)

עפּעס אַן אייסעקל, עס זאָל פאַרשטעלן די אויגן, דינען פאר אַן אויס־רייד אין אַ נויטפאַל פאר לייבצען און זיין הויזגעזינד.

איינמאָל איז ער אין אַזא צייט געקומען און געטראָפן כאַנצען פאַר-אומערט, מיט פאַרוויינסע אויגן. דאָס האָט איר נאָך צוגעגעבן כיין, ווי דער שיינער, בליענדיקער רויז די טוי-טראָפּן זומער פרימאָרגן. ער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטן און זי געפרעגט, וואָס דאָס וויינען אירס באַטייט, עפּעס מיט אַזא ווייכע ציטערדיקע שטימע, מיט וועלכער א געטרייער פאָטער ווענדט זיך צו זיין ליבהאַרציק, געקריינקט קינד.

כאַנצע באַהאַלט דאָס פּאָנים און צעוויינט זיך נאָך מער, רעפאָעל מיינט, אָט עקט זיך אים דאָס לעבן פאַר גרויס ראַכמאָנעס, נעמט זי אָן בא דער האַנט, פעסט, אין איין געבעט:

— דערציייל, דערצייל!

אַ קאַלט-וואַרעמער שטראָם לויפט כאַנצן דורך איבערן לייב און די האַנט אירע ציטערט, ליגנדיק אין רעפאָעלס האַנט. רעפאָעל באַקומט מער מוט, בעט, כאַלעשט, אַזוי און אַזוי... ביז כאַנצע טוט אים צו-ליב — און עס דערוויזט זיך צום סאָף אָט־וואָס: צווישן דער מאַמע מיט דער טאָכטער איז היינט געווען כוישעך איבער בענציען.

קומענדיק, ווי געוויינטלעך, אינדערפרי מיט דעם גרויסן טאַלעס-זאַק פון שול שטאַרק הונגעריק, איז בענציע אַוועקגעזעסן בא זיך אין כיידער א היפּשע צייט אומגעגעסן, מיט סמאַהע אף די ליפּן, עמעצער זאָל עס זיך אָן אים דערמאָנען. ער האָט זיך געקראַצט אין דער פּייע, געקנאַקט די פינגער, געצמאָקעט, געמאַכט מיט די ליפּן, ארויסגעגעבן פון זיך זיפצעלעך, די שיינע הוסטעלעך, געאַיקעט, געאויקעט, ביז די שוויגער האָט זיך ארומגעקוקט.

— אוי, א וויטיק א גרויסער, נאָך האָט ער, נעבעך, אין מויל נישט געהאַט! ס'איז דאָך א צאַר באַלעכאַים... — טוט זיך א כאַפּ יענטל, ברעכנדיק מיט די הענט, לויפט געשווינד און טראָגט צו דעם איידעמל אף א טאַץ אָנבייסן — אַ פּאָר אייערבייגל, א פּוטערגעבעקסל מיט אַ גלעזל ציקאָריע, מאכנדיק צו אים האלב בייז און האַלב מיט גוטן:

— נאַ, עס !... פארוואָס זאָל מען עס שווייגן, נישט זאָגן אַ ווייב: עסן! מיינס איז ניט לייטיש, ווי איז מיר!... אַ נעס, וואָס איך האָב מיך אַרומגעקוקט, אַז נישט, וואָס וואָלט געווען ?... ביסט ניט הונגעריק ?

— מיילע, וויים איך וואָס... עט, גאָרנישט... — ענטפערט אָפּ אונטער דער נאָז בענציע, קנייטשנדיק זיך מיט א זיס-זויער שמייכעלע, און נעמט זיך עסן קעסט, פּאַקן מיטן פולן מויל.

ריידעלע, יאַק ריידעלע, נאָר צום קעסט-עסן איז בענציע געווען, אָן איינאָרע, א מאַיסטער, איין בעריע אין דער וועלט.

אַז אונזער נעפּעשׁ איז באַלד נאָך דעם עסן אַוועק צוריק אין זיין רו אין דעם קליינעם ווינקעלע, האָט יענטל זיך גענומען צו דער טאָכטער, אויסצושטראָפן זי פאַר אזא באַציאונג מיטן מאַן, אזוי:

— דו מוזט וויסן, טאָכטער, איך האָב א נאָז. אַי האָב איך א נאָז! אַי שמעק איך!... די אויגן זיינען מיר, באָרכעשעם, נאָך נישט אַרויס. איך זע, נישקאָשע, זע דיין אופירונג אַקעגן דעם מאַן, א שיין ווייבעלע, משטיינס-געזאָגט! דו האָסט דאָך באַדאַרפט ווערן גרעבער ווי ליינגער, אָנקוועלן פון אַזא מאַן — א בראָכע, אַ בענטשונג פון זיין ליבן נאָמען.

— נו, לאָז זיך פרייען די מאַמע, וואָס האָט אַזעלכן געהאַט — ענטפערט אָפּ כאַנצע קורץ און שאַרף.

— אַ לאָשן אַביסל! — מאַכט יענטל אופגעבראַכט: — אָט האָסטו דיר דעם דאַנק! טאַטע-מאַמע שלאָגן זיך, סוינע-ציען, קאָפּ אָן וואַנט, אַקערן מיט דער נאָז די ערד און זוכן אויס אזא בריליאַנט... ס'איז דאָך א קאָוועד אַזא שפּיגעלע אין שטוב צו האָבן. דער טאַטע האָט דאָך אים ליב, עפעס אַזוי ליב, אַזוי ליב...

— לאָז אים וואויל באַקומען! — ווינשעוועט-צו כאַנצע מיט א ביטער שמייכל.

— אוי, אוי, בין איך עס אומגליקלעך! — צעכליפּעט זיך יענטל און קלאַפּט זיך אין האַרצן — אוי, אַ מאַקע האָב איך עס, אַ מאַקע אָט דאָ, דאָ! אַז ריבוינע שעל אוילעם האָט מיך אַזוי געשטראָפט, נישט געבענטש מיט א זון, לאָז־זשע כאָטש זיין, האָב איך געמיינט, פון דער טאָכטער זויכע זיין צו דערלעבן פון איר דעם נאַכעס... ניין! אַז זי וויל גאָר ניט וויסן, מיינט — כאַסענע־שמאַסענע, ס'איז אַ שפּילכען, אזוי זיך א פידעלע, אַ פּייקעלע, האָצעניו, ניט מער... גענוג זיך קינדערש געטאַכט, דו הערסט? דו ביסט, זאָג איך דיר, א ווייבל! דו פאַרשטייסט, וואָס ווייבל?

— א ווייבל איז א מענטש ווי אלע מענטשן — ענטפערט כאַנצע רויִק, איינהאַלטנדיק אין זיך דעם קאַס.

— נעם זיך נאָר אזוי נישט איבער, כאַנצע! — צעפלאַקערט זיך יענטל אף דער טאָכטער, נאָכקרימענדיק אירע ווערטער: — אַ מענטש, זאָגט זי, אַ מענטש!... גאָרנישט ביסטו, אַ אישע... נישטאָ פאר דיר אף דער וועלט נאָר די דריי ווייבערשע מיצוועס... אָט וואס איז א אישע! איר ווייבערשער סייכל, איר ווילן איז גאָרנישט. א פרומע, א קאָשערע אידענע באַדאַרף ווערן טון דעם מאַנס ראָצן. דרינען ליגט דער גאַנצער סייכל... אָט אַזוי האט מען אונז צו דער כאַסענע געלערנט. אַצינד פארשטייסטו שוין, כאַנצע?

— ניין! — שיסט כאַנצע אויס, רויט ווערנדיק ווי פייער: — ווי קום איך צו פאַרשטיין אזוינס, וואָס א פרומע קאָשערע אידענע ווייסט?...

— הייסט עס, אפּאָנים, וואָס איך האָב גערעדט איז — געבולן! — צעשרייט זיך יענטל גאָר א שרעק, מאַכנדיק מיט דער האַנט אַקעגן כאַנצען — וואַרט נאָר, וואַרט! דו וועסט בא מיר פאַרשטיין, נישקאָשע, וויסן ווייטער וואס מאַן, וואס אזוינס מאַן באַטייט — איך וועל דיר...

די מאמע לויפט ארויס שטארק צעקאָכט, און די טאָכטער באַוואשט זיך פאר גרויס ווייטיק מיט טרערן.

רעפאָעל טרייסט כאַנצען מיט גוטע, זיסע רייד, קוועטשט איר, קוועטשט די האַנט און פאר גרויס ליבשאַפט כאַפּט זיך אים פונם מויל אַרויס: האַרצעניו, נעשאָמעניו! זי לאַזט זיך טרייסטן און קוקט אף אים מיט פייכטע אויגן, און פון די פּארגליווערטע טרערן, ווי די פּערל, שיינט ארויס א ליבלעכער, מעכאַיעדיקער בליק — ס׳איז אַ זון מיט א רעגן.

די צייט דערווייל גייט און מיט איר וואַקסט, שפּראָצט די ליבשאַפט אַלץ גרעסער, גרעסער. רעפאָעל שאַרפט כאַנצעס פאַרשטאנד, גיט איר איין סייכל צו וויסן פון א ניי לעבן, מיט די אלע מיטל, וואָס דער־צו — מיט קלוגע רייד און גוטע ביכלעך אזעלכע, וואָס זיינען מעסוגל צו דער נעשאמע. כאנצע זאַפּט אין זיך איין איטלעכס וואָרט, עס שלייפט זיך איר מויעך, עס לייטערט זיך איר נעשאָמע, קלערער ווערן אירע געפילן, און רעפאָעל ווערט בא זיך שטאַרקער, האָפט, האָפט, עס וועט, אימירצעשעם, מיט דער צייט זיין גוט... דאָס, וואָס פרי־ער האט אים אויסגעזעען זייער שווער, דאַכט זיך אים אַצינד זייער גרינג. אלצדינג איז זייער גוט געמאָלט דא אף דער וועלט. פריער אָדער שפּעטער, כאנצע פון איר שלימאַזל מוז פּאָטער ווערן. זיך קען ער דרינען נישט באַשולדיקן, וואָרום אזוינס האט זיך געמאכט גאָר אָן אים, אַזוי טאַקע האט עס געמוזט זיין! — כאנצע און בענציע זיינען נישט קיין פּאָר, דער שידעך איז געווען קרום נאך פונם אָנהייב אָן. ווייטער-זשע אירע באַגאָטישע פרומע עלטערן? זיי וועלן מיט אזעלכע ווי ער זיך מעשאַדעך זיין נישט וועלן? עט, נאַרישקייטן! א קערבל פּאַרדעקט אלע זינד.

קיין זאך קען נישט ביישטיין אקעגן דער פּאַרנאָסע, וואו פּאַרנאסע, הערן אוף כילוקים, פרומע טנועס אין דעם גלויבן. עס אידלען זיך, עס מאַכן פוילע טנועס פון גאטס וועגן נאר יענע, וואס מיינען דורכדעם עפּעס צו גילטן; דורכדעם צו כאַפּן א גראָשן: יענע, נעבעך, קאַבצאָנים, וואס מוזן דערויס זיך מאַכן, משטיינס-געזאגט, די פּאַרנאָסע, ווען נישט, וואלט זיי אויסגעקומען זייער שמאָל, כאָטש לייג זיך אין דער מיט גאס

און שטארב; יענע באטלאָנים, נעבעך, וואס צו עפּעס אנדערש טויגן זיי נישט פון דאנען אהין; יענע, יענע מענטשלעך, וואָס אָן דעם — ווער וואלט זיי געוואוסט, ווער וואלט זיי געהערט? אָט דרינען שטעקט די גאַנצע קאָמעדיע פון מעשוגענע פרומקייט און גוטסקייט, פון איבער-געזאלצענע ליבשאפט צום פאָלק, פון פוילע קרעכצעלעך, זיפצעלעך אף צאָרעס אין דער וועלט, פון מעשונע-ווילדע ראַכמאָנעס צו אָרעמינקע, קלוימערשט, און דערמיט צוגלייך טאקע — פיינטשאפט, קריג, אינטרי-געס, רעכילעס, בילבולים און אונטערהידעניש מענטשן אקעגן מענטשן.

צו דערהאלטן דעם שאָלעם אין דער וועלט, צופרידנהייט צווישן אונז, זינדיקע מענטשן, מיט אַזויפיל באדערפעניש צום לעבן, איז קי-מאט דאס איינציקע מיטל — פאַרנאָסע!...

---

# דאָס פערטע קאַפּיטל.

אַז אידן האָבן פאַרשפּילט זייער וועלט און זיינען, בעאַוואוינעסיינו האָראַבים, געוואָרן קרעמערס, באַנקירן, פּראָצענטניקעס, וואָכערניקעס, מעקלערס, טאַנדעטניקעס און קאָל-האַמינים געשעפט-מאַכערס — זינט דענסטמאָל איז דער יעיצער-האָרע פון ליבע אויס מעכוטן בא זיי, די דייע אין שידוכים איז איבערגעגאַנגען פון אים צום יעיצער-האָרע פון האַנדל: א שידעך הײנט איז אויך א געשעפט. שיינקייט, פרומקייט מאכט נישט אויס, די קאַלע מעג זיך זיין א מיעסע — אַבי געלט. געפינט זיך אַמאָל א איד, וואָס קוקט אף שיינקייט, באַווייזט עס גאַנץ זיכער, אז ער איז ניט קיין עכטער סוחער, מאַקע וואָס א סוחער הייסט; אכוץ געשעפט, געלט-זאַכן, ליגט אים נאָך אויך אין זינען נאַרישקייטן — גע-דאַנקען, וואָס האָבן נישט קיין שום ווערט. וויבאַלד דעת יעיצער-האָרע פון ליבע דערזעט פאַר זיך בא יענעם אָפן דאָס האַרץ, כאַפּט ער זיך אַריין אינעווייניק אַהין און ברענט דאָרט, אַרבעט מאַיסים קונציק-וואויל, ווי ער קען.

די אייגענע מאַיסע איז געשען אויך מיט רעפאָעלן. ווייל ער איז געווען א סוחער און צוגלייך מאַקע אויך א מענטש מיט האַרץ, האָט דאָס יעיצער-האָרעלע, אָט דער ברען, דער שפּירט, זיך פאַרקליבן אַהין צו אים צו מאַכן דאָרט די שפּיל. ער האָט אים פאַרגעשטעלט מיט זיינע פאָקוסן א וואונדער-שיינע וועלט מיט די אַלע גוטע, געשמאַקע זאַכן, וואָס גלוסט זיך שטאַרק זיי צו געניסן. ער קיצלט אים, מאַכט אים אַ ביישעק, מאָלט אים אויס דאָס בילד-שיינע געשטאַלט כאַנצעס פון קאָפּ ביז די פיס, אינגאַנצן א קלאָר-ווייסע אויסגעגאָסענע סטאַטוע, אויסגע-טאָקט איטלעכס גליד באַזונדער — און זאָגט צו אים: באָכער, קוק ווי שיין, קוק און שמעלץ זיך פאַר ליבשאַפט! אין רעפאָעלן צעשפּילן זיך די געבליטן, ער טראַכט, טראַכט אָן כאַנצען און גיט זיך דאָס וואָרט, אויסטיליקן מיט דער צייט די דערנער, שטעכלקעס, וואָס אַרום דערדאָ-זיקער רויז, קעדיי זי צו באַקומען, עס מעג זיך אפילע דונערן און בליצן.

גלייכער פון אלע זאַכן איז פאַר רעפאָעלן געווען — זיך נעמען צו ליבצען, צוציען צו זיך אים אַזוי, אז ער זאָל ווערן צוגעזאָטן, גלויבן אין אים מיט לייב און לעבן. און דערצו איז דאָך דאָ א מיטל.

רעפאָעל האָט זייער גוט ארויסגעזען, אז דאָס איינציקע שליסעלע צו לייבצעס האַרץ איז געלט, גוטע, שיינע פאַרדינסטלעך, און דאָס שליסעלע איז דאָך בא אים אין דער האַנט. פריער פלעגט ער מאַכן סקאָנטע-געשעפטן צווישן אנדערע אויך אַמאָל מיט לייבצען, און ווי לייבצע האָט שטאַרק געלעכצט נאָך אזעלכע געשעפטן, אלץ געזוכט אַוועקצורייסן רעפאָעלן פון די אלע אנדערע קאָנטאָרן, פונדעסטוועגן פלעגט ער בא איטלעכס מאָל זיך שטאַרק דינגען פאַר א פראָצענט. נישט דינגען זיך איז אים געווען שווער. עס שאַדט נישט צו פרואוון, אַ גראָשן איז אויך געלט. אַצינד אָבער, צוליב כאַנצען, האָט רעפאָעל אָנגעהויבן צוצולאָזן ווי ווייט מעגלעך לייבצען גרויסע געשעפטן, נישט זיין אין דעם האַנדל שוין אזא איבערקלייבער, ווי אַמאָל. געבן אף א וועקסל סכוירע עמעצן נישט אַזוי פון די גרויסע באַטוכים, איז אויך רעכט, פאַרלירן באַם אָפּסקאָנטירן דאָס וועקסל א גרויסן פראָצענט, — מאַכט אים שוין אויך נישט אזוי אויס, אַבי נאָך און נאָך אַ געשעפטל, לייבצע זאָל דערווייל האָבן אייסאָקים, אַראָפּכאַפּן פון אויבן. לייבצע ווידער, וואָס האָט שטאַרק געלעכצט נאָך פראָצענט, האָט אויך ניט אַזוי שטאַרק איבערגעזיפּט די סאָכרים פון די וועקסלען, די קאָפּיקע פּראָצענט איז אזוי ליב דעם פּראָצענטניק, אז צוליב איר שטעלט ער אַמאָל איין דעם קערן אַליין. בעקיצער, רעפאָעל מאכט מער געשעפטן, לייבצע האָט מער פּראָצענט, און רעב אָשער דער מעקלער אַרבעט געשמאַק אין אייסעק: עס דרייט זיך אים דאָס קעפּעלע און עס פּאַ-רייסט זיך אים שטאַרק דאָס היטעלע.

— וואָס איז אַזוינס דאָס יאָגעניש, רעב אָשער? — פרעגן אים באַ-קאַנטע אין גאַס, זעענדיק ווי ער לויפט הענדום-פּענדום און די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע וואַרפן זיך אים אין אלע זייטן — שאַ, שטייט אביסל און דערציילט אונז, וואָס הערט זיך היינט עפּעס נייס אין דער פּאָלי-טיקע, און וואָס טוט זיך אַזוינס אין אייער פראַנקרייך?

דאָס לאָשן „אייער פראַנקרייך" איז נישט דער טייטש, אז רעב אָשער איז א פראַנצויז, אָדער ער האָט אין פראַנקרייך א נאַכלע, ביע-רושע פון זיינע עלטערן. כאָלילע! אלע ווייסן, אז ער איז געבוירן אין גלופּסק און איז, נעבעך, א קאַבצן, אַז זיינע עלטערן די קאַבצאָ-נים האָבן אים גאָרנישט איבערגעלאָזט יערושע, נישט דאָ אין גלופּסק און נישט דאָרט אין פראַנקרייך. נאָר וואָס דען? גאָר פּאָשעט. רעב אָשער, אז ער פלעגט זיצן צווישן דעם אוילעם און רעדן פון פּאָליטיקע,

איז דער שטייגער זיינער געווען צו זאָגן: „מיין פראַנקרייך" אויס גרויס ליבשאַפט צום דאָזיקן לאַנד. רעב אָשער, באַדאַרף מען וויסן, איז געווען אַ לעבעדיקע, גייענדיקע גאַזעטע פאַר די גלופּסקער אידן. ער פלעגט זיי אָנדערציילן נייס, שרעקלעכע, וואונדערלעכע זאַכן פון מילכאָמעס, אויך יעשועס אַף אידן און שלעכטע ביטערע גזיירעס. מויל און אויערן פלעגט מען עפענען פאַר גרויס פאַרגעניגן, הערנדיק זיין זיס, גלאַט לאָשן. דעריבער, אַז מע האָט אים אַצינד געזעען לויפנדיק אַזוי האַסטיק, האָט מען געמיינט, עפּעס גאָר שרעקלעכס איז אַוואדע געשעען אין דער וועלט און רעב אָשער איז פול מיט נייס.

— נישטאָ קיין צייט, קיין צייט! — ענטפערט אָפּ רעב אָשער, האַלטנדיק אין איין לויפעניש, נישט אָנצוקוקן די באַקאַנטע אַפילע, וואס בלייבן שטיין פאַרגאַפט.

— רעב אָשער! די קאַפּאָטע אייערע פאַרדריפּעט זיך מיעס, און איר לויפט, עס זאָל עס אייך אָנהייבן אַרן! אן אווייִרע, כ׳לעבן, אַזא נייע שיינע קאַפּאָטע! — מאַכן צו אים נאָך אנדערע באַקאַנטע, וואָס קומען אים אַקעגן, ארויסשטעלנדיק די אויגן, שטאַרק פאַרוואונדערט.

— נישקאָשע, נישקאָשע! — זאָגט רעב אָשער אין איין אָטעם, שאָקלענדיק צו זיי מיט דעם קאָפּ בעשאַס לויפנדיק טאַקע.

— רעב אָשער, געוואַלד!... וואָס איז?... האַ, ווידער אַ צאָרע, אַ גזיירע אף אידן? — פרעגן אים מיט א געשריי, מיט א געבעט איבער-געשראָקענע אידן, נעבעך, אויסשטרעקנדיק צו אים די הענט.

— גאָרנישט, גאָרנישט! — לאָזט זיך רעב אָשער הערן צו זיי מיט אַ וואָרט פונדערווייטנס, לויפנדיק זיין וועג.

— אַ, רעב אָשער! — מאַכט שמועל דער קרעמער, באַם אַריינפליען רעב אָשערס צו אים אין קלייט גאָר אָן א נעשאָמע, עפּעס קאַלט, מיט אַ האַלבן מויל, ארייַנקוקנדיק בעשאַס מאיסע אין דעם קאַסע-בוך, קלוי-מערשט איז רעב אָשערס קומען נישט אַזוי שטאַרק אָנגעלייגט באַ אים, האַגאַם ער האָט אף אים טאַקע אַרויסגעקוקט און איז אין האַרצן זייער צופרידן געווען, וואָס ער איז געקומען — וואָרט אויס, רעב אָשער, ביז איך וועל מיך אָפּפאַרטיקן.

— נישטאָ קיין צייט, קיין צייט, רעב שמועל! זייער א שווערע אַרבעט האָב איך אף מיר, טאַקע גאָר א שווער, שוועֶר שטיקל אַרבעט. איר מיינט, אז ס׳איז אזוי גרינג צו קויפן באַ אונז סכוירע, ווער עס וויל קומט זיך און נעמט סכוירע, הייבט א האַקאָפּע? ניין, רעב שמועל, נישט אזוי איז די מאיסע! אָט דער רעפאָעל — מאַכט רעב אָשער, קלאַפּנדיק זיך מיט א פינגער אין שטערן — דער רעפאָעל, זאָג איך אייך, איז א מענטש מיט קאָפּ, האָט א גוטן מויעך. וויפל טענצלעך,

מיינט איר, האָב איך אַרום אים געטאַנצט און וועל נאָך באַדאַרפן טאַנצן, טאַנצן ביז...

— איר מעגט אייך טאַנצן געזונטערהייט וויפל איר ווילט, נאָר פון מיינעטוועגן, דאַכט זיך מיר, האָט איר נישט אַזוי צו טאַנצן פאַר אייער רעפּאָעלן. און די אַרבעט איז אויך ניט אזא שווערע, ווי איר זאָגט — רופט זיך אָן שמועל דער קרעמער. קלוימערשט פילט ער זיך באַליידיקט, מיינענדיק צו פאַרגרעסערן זיין אייגן ווערט, אַז ער איז, באַרכעשעם, פון די גרויסע באָטוכים, און, אגעוו טאַקע, צו פאַרקלענערן רעב אָשערס אַרבעט, קעדיי ער זאָל נישט פאָדערן היפּש פאַר מעקלעריי — איך האָב פאַר מיר א מאָסקווע, געלויבט דער אייבערשטער. מאָסקווע איז פאַר מיר בעסער געזינטער אין אַלע פעל... פאַרשטייט איר מיך? נישט מער, וואָס פּאָלטאַווע האָט זיך דאָ אָנגערוקט, שטייט שוין פאַר דער נאָז, אָט-אָט איז דער יאַריד דאָרט, און סכוירע ברויכט מען טאַקע באַלד אין דער הייסער מינוט, פאַרשטייט איר מיך, דעריבער...

— דעריבער... איז נישטאָ מער וואָס צו רעדן, און זייט מיר געזונט, רעב שמועל? — טוט א זאָג רעב אָשער, וואָס פאַרשטייט גנייוועלאָשן און איז א מאַמזער, דורכגעטריבן, ווי שמועל דער קרעמער, פאַרקרימט די נאָז, גלייך ווי ער זאָגט זיך אָפּ פונם גאַנצן אייסעק, און לאָזט זיך גיין אַרויס פון דער קלייט.

— איר זייט, דאַכט זיך, ניט קיין קויהען, רעב אָשער, און דאָך אַ באַל-קאַס — פאַרכאַפּט זיך שמועל דער קרעמער מיט גוטע רייד, אָנעמענדיק רעב אָשערן בא די פּאָלעס, און שמייכלט צו אים מיט א שיינענדיק, זיס פּאָנים — אַי, האָט איר דאָך מיך, איך בעט איבער אייער קאָוועד, נישט פאַרשטאַנען! שטייט נאָר, שטייט, רעב אָשער! דער פּראַט פון דעם, וואָס איך האָב געזאָגט „דעריבער", הערט גאָר, איך בעט אייך, איז אָט-וואָס: אַזוי ווי פּאָלטאַווע איז שוין פאַר דער נאָז, איר פאַרשטייט? און סכוירע ברויכט מען באַלד, דעריבער... דעריבער, זייט זיך מאַטריעך און גייט טאַקע געשווינד, רעב אָשער, און מאַכט דעם אייסעק אין א גוטער, מאַזלדיקער שאָ... אַצינד, געגוג געשעפּט, דרייעניש, טאַנצעניש-שפּרינגעניש אין דער זייט, זאָגט מיר בעסער, רעב אָשער, ווען דיינקט איר זאָלן מיר טאַנצן בא אייער טאָכטער אַף דער כאַסענע? עפּשער ווילט איר נעמען פאַר איר א מאַלבעש, איז דאָ בא מיר היינט פיינע סכוירע אַנטיק, עף-עף! נעמט אַף קאָנטע, עט, וואָס מאַכט עס אויס, מיר וועלן זיך שפּעטער אָפּרעכענען, נישקאָשע! —

האַקלאַל, די אייסאָקים וואַקסן, אַף דער סכוירע זיינען דאָ אַסאַך באַלאָנים — און רעב אָשער גייט אַרויס לייטיש, אין א נייער קאַפּאָטע,

מיט א שיינעם היפשן שלומפּער, לויפט ווי א הירש „אַנגעגורט די לענדן", איז שטאַרק פּאַרטון אין אייסעק — הו-האַ-הו! עס שוויצט אים דער שטערן, די נאָז שמעקט, נישטערט, און דאָס פּאָנים שיינט — מארע קויהען. עס טוט אים האַנאָע נישט אַזוי דאָס פּאַרדינסט פונם מעקלע-ריי, ווי דאָס מעקלעריי אליין — מע האַנדלט!... אַצינד איז רעב אָשער שטאַרק צופרידן פון רעפאָעלן, ער לויבט אים אין די אויגן און אונטער די אויגן, זאָגט: רעפאָעל האָט געכאַפּט דעם שניט, זיך אויסגעאַרבעט אין גלופּסק, אַצינד האָט ער שוין „אַ געפיל אין דעם האַנדל" און ס'איז דא אַ האָפענונג, אַז מיט דער צייט וועט פון אים ווערן א לייט, א רעכט-שיינער סויכער.

רעפאָעלס מיטל האָט געווירקט. לייבצע ווערט צו אים צוגעקאָכט, לאָזט אים פון זיך נישט אָפּ. דאָס — קומט, זייט מויכל, צו מיר אף ווארמעס, טיי, קרעפּלעך. און דאָס — קומט גלאָט אַזוי זיך אביסל אַריין! וואָס קען עס אייך אַרן? געמיינט האָט ער דערמיט גאַנץ פּאָשעט: האָבן אף אים אַן אויג, ער זאָל כוץ אים מיט קיינעם קיין געשעפטן נישט מאַכן. רעפאָעל איז בא אים אי גוט, אי פרום, אַ גאַנץ ערלעך קינד. אַז אַנדערע פּלעגן זיך אַמאָל קווינקלען, ווי עס אַרט זיי עפּעס זיין האַלבאָשע, זיין באַנעמונג, וואס נישט אזוי עכט אידישלעך ווי בא דעם גלופּסקער אוילעם, פּלעגט לייבצע זיי זאָגן:

— אַי-אַי. איר טיפּשים איינע! ס'איז דאָ, זאָגט מען נאָך פון דעם יעהופּעצער, זיכרוינוי ליווראָכע, פיל דראָכים לעאַוואוידעס האבוירע, איטלעכער דינט דעם בוירע[1] אף זיין דערעך. רעפאָעלס שטייגער אופירונג איז אויך אַ דערעך צו דינען דעם אייבערשטן.

אַז לייבצע איז דאָ מיט רעפאָעלן אַזאַ נאָענטער מעכוטן, מעמיילע ווערט זיין לייבציכע מיט אים אַ נאָענטע מעכוטעניסטע, נעמט אים אוף מיט אַ שיינעם „באָרוך-האַבע", מיט קאָוועד — אַ טאָץ מיט איינגעמאַכטס. יענטל איז דאָך אַ קאָשערע אידענע, טוט זי איר לייבצעס ראָצן. רע-פאָעל, עס פּאַרשטייט זיך, טוט אַוואַדע לייבצעס ראָצן — ער קומט טאָג-טעגלעך צו לייבצען אין הויז, ניט לאָזנדיק זיך לאַנג בעטן. און, ווי אַ היימישער, האָט ער שוין די געלעגנהייט אָפּט צו פארברייינגען די צייט מיט כאַנצען. וואָס מאַכט עס וועמען אין שטוב אויס! עט, קינ-דער, היימישע, אייגענע מענטשן... שפּעטער אַביסל האָט רעפאָעל באַ-קומען, דורך לייבצען טאַקע, די מעגלעכקייט לערנען כאַנצען שרייבן — דאָס הייסט, לייענען און פארשטיין שפּראַכן, און ער איז געווען איבער-גליקלעך; די מאַיסע דערפון איז אַזוי געווען:

---

1) באַשעפער. (רעד.)

אַז רעפֿאָעל איז איינמאָל געקומען צו לייבצען אין הויז, קוים וואָס ער איז אַריבער די שוועל, לויפֿט לייבצע אים אַקעגן גאָר אין איין אָטעם, שטעקט אים אַריין אין האַנט אַ בריוו, געשריבן גויאיש, און זאָגט:

— נאָט לייענט!... לייענט און גיט מיר צו פֿאַרשטיין, ווייס איך וואָס דאָרטן שטייט אַזוינס.

פֿון לייבצעס מינע און דעם לאָשן זיינעם בעשאַס־מאַיסע, ווי ער האָט אַריינגעשטעקט אין האַנט דעם בריוו, האָט עפּעס אויסגעזעען, גלייך ווי זיין ניט־קענען גויאיש איז טאַקע אַ שיינע מאַילע פֿאַר אַזאַ שיינעם אידן, אַ טאַטנס אַ קינד, ווי ער; עפּעס ווי געריעדט: נאַ! אַזוינס, משטיינס־געזאָגט, געהער זיך שוין אָן מיט דיר... רעפֿאָעלן האָט עס אַביסל געאַרט, און נאָכן איבערלייענען דעם בריוו, זאָגט ער צו לייבצען, פֿאַרדרייענדיק די נאָז:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס, אַשטייגער, וואָלט איר געטון, אַז איך זאָל ניט געווען קומען היינט צו אייך?

— ווען ניט איר, וואָלט איך געקראָגן עפּעס אַן אַנדערן אַף איבער־צולייענען דעם בריוו.

— אוי, ניט גוט אָנצוקומען צו פֿרעמדע, און זיין אָפּהייניגיק פֿון יענעם — רופֿט זיך אָן רעפֿאָעל, שאָקלענדיק מיטן קאָפּ. און באַלד טאַקע פֿאַלט אים איין אַ קלוגער געדאַנק, פֿון וועלכן עס ווערט אים ליכטיק אין די אויגן — עמעס טאַקע, רעב לייבצע, איך ווייס זייער גוט, אַז פֿרומע, קאָשערע אידן שייען זיך לערנען זייטיקע כאָכמעס, כקירע־זאַכן, וואָס דערונטער איז געמיינט אויך שפּראַכן; נאָר אין מיין געגנט דאָרט זיינען פֿאַראַן זייער פֿיל אידן לאָמדים, וואָס זיי אַליין און די אינגלעך, באָכורים זייערע אין די כאַדאָרים לערנען נאָר געמאָרע, ווייטער גאָר־ניט, און די טעכטער פֿונדעסטוועגן לאָזט מען לערנען גויאיש, שרייבן און לייענען. עס זאָל דאָס אָנהייבן עמעצן צו אַרן. עס זיינען דאָ פֿיל אַזעלכע אידן, וואָס זיצן שטענדיק, קוועטשן די באַנק אין קלויז, און די ווייבער זוכן די פּאַרנאָסע אין מאַרק. מיידלעך, ווייבלעך אויסגעפּוצטע זיצן אין די קלייטן, רופֿן קוינים, פֿאַרקויפֿן סכוירע. מאַכט זיך אַ פּאָ־רעך אַמאָל מיט זיי נאַריש, אַזוי און אַזוי: כאַיקאַ, סורקאַ, שיינע־פֿיינע מיידעלע — איז אָן סאַקאָנעס, משטיינס־געזאָגט, אויך מיר אַ מענטש, פֿון וועמען מע האָט זיך דאָ צו באַליידיקן!... אַ גלעט אַפֿילע פֿון אַזעלכן, אַ קניפּ אין בעקעלע, מאַכט אויך ניט אויס, זאָל זיך אייך דאַכטן, די קאַץ האָט אַ גלעט געטון... מיילע זעט איר דאָך, אַז טעכ־טער מעגן. וואָרום אַ אישע איז אַלפּי דין פּאָטער פֿון מיצוועס. איר שטייט פֿריי צו לערנען זיך גויאיש, אַריינקוקן אין זייערע ביכלעך וויפֿל דאָס האַרץ גלוסט, אַבי ניט לערנען קיין טוירע, אונזער הייליקע אי־

דישע טוירע, כאָלילע! דען ווער עס לערנט זיין טאָכטער טוירע, אַזוי זאָגט די געמאָרע, איז גלייך ווי ער לערנט זי זיין אַ כצופע... היינט פרעג איך אייך, רעב לייבצע, פאַרוואָס זאָלט איר ניט לאָזן אייער טאָכטער לערנען זיך שרייבן און די אַלע זאַכענישן? זי וואָלט דאָך אייך געטויגט, געדינט אין די נויטן אַף צו שרייבן און לייענען בריוו.

— יאָ, עמעס, אין פלוג איז טאַקע אַזוי — רעדט לייבצע האַלבע ווערטער עפּעס אונטער דער נאָז, קנייטשנדיק דעם שטערן און אָנע-מענדיק זיך באַם בערדל — גלייך אַפילע זאָגט איר, נאָר...

— און וואָס, ע, האַ, איז די מעניע?

— ע-ע, פאַרשטייט איר מיך: וואָלט מיין טאָכטער אַצינד געווען אַ מיידל, לעמאָשל, העט איך באַשטאַנען, ווי זאָגט איר? גיי דיר, טאָכטער, צום „שרייבער" לערנען זיך די ווייבערשע כאָכמעס מיט אַלע אנדערע מיידלעך דאָרט. און בעעמעס טאַקע, האַ? אַצינד אָבער, פאַר-שטייט איר מיך? אַז זי איז פאַרשלייערט, איז אַביסל דאָס... פּריקרע. האָט איר געהערט, אַ ווייבל, אַן איישעס-איש צווישן קליינע מיידלעך! ס'איז עפּעס... ווי זאָל איך זאָגן? ווי... דער שאַמעש, אַשטייגער, אַ איד מיט אַ באָרד, מיט אַ בויך, מעכילע, לאָזט זיך אופרופן סימכאַס-טוירע אים קאָל האַנאָרים, אינגלעך, ווייסע כעוורע.

— אויב אַזוי, טאָ לאָז-זשע דער לערער קומען צו אייך אַהיים. ווייסט איר גאָר וואָס? ווילט איר, רעב לייבצע, וועל איך זיין דער לערער.

— אַי, וואָס הייסט! איר, רעב רעפאָעל, אַ סויכער, אַ מענטש, ווילט זיין אַ מעלאַמעד, ווילט אזא פּארנאָסע, משטיינס-געזאָגט, ווי מעלאַמדעס!

— אומזיסט, רעב לייבצע! איך וועל לערנען אייער טאָכטער אומ-זיסט, אומזיסט...

אין האַרצן באַ זיך האָט לייבצע באלד טאַקע איינגעוויליקט דעם פּלאַן, נאָר אויס דערעכערעץ קלוימערשט האָט ער זיך געקרימט, גע-קווינקלט און געזאָגט רעפאָעלן, אַז ער וועט זיך מעיאַשעוו זיין מיטן ווייב. באַדערנאַכט האָט ער איבערגעשמועסט דעם אייסעק מיט יענטלען, איז באַ זיי געבליבן יאָ, מאכמעס פיל טאַימים: רעפאָעל איז דאָך אַ היימישער, זייערער אַ גוטער באַקאַנטער, וואָס-זשע קען עס אַרן, אז בעשאַס ער זיצט און רעדט, וועט ער זי דערווייל טאַקע אויס-לערנען שרייבן, לייענען. דאָס קען קלאַל ניט שאַטן, אַדעראַבע, עס וועט איר שטאַרק נוצן, זי וועט זיך אויסלערנען לייענען טכינעס, שרייבן אמאָל אַ בריוול אליין מיט איר אייגענער האַנט, ניט באַדארפן אָפּ-ביצן זכוס-אָוועס, אָנקומען דערמיט צו אַ פרעמדן. פאר זיי, צום גע-

שעפּט, וועט עס אויך טויגן. און וואָס נאָך? קאָסטן וועט עס ניט אַ דרייער. מאַכטייסע, זייער וואויל!

און רעפאָעל האָט אין אַ גוטער שאָ אָנגעהויבן לערנען כאַנצען, קנעלן מיט איר אף זיין שטייגער, און מע מוז זאָגן דעם עמעס, אַז געאַרבעט האָט ער אין זיין זאַך געשמאק, זייער געטריי. כאַנצע האָט געשלונגען דעם רעבנס טוירע, און קרעמער האָבן דערווייל געכאַפּט רע-פאָעלס סכוירע. רעב אָשער דער מעקלער אַרבעט, איז שטאַרק גע-הויבן, און לייבצע פּארדינט, כאַפּט אַראָפּ פון אויבן — האַקלאל, ס׳איז לאַיהודים!

---

# דאָס פינפטע קאַפּיטל.

עס איז שוין העט שפּעט אין דער נאַכט, גלופּסק שלאָפט — און צוויי אידישע קינדער קענען קיין אויג נישט צומאַכן, וואַרפן זיך, נע-בעך, פון איין זייט אף דער אַנדערער און די געלעגערס אונטער זיי אַרבעטן: סקריפּן, קרעכצן, גיבן אָפּ קאָנצערט, ווי דער שטייגער איז פון אידישע געלעגערס, וואָס צעוויגן זיך, צעשאָקלען זיך, צעפּילדערן זיך, זאָגן שירע באַנאַכט פון א מינדסטן ריר. פון א מיניען געלעגערס אין א אידיש הויז די שירע באנאכט צו הערן — איז אַוואַדע אַז גוט און וואויל! נאָר, נישקאָשע, מיט דערדאָזיקער קאַפּעליע דאָ פון אונ-זערע צוויי פאַרשוינען, אין וועלכער עס האט טריי געארבעט א הוי-קערדיקער אויסגעדינטער טאַפּטשאַן מיט עפּעס א מין רוקבעט, — האט מען געקענט אויך זייער גוט יויצע זיין.

אף דעם טאַפּטשאַן, אין פּאָדער-כיידער, האָט געשפּילט אונזער הערשעלע, און אף דעם רוקבעט, אין אַלקערל — אונזער רעפּאָעל. ביידן האט זיך עפּעס נישט געגומען קיין שלאָף, איטלעכער פון זיי האט געהאט צו זינגען און צו זאָגן מיט זיינס.

יאָ, רעפּאָעל האט געהאלטן וואָרט און אַריינגענומען צו זיך הער-שעלען אף נאַכטלעגער, כויט ער האט אים פאַרשפּראָכן. באם ערשטן אַריינטרעטן הערשעלעס צו רעפּאָעלן אין דער דירע, אף אונטערצו-בעכטיקן דארט, איז אים געוואָרן גוט עפּעס אפּן הארצן, ווי איינעם, וועלכן האַשעם איסבאָרעך דערהויכט פלוצלים דאס מאַזל. דאס קליינע, בידעריקע שטיבל, וואו ס'איז א מעגלעכקייט צו בלייבן א ווײלע פאַר זיך אליין, אומגעשטערט פון אן אוילעם מענטשן אין קלייזל — האט אים אויסגעזעען סראָריש. ער האט געקוקט אַף אַלצדינג דאָרט עפּעס מיט אַ מין דערעכערעך, געקוקט, געטאַפּט, קוים צו רירן זיך מיט א פינגער, און געשמייכלט פאר גרויס פארגעניגן. עס האט אזוי פיל געהייסן ווי: „הע! אַ-נו, וואס, גוט, הערשעלע? אַיאָ, וואס פאַר אַ גאָט מיר האָבן!"

דאָס פארוויסטע באַנק-בעטל, אינגאַנצן ווי ס'איז מיט די שלאַפּע פּיס, אויסגעריבן, צעטרענט, ערטערוויים מיט ארויסגעקראָכענע קישקעס

קלאָטשע, מיט אלטע פאַרשמאָלצעוועטע לאַטעס האט בא אים אין די אויגן געהאט דעם זיבעטן כיין. ווי די מאיסע איז, אַן אָפּגעקומענס, אַן אָפּגעבאַרעטס — פּאָרט אַ מעיוכעס מיט א געשפּיקעוועטן בויך, אַ זייכער פון אַמאָליקע גוטע יאָרן...

באַם אַרופקריכן דערוף דאָס ערשטע מאָל האט עס זיך שטארק געטון אַ בייזער — אַ סקריפּ מיט גרויס פאַריבל. הערשעלע איז, איינ־האַלטנדיק דעם אָטעם, פארבייסנדיק די ליפּן, געבליבן ווי אף מישקוי־לעס, נישט אַהער, נישט אַהין, אויס פּאָרכט נישט אָנצוטאַכן דאָ א שפּיל, אַ גאַנצע כאַסענע און רעפּאָעלן דאָרט פונם שלאָף נישט אַרויס־צוברענגען. נאָר באַלד אָבער האָט ער זיך איינגעשטעלט, האָט עס מע־כילע געבעטן, פּאַמעלעכן — פּאַמעלעכן זיך גערוקט, אויסגעצויגן פריער איין פוס, דערנאָך דעם אַנדערן — און נישקאָשע, מיט כעסעד. שפּעטער אַביסל מיט אַ צייט האט אַ קליין בייזערל אים שוין נישט אַזוי אויס־געמאַכט, וואס ווייטער, ווייטער איז ער מיט א גרעסערן שוין אַפילע געוויינט געוואָרן. עס האָט געמעגט שרייען, רייסן זיך צעזעצטערהייט, ער האָט זיך דערויס גאָר נישט געמאַכט און געשלאָפן געזונטערהייט. אָפּשלאָפנדיק געשמאַק ווי אַ דערהאַרגעטער, אָן איינהאָרע, די גאַנצע נאַכט.

איז דאָך טאַקע די קאַשע: מה נשתנה הלילה הזה מכל הלילות[1], פאַרוואָס שלאָפט זיך הערשעלען ניט די נאַכט, ווי אין אַלע אַנדערע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר?

עפּשער איז הערשעלע הונגעריק געווען, דער ליידיקער בויך האָט אים געמאָנט מעזוינעס און נישט געלאָזט אים צורו?

ניין! ערשטנס, איז א אידנס א מאָגן גאָרנישט אַזוי אַריינגעטון אין דער אַכילע, אז וויבאַלד עס דערגייט אים עפּעס נישט, זאָל ער האָבן טאַינעס; צווייטנס, איז דער מאָגן באַ אידן גאָר ניט אזא פאַרנעם, מע זאָל זיך אויס זיינע טאַינעס עפּעס מאַכן. אַזויפיל דינים, אַלטע און נייע, אַלץ מיקויעך דעם מאָגן, דעם זינדיקן מאָגן ווי אים צו לערנען דע־רעכערעך אין דעם עסן: דאָס לאָז דיר ניט זיך גלוסטן, אָסער כאַזער, מע טאָר נישט! דאָס מעגסטו אַפילע, אָבער נאָר אַ לעק, אַבי זיך פליישיק מאַכן, ס'איז פאַר דיר אַ צו טייערער ביסן! דאָס לאָז זיך עס דענסטמאָל און דענסטמאָל אין דיין גוואול נישט געפינען, אָנקוקן זאָלסטו עס ניט טאָרן אַפילע, און דאָס, אַדעראבע, איז א מוז, מוזט אַריינלייגן אין דיר א קאַזאַיעס, כאָטש ביטער, פּריקרע! — אָט אַזוינס און אַזוינס האָבן נאר מיר, קינדער איסראָעל, מיר אַליין, און אין דעם זכוס טאַקע זשיפּען מיר ביז אַצינד אין דער וועלט... היינט דריטנס, האָט הערשע־

1) וואָס עפּעס איז די נאַכט אַנדערש פון אַלע נעכט. (רעד.)

לעס מאָגן דענסטמאָל קלאַל נישט געהאט וואס זיך צו באַקלאָגן. זינט ער האט אָנגעהויבן „אונטערצונעכטיקן" באַ רעפאָעלן, איז ער מיט אַ ליידיקן בויך קיינמאָל ניט געגאַנגען שלאָפן. אַלע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר איז פאַר אים דאָרט געווען א גלעזל טיי מיט א שטיקל ברויט, און האַלאַילע האַזע, דידאָזיקע נאַכט איז גראָד געווען א קעפּל פון א הערינג, אַ ביינדל מיט א שטיקל פלייש אויך, איבערגעבליבן רע-פאָעלן פונם מיטאָג, וואס ער האט געגעסן אָן אַפּעטיט. און הערשעלע האט דערצו אַפילע זיך ניט צוגערירט.

עפשער-זשע האט זיך הערשעלען נישט געשיקט אין דער געמאָרע דאָרט, און דער מויעך זיינער האט שטאַרק געארבעט, ווי איינצובייסן אַ האַרב טויספעסל, צוטרעפן אַ „באַוואָרעניש", וואס באַוואָרנט ראַשע אַזוינס מיטן „כלומר", צו פאַלן אַף א סוואָרע סייכעלדיק מיט א קנייטשל, געפינען „דעם רעכטן קוועטש", און דעריבער איז ער אַרויס פונם שלאָף?

נאָכאַמאָל טאַקע ניין! שוין לאַנג טאַקע, אַז הערשעלע לערנט נישט אַזוי מיטן קאָפּ. אַז מוישעלע זיין כאַווער איז געווען נעבן אים, פלעגט ער אים אונטערטרייבן, אונטערגעבן כיישעק צום לערנען מיט אַלע קיילים, נישט אין זינען צו זהאָבן קיין זאַך; זינט אָבער ער איז נישטאָ, ליגט הערשעלען דער קאָפּ שטענדיק אין טראַכטעניש, און דאָס לערנען, משטיינס-געזאָגט, איז באַ אים אָן טאַם, ווי געקייט קלאָטשע. היינט דאַפקע איז אים אָנגעקומען די גוטע שאָ, ער האָט אַ לערן גע-טון לאָמדיש, גאָר אַ כאַריפעס, און אַלצדינג אין דער געמאָרע איז אים אויסגעקומען לעסאָף מעשונע-ווילד גלאַט: אי ראַשי איז, כאַלילע, נישט מעשוגע, אי טויספעס-קאַשע בלייבט א קאַשע —ביידע זיינען גערעכט.

מיילע, בלייבט דאָך טאַקע הערשעלעס נישט-שלאָפן אַצינד אַ גרויסע קאַשע. וואָס-זשע פאָרט איז היינט מיט אים אַזוינס די מאַיסע? אָ-וואַ אַ מאַיסע! אים לאָזט נישט שלאָפן — ביילע!

„אַי, ריבוינע שעל אוילעם, ביילע! געוואַלד, טאַטעניו, וואו איז ביילע?" — אָט דידאָזיקע עטלעכע ווערטער פּיקן הערשעלען אין קאָפּ, צעטראָגן אים דעם מויעך, ארום זיי דרייען זיך אַלע זיינע געדאַנקען און כאַפּן זיך אים אַמאָל ארויס מיט א ביטערן קרעכץ טיף פון האַרצן.

שוין אַ גאַנץ היפּשע צייט איז דרינען, זינט הערשעלע האט זיך צעשיידט מיט ביילען דאָרט באַ דער „זאָרגבאַנק", אין דער האָפּענונג, אַז אָט-אָט שטעלט זי זיך אַפן אָרט, פאַר אַ דינסט-מיידל, וואוהין די מעקלערן האָט זי געפירט, אָט באַלד זעען זיי זיך ווידער און נעמען ווייטער אַפיר דעם אָפּגעריסענעם שמועס וועגן איטלעכס פּיצעלע באַ-זונדער אינדערהיים.

אונזער עלנטער, פאַרוואָגלטער הערשעלע האָט זאָט אָנרעדן זיך נישט געקענט באַ דעם ערשטן באַגעגעניש מיט א שאָכנס א מיידל, קימאַט אַן אייגענע, אַ היימישע פון קינדוויים אוף. זי אינגאַנצן האָט גע-שמעקט עפּעס פריש מיט היים, מיט קאַבצאַנסק. פון אירע אויגן האָבן אַרויסגעלויכטן, געלאָזט זיך אים זען פיל ליבע זאכן אין די פריערדיקע יאָרן. אַלצדינג, האַק-און-פּאַק, האָט זיך אים געפילט אין איר בליק, געדאַכט אין איר שטימע. ער האָט אופגעכאַפּט איר איטלעכס וואָרט, אַליין אויך גערעדט פאַר צען און ס'איז אים נאָך איבערגעבליבן גענוג רייד אף שפּעטער.

הערשעלע קוקט דאָ אזוי ארויס אַף איר די אויגן, און נאָט אייך אַזאַ ווייטיק, אַזא אויסכאַפּעניש — נישטאָ ביילע! ווי אין וואַסער אַריין ביילע!

די ערשטע צייט האָט הערשעלע זיך געטרייסט מיט דער האָפע-נונג: אָט אינגיכן וועט זי זיך מיסטאָמע ווייזן. וואָס דען? עפּשער איז זי דאָרט שטאַרק פאַרנומען אפן נייעם אָרט. לאָז זי נאָר אַביסל זיך אַרומקוקן, קומט זי זיכער באַלד צו רייזען. זי האָט דאָך איבערגעלאָזט רייזען אף דער אַכסאַניע אירע זאַכן. אַז אַקעגן אַ כוידעש צייט אָבער איז אַוועק און זי איז אַלץ נישטאָ, האָט אים שוין אָנגעהויבן טאַקע גוט צו אַרן. אַצינד האט אים אָנגעהויבן באַשיינפּערלעך צו אינטערע-סירן ביילע, נישט ווייל זי איז א היימישע, ערשט פון דאָס זייניקע דאָרט אינדערהיים, נאָר זי טאַקע — זי, ביילע אַליין, ווייל אַף איר, נעבעך, איז א ביטער ראַכמאָנעס. ווער ווייסט, וואס מיט איר, נעבעך, איז אַזוינס געשעען? דאָס געפיל פון ראכמאָנעס איז בא אים געוואַקסן פון אַן אַנדער געפיל, אַ פאַרבאָרגנס, עפּעס גאָר אָן אַ נאָמען — אַ מין ציענעש אַזוינס, אַ מאָנטעניש, נאָך פון קינדוויים אָן, טיף אינעווייניק אין דער נעשאָמע. דאָס מין ציעניש ווידער האט אָנגעהויבן שטאַרקער זיך לאָזן פילן, באַקומען שוין עפּעס אַ נאָמען דורכדעם טאַקע, וואס דאָס ראַכמאָנעס איז אַלץ מער און מער געוואַקסן. די ביידע דאָזיקע געפילן האבן געשפּראָצט, געוואַקסן און זיך דערנערט איינער פונם אַנ-דערן. דערצו איז אויך געווען נאָך א צוגאָב, גאָר א וויכטיקע זאַך — עס האָט זיך דערזעען הערשעלען גאַנץ קלאָר דאס גרויסע אומגליק, אין וועלכן ער איז געשטאַנען. שנייער-וואָלף וואָלט אים זיכער אין געוואַנט אַריינגעשטעקט, געמאכט פאר א זעלנער, ווען עס זאָל זיך נישט גע-ווען פלוצלים אונטערוקן ביילע. איין גאָט אַליין טאַקע האט זי אונ-טערגעשיקט פונקט אין דער רעכטער צייט אים פון אידישע הענט מאַ-ציל צו זיין — און וויפל דאַנק ער איז איר שולדיק פאר אַזאַ גרויסע טויווע! ער באַדאַרף דאָך, ווי מע זאָגט, די פיס איר וואַשן און דאָס

וואַסער טרינקען, וואָס אָבער לאָזט זיך אויס? זי האָט אים געראַטע-וועט, און ער זי — באַגראָבן.

דורך דעם אַוועקגאַנג זייערס שטיל פון דער אַכסאַניע אַהין, צו דער „זאָרגבאַנק", איז ער פונם אומגליק אַרויס, און זי — אַריין. אוי, דער מאַלעך האַמוועס איז פאַרשוואונדן, גאָט ווייסט וואוהין, ס'איז אַ ראַכמאָנעס, עס רייסט, רייסט דאָס האַרץ!...

דאָס אַלצדינג אינייַנעם האָט אויף הערשעלען שטאַרק געווירקט, אַרויסגערופן אין אים אַזעלכע געדאַנקען, אַזעלכע הייסע קלאָרע גע-פילן, וואָס זיינען פאַר אים געווען פריער נאָך טונקל, קימאַט אַ סאָד. ביילעס געשטאַלט איז אַרויסגעטראָטן פאַר אים אַלץ העלער, העלער, געשוועבט פאַר זיינע אויגן, אים געבריט, געגנאָגט, געצויגן באַ דער נעשאָמע. עס האט אים גלאַט אַזוי, נישט ווילנדיק גאָר, זיך געטראַכט, ער האט שטילערהייט אַמאָל געווינט, געוואָרן עפעס גוט, ווייך, ווי אַ טייג, זיך געלאָזט פון זיינע געדאַנקען טראָגן, ווי אַ געוויקלט קינד — און זיך פאַרטראָגן, פאַרפלויגן אַ שרעק וואוהין. ביילע איז אים פונם זינען נישט אַרויס, און ער האָט זיך קיין אייצע נישט געקענט געבן, ווי אַרום ווערט מען וועגן איר עפעס געוואָר — גיין זוכן זי, פרעגן? ווי געשיקט זיך עס, אַ באָכערל פרעגט זיך אויף אַ מיידל! און נאָך ווער? ער, הערשעלע, אַז באַם דערמאָנען נאָר איר נאָמען קומט אים די פאַרב אין פּאָנים. אים דאַכט זיך אַ שרעק, לייט קענען זייער גרינג, כאָלילע, זיך אָנשטויסן, וואָס אים ליגט „אַזוינס" אין זינען, וואָס פאַר אַ שיין באָכערל, אוי, ער איז!

און דענסטמאָל איז ער דאָך אויסגעשטעלט, פאַרפאַלן פון ביידע וועלטן אויף אייביק!

אַ קאַטאָוועס עפעס „אַזאַ מאַיסע", אַזוינס גאָר צו טראַכטן!... וואו האָט מען עס באַ אידן געהערט? געגנוג איז דאָך דער געגעם אַן אַפּקומעניש פאַר אַזוינע זינד, — נאָר פיל ערגער נאָך אין אידישע מיי-לער אַריינצופאַלן. די איינציקע טרייסט זיינע איז נאָך געווען, טאָמער איז ביילע צוריק אַהיים אַוועקגעפאָרן. אַי די זאַכן, זי האָט דאָך דאָ איבערגעלאָזט אויף דער אַכסאַניע איר קלומיקל מיט זאַכן? — מיילע, האט זי פאַרגעסן, אַ קאַשע אויף אַ מאַיסע, וואָס קען זיך מאַכן! זי האט זיך געיאָגט, געאיילט, האט זי פאַרגעסן. גראָד איז היינט געווען דער טאָג אַ וואַרעמער, אַ שיינער, די זון האָט געשיינט, אַ פרייד, אַ פאַרגעניגן, איז ער געניגט געווען זיך צו באַרואיקן מיט דעמדאָזיקן געדאַנק. פאַר גרויס סימכע האט ער זיך אַ נעם געטון לערנען, זינגענדיק געשמאַק מיט אַ ברען, און סייכלדיק גלאַט געמאַכט אַלע האַרבע שטיקלעך דאָרט מיטן קנאַק!

וואָס-זשע טוט דער סאָטן, דער צעלאָכעסניק — דער סאָטן שטייט זיך און לאַכט אויס הערשעלען, טראַכטנדיק באַ זיך: פריי זיך, פריי זיך, שיינער באָכער, אָט באַלד וועסטו באַ מיר זינגען אַף אַן אַנדער קאָל.

און ווי הערשעלע לערנט זיך דאָ אַזוי לעבעדיק, מיט א גרינג האַרץ, קומט אים מאַיסע-סאָטן אינמיטן דרינען אָן אַ בריוו פון דער היים, אַף וועלכן ער האָט שוין טאַקע אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט. און ער נעמט זיך אים לייענען מיט גרויס כיישעק.

„איקער שאָכאַכטי — אַזוי לאָזט אויס די מאַמע איר בריוול צום זון — האָב, סאַנצעלאָמעס, מיך פאַרעדט, פאַר גרויסע צאָרעס מיך פאַרגעסן דערוייל מיקויעך בענציען ציוויעס מיידל, דורך וועלכער איך האָב דיר געשיקט אַ פּאָר אונטערגענייטע זאָקן, אַ קאַפּאָטקעלע מיט אַן אויס-געלאַטעטע העמד, טראָג געזונט, פאַרנוץ געזונט ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. ציפּע-סאָסיע, זאָל געזונט זיין, האט פון אירע פיס די זאָקן אַראָפּגענומען און דיר זיי געשיקט, האַשעם איסבאָרעך זאָל ראַכ-מאָנעס האָבן, איר צושיקן דעם באַשערטן. שוין צייט, צייט, זי איז נעבעך, אויסגעטריקנט, געל און גרין, וויסט איז איר און פינצטער מיר, צוזעענדיק אירע און מיינע ביטערע צאָרעס. די אויגן מיינע דינען מיר נישט, פאַר קיין אידישע קינדער געדאַכט, פונם פעדערן-פליקן די גאַנצע נעכט, אוי-ווי איז מיר, וויסטע אַלמאָנע! דאָס פאַרדינסט, משטיינס-געזאָגט, איז אַ גאָרנישט, קלעקט נישט אף וואַסער אף קאַשע, אַז אָך און ווי צו אַזאַ פאַרנאָסע, אַזאַ לעבן, קאָם-קאָם וואס מע דערהאַלט די נעשאָמע...

געבענטשט זאָל זיין עסטער-לייע, די אַלטע מילכיקערן אונזערע אַמאָל, וואס זי גיט מיר צו-צייטן א קריגל זויערמילך, אויך מילך אביסל אף באָרג. יאָ, די קו אירע האָט די ערשטע טעג סליכעס זיך געקעלבט, אין א מאַזלדיקער שאָ. גאָט, באָרוך הו, האָט זי באגליקט מיט א קעלבל גאָר אַן אַנטיק, איינס טאַקע אין דער גאַנצער וועלט. אַזוינס ווערט געבאָרן איין מאָל נאָר אין הונדערט יאָר. קענסט דיר זיך פאָרשטעלן, אז מאָרדכע קאַצעוו, עפּעס נישט אַזאַ שטאַרקער נויסן, פאַר א גראָשן וואָלט ער זיך, סוינע-ציען, ביידע אויגן געלאָזט אויסשטעכן, ער האט געכאַפּט און צען זילבערנע גילדן אָפּגעצאָלט פאַר דעם קעלבל בימזו-מאָנים און דער דרויב האָט געהערט איר, עסטער-לייען. און די וועלט זאָגט, אז ער האָט פאַרדינט עפּעס אן אַשרעס — אַוואַדע א זעקס גילדן, און עפּשער זיבן, אָדער טאַקע אַכט!...

מיילע, וואָס האָב איך דיר דאָ געוואָלט זאָגן, פאר צאָרעס מיך, סאַנצעלאָמעס, פאַרגעסן וואָס — יאָ, מיקויעך דעם מיידל. אַ — האַ! קאַרג

אייגענע צאָרעס, איז נאָך דאָ, ווי זאָגט מען עפּעס, א צוגאָב פרעמדע אויך. בענציען ציוויעס מיין איך, ער איז, נעבעך, אלט, קראַנק, א צע־בראָכענער שאַרבן. האָט נישט קיין פּאַרנאָסע. אזא קאַבצאָנעס, ווי אין קאַבצאַנסק הייגט, געדיינקען אלע קאַבצאַנסקער קאַבצאָנים נישט. אז די נעשאָמע האַלט זיך, איז ריינע ניסים, נאָר זכוס אָוועס טאַקע, אָך — אָך — אָך! און דאָ האָט זיין ליבער נאָמען, באַהיט זאָל מען ווערן, גע־שטראָפט מיט א ניי מין שטראָף — פון זיין טאָכטער, אָט דאָס מיידל, דורך וועלכס איך האָב דיר געשיקט זאָקן און א קאַפּאָטקעלע, איבער־געניצעוועט פונם טאַטנס, אָלעוו האַשאָלעם, קאַפּאָטע, — פון דעם מיידל, א וואונדער, כ׳לעבן, איז ביז היינטיקן טאָג קיין איינגעטונקטע פּען נישטאָ. ער האַלט עס, נעבעך, ניט אויס. עמעס, זי אליין קען ניט שרייבן, אַזוינס איז נישט פאַר קיין „אידענע״; אבער דאָס איז דאָך מעגלעך אויסצופירן דורך מאַנסבילן, און איך וואָס טו? איך בין מאַטריעך רעב פּייוויש דעם מעלאַמעד, געזונט זאָל ער זיין, זאָג אים וואָס — און ער שרייבט, שרייבט, צוגעבנדיק פון זיך פעפער, ציבעלע, מאַכנדיק פון מיינס א וואָרט אַ מוסקאַטקויל, עפּעס אזוי באַטאַמט גאָר א דערקוויקע־ניש (פעפער, ציבעלע וכו׳, די מעליצע זאָגט נישט די מאַמע — ווי קומט צו א ווייבערשן מויעך אַזוינס? דאָס זאָג איך, פּייוויש)... איז דען נישטאָ קיין שרייבערס, קיין מעלאמדים בא אייך דאָרט אין גלופּסק, אין אַזאַ אידישע שטאָט, וואו שאַבעס־גוים, וואס הייצן אין קלייזל די רובעס, ווייסן ווען מע בענטשט רויש־כוידעש, זאָגן ווען איז דער מוילעד און רעדן אידיש? — זונעניו! איך בין אף דיר גויזער מיט דער מיצווע פון „כבוד אב ואם״[1]), טאָמער זעסטו זי, דאָס מיידל, אָדער ווייסט עפּעס פון איר, — שרייב, לעמאַנעשעם, וועסט זיך קויפן דאָס אייביקע לעבן. דער טאַטע אירער, בענציען, ווייסט נישט וואָס איבערצוטראַכטן, ער איז, נעבעך, אין איינע צאָרעס, און ציוויע וויינט, זאָרגט, עפּשער, כאָ־לילע, איז זי געשטאָרבן״,

א קאַזאַיעס כריין ווען הערשעלע זאָל געווען מיטאַמאָל אופּעסן, וואָלט אים נישט געווען אַזוי פאַרגאַנגען אין נאָז, אין די אויגן, ווי פון דער מאַמעס דאָזיקע לעצטע ווערטער. אַז ער האָט זיך געהאַלטן אף די פיס און נישט געפאַלן, האט ער עס געהאַט צו פאַרדאַנקען נאָר דעם שטענדער, בא וועלכן ער איז אין קלייזל דאָרט אין א ווינקל געשטאַנען אָנגעשפּאַרט איבער דער אָפענער געמאָרע „ביצה״. ער האָט א האַרץ פול מיט יעסורים און קען עס נישט אויסגיסן, פאַרקערט, — ער שטיקט נאָך די ווייטיקן אין זיך, די קלויזניקעס זאָלן עס, כאָלילע, נישט באַ־

[1]) „קיבעד אָוו וועאיים״—ערלעך האַלטן טאַטע־מאַמע. (רעד.)

מערקן, און אז ער האָט דערלעבט נאַכט און איז געקומען נעכטיקן, האָט שוין רעפּאָעלס בעטל אין אַלקערל געסקריפּעט, געזאָגט שירע — ער האָט באַלד טאַקע זיך געטון א וואָרף אפן געלעגער, זיך גענומען טראַכטן, זיפצן, קרעכצן געשמאַק וועגן ביילען — און דער טאפּטשאן האָט צוגעשפּילט, אונטערגעהאַלטן דאָס רוקבעט, טשאַקנדיק אף זיין שטייגער.

---

## דאס זעקסטע קאַפּיטל.

וואָס-זשע פּאָרט איז עפּעס אַזוינס היינט? פּאָרט פּאַרוואָס שלאָפט זיך ניט רעפאָעלן דידאָזיקע נאַכט? ס'איז שוין אזוי שפּעט, און דאָס רוקבעט אונטער אים קרעכצט, סקריפּעט, ווייל נישט אופהערן. עפּעס לאָזט עס מיך דאָך הערן!

אוי — גאָר ניט קיין פריילעכס!

א טאָג פון ארבעט און לויפעניש אין מארק איז היינט געווען בא רעפאָעלן. ער האָט זיך אויסגעגלייכט מיט א היפּש ביסל סאָכרים און זיי געבאָרגט סכוירע קעפּי זיי האָבן פארלאנגט. אָוונטס איז ער געקו-מען אהיים צו זיך שטארק מיד, צעבראָכן. איידער ער האָט זיך אביסל אָפּגערוט, זיך נאָך נישט גענומען צו די כעשבוינעס, באטראכטן זיך, וואָס ער האָט מאָרגנדיקן טאָג צו טון, קומט אריין דער טרעגער פון דער פאָסט צו אים מיט א בריוו. לייענענדיק דעם בריוועלע, איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. מע שרייבט אים בעסאָד סוידעס, אז מיט דער פאַבריקע, פון וועלכער ער לעבט, ציט די פאַרנאָסע, שטייט עס אַצינד שמאָל, ס'איז דאָ שטילע מאַקעס, ווייטיקן. אויב עס האַלט, כאָלילע, אַזוי נאָך אביסל, באַקומט זי, זאָל די שאָ נישט זיין, דעם שלאַק. סכוירע איז קיין מעגלעכקייט ניט דערווייל אים צו שיקן. געלט, וויפל עס געפינט זיך נאָר בא אים, זאָל ער באַלד שיקן. לעמאַנעשעם, ס'איז אין לעבן אריין נייטיק.

רעפאָעל ליגט דאָ אַצינד אפן געלעגער אין געהאַקטע וואונדן, דער קאָפּ שפּאַלט זיך אים טראַכטנדיק, און דאָס האַרץ אויך ווערט אים שיר נישט צעזעצט, ער באַטראַכט דאָ זיין לאַגע פון אַלע זייטן, אַרום און אַרום, אַזוי:

די פאַבריקע, באַהיט גאָט, שטעלט זיך — שלעכט! אַן עק פון זיינע געשעפטן, ער איז אויסגעשטעלט. די סאָכרים, וואָס האָבן דאָ גענומען סכוירע אַף קרעדיט, וועלן מיסטאָמע, ווי דער שטייגער איז, בעאייס די פאַבריק שטעלט זיך, זיך אויך שטעלן, נישט צאָלן אַף די וועקסלען צום אויסגעשטעלטן טערמין. נאַראָנים וועלן זיי זיין, וואָס דען, זיך

נישט צו באַנוצן מיט יענעמס אומגליק, מיט אַזאַ קראַך? מיטל דערצו זיינען דאָ גענוג. ס'איז דאָ, אשטייגער, אויך אזא מאַניפּאַרגע — אופ-צוקויפן פאַר א שפּאָט-געלט דער פאַבריקעס, אף זיך אַרויסגעגעבענע פּאַפּירן און מיט זיי טאַקע איר דעקן. זה תמורתי [1]). הייסט עס, נאַ, ווער די קאַפּאָרע! . . . „קוממיות" זאָגן — דאָס איז א געוויינלעכע סאָכ-רישע זאַך, פון לאָוון האָראַמי און ביז היינטיקע צייט. מע באַדארף נאָר זיין געניט, וויסן דעם נוסעך מיט די זיסע טנועלעך, ווי עס בעריעש צו זאָגן...

און א צוגאָב נאָך צו די צאָרעס האט ער געמאַכט היינט געשעפטן, איבערכאַפּנדיק די מאָס. דער רועך ווייסט, וואָס ער האָט אַזוינס געטון, גענומען קימאַט די גאַנצע סכוירע און אַוועקגעגעבן זי צו אלדי שוואַר-צע יאָר. אַצינד איז ער געפּלעפּט — נישט קיין סכוירע, נישט קיין געלט! און וואָס זאָל ער ענטפערן די באַלעבאַטים זיינע, די פאַבריקאַנטן, וואָס פאָדערן אַצינד פון אים געלט אין דער נויט? זאָל ער גיין אָפּזעצן בא אנדערע די וועקסלען פון די נייע סאָכרים זיינע בעשאַס ער ווייסט די גרויסע סאַקאָנע, אַז עס שטייט דאָ פאָר אַזאַ קראַך? אַזוינס צו טון איז אים ביטער ווי דער טויט, דאָס הייסט דאָך אַזויפיל ווי א גאַנעוו, גיין יענעם איבער די קעשענעס.

טראַכטנדיק אַזוי, קומט ער ארוף אף לייבצען — און ער טוט זיך אַ וואָרף, צאַפּלט מיט אלע אייוורים. סטייטש, דער גרעסטער טייל וועק-סלען איז דאָך דורך אים אַריינגעפאַלן צו לייבצען! און נאָך וועמעס וועקסלען? עפּעס ניט פון די גאַנץ גרויסע באָטוכים, נאָר פון אַזוינע, וואָס זיינען נאָך צו דערליידן קאָלזמאַן דאָס רעדל דרייט זיך, סכוירע אין דער פאַבריק איז דאָ איבערגענוג, זיי צאָלן ווי-ס'איז צום טערמין אין אָנהייב, ביכדיי צו נעמען נאָך מער אין קרעדיט ווייטער, און ערשט דענסטמאָל צו האָבן בא זיך די ברייררע... און פאַרוואָס האָט ער אַזוי געטראַסקעט אומבאַרעכנט? ביכדיי צושאַרן פארדינסטלעך, א גרויסן פּראָ-צענט לייבצען. און דאָס אלצדינג האט ער געטון צוליב כאנצען, צוליב זיין טייערער, טיף אין הארץ איינגעבאַקענער כאנצען! אצינד לאָזט זיך דאָך אויס, אוי-וויי, איינגאַנצן א בוידעם. אליין, ער, גייט אראָפּ פונם מארק, פארלירט די פונקציע. די סאָכרים וועלן זיך געפינען א מיטל ווי נישט צו צאָלן, לייבצע וועט פארלירן דורך אים א קאסע געלט, וועט ווערן אים א דאם-סוינע און נישט לאָזן אים די שוועל פון זיין הויז אריבערטרעטן, שלעכט, ביטער, אַי — אַי! פארשפּילט זיין קאָמיסיע, און פארשפּילט, אוי-וויי, כאנצען!

1) „זע טמוראָסי" — דאָס איז מיין פאַרבייט. ווערטער, וואָס מע זאָגט בא קאַפּאָרעס-שלאָגן. (רעד.)

אין הארצן גיט א שטאָך, רעפאָעל גיט זיך א וואָרף, און דאָס בעטל — ריפּ — סקריפּ...

דאָס געוויסן קומט אויך אינדערמיט אריין מיט זיינס: שווינדלער! וואָס ביסטו געפלויגן, צעטרענצלט פרעמדס, געשאסטעט מיט יענעמס אלץ צוליב די כעפּציעס דיינע — צו דערלאנגען יענץ, וואס די אויגן זעען, וואָס דאָס הארץ גלוסט, וואס דעם זינדיקן נעפעשל פארווילט זיך און וואָס עס מאכט פארגעניגן?... פלוידערזאק! אף צו דארשענען האָסטו געהאט א מויל, אלץ: עמעס, יוישער, בארעכענונג, מענטשלעכקייט, פארשטאנד — שיינע, קיילעכדיקע ווערטער; אלץ שטראָפן, מוסער זאָגן, וועלן פארבעסערן די וועלט, ניט צופרידן זיין מיט דעם, וואָס אצינד: רעב אָשער דער הויפט-מעקלער איז אַ הויפט-ליגנער; גערשן דער קרע-מער — א שווינדלער; זעליק דער סויכער — אַ דרייקאָפּ; רעב נאַכמען דער גאַבע — א מאַזיק, דער אזוי, יענער אזוי, איינער נישט קיין רעכ-טער. און דו?... לייד-זשע אַצינד, שווינדלער, און מאַך נישט קיין כיין!

דאָס געוויסן עסט, ווי א וואָרים, פּיקט: פּיק — פּיק. רעפאָעל וואַרפט זיך, און דאָס בעטל — ריפּ — סקריפּ!...

דער טאַפּטשאַן פונם אַנדערן כיידער לאָזט זיך אויך הערן, מאַכט רעפאָעלן לעכער אין קאָפּ, אים דאַכט זיך, אז דאָס סקריפּעט מיט פאַר-דראָס, בייזערט זיך, האט צו אים טאַינעס פאַר הערשעלען: פאַרוואָס האָט ער די גאַנצע צייט זיך אָן אים גאָר פאַרגעסן. רעפאָעלן איז הערשעלע באַלד באם ערשטן אַריינקומען זיינס צו אים אין הויז זייער געפעלן. ער האָט געזעען פאר זיך א שטיל, פאַרטראַכט אינגעלע, אן עלנטס, אן אָרעמס, נעבעך — און אף אים גרויס ראַכמאָנעס געהאַט. דאָס אינ-געלע פלעגט קומען אלע נאַכט פּינקטלעך נעכטיקן, שא, רואיק, שטיל, נישט אָנצורירן א פליג אף דער וואַנט. שאַ, געהאַלטן מויל, נאָר די אויגן זיינע האָבן גערעדט, דער אומעטיק-פאַרטראַכטער אָנבליק זיינער האט זיך באַקלאָגט, ווי ער ליידט און קומט עס, נעבעך, אָפּ אין דער וועלט. זיין בלייך פּאָנים, זיין האַלבאָשע, משטיינס-געזאָגט, און דאָס גאַנצע אויסזען זיינס האָבן אויסגעריסן, סוינע-ציען, א שטיק האַרץ. מע האָט געזעען פונם קוקן זיינעם פונדערווייטנס אף רעפאָעלן, ווי שטאַרק ליב ער האָט אים, ווי ער קלעפּט אין אים מיט אַלע זיינע אייוורים, מיט לייב און לעבן, ווי צו א טאַטן. רעפאָעל האָט געפילט עפּעס א שולדיקייט אַקעגן דעם אָרעם קינד, נעבעך, פאר אים עפּעס צו טון, און פאַרגענומען באַ זיך מיט אים זיך אָפּצוגעבן, מאַכן אים פאר א שטיקל מענטשן. נאָר די געשעפטן זיינע און כאַנצע האָבן אים פאַרדרייט דעם קאָפּ אזוי, אז פאר דעם אָרעמינקן, נעבעך, איז אים נישט געבליבן קיין פּיצל צייט, און פלעגט באַם דערמאָנען זיך אַמאָל

אין אים אלץ אָפּלייגן אף שפּעטער, שפּעטער, ביז ער האָט איינגאַנצן אָן אים פאַרגעסן. אַצינד הערט ער, ווי דער טאַפּטשאַן דאָרט סקריפּעט, דערמאָנט ער זיך אָן הערשעלען, און דאָס הארץ פאַרלויפט אים מיט בלוט — אוי, גאָר ארויס מיר פונם זינען!... אוי, א ראַכמאָנעס!... דאָס עלנטע, בלודנע שעפעלע איז געקומען צו מיר אין שטוב בעטן הילף, און איך האָב מיך אף אים אפילע נישט אַרומגעקוקט!

אָט אַזוי דיינקט רעפאָעל, און דאָס געוויסן פּייניקט אים. אַ, דו שיינער מענטש! א גוטער, א וואוילער, א באַל-ראַכמים נאָר מיט דעם מויל, און טון נישט אף א האָר. אַזוי זייט איר אַלע, פיינע לייט, באַלע-טויווס, פאַרזאָרגער! וויבאלד עפּעס א געשעפטל, ווערט אייך פאַרשטאָקט דאָס האַרץ! וויבאַלד עפּעס נויגייע אייערע כעפּציעס, גייט אייך שוין קיינער נישט אָן; וויבאַלד אייער נעפעשל, מעג יענער כאָטש די קאַפּאָרע ווערן. קאָמעדיאַנטן זייט איר, פאָקוסניקעס, אָנשטעלנמאַכער — רעשאָים מיט שטיינערנע הערצער, קופּערנע שטערנס און גלעזערנע אויגן!...

דער טאַפּטשאַן בייזערט זיך, קרעכצט, דאָס געוויסן פּיקט: פּיק — פּיק, רעפאָעל וואַרפט זיך, און דאָס בעטל — ריפּ — סקריפּ! — —

---

## דאָס זיבעטע קאַפּיטל.

— אוי, גלופּסק, טפו זאָל זי ווערן! — האָט רעפאָעל זיך צעבייזערט, אופּכאַפּנדיק זיך, ווי א פּאַרדולטער, שטאַרק דערשראָקן, נאָכדעם אז ער האָט אביסל איינגעדרעמלט און באַלד טאָקע מיט קאָס אויסגעשפּיגן. צו די אויערן איז אים פון דער גאָס גאַנץ דייטלעך שוין געקומען א שפּילן פון א פידעלע, א רייסן-זיך פון א פלייט און א געקלאפּעריי פון א פויק אף וואָס די וועלט שטייט — נו, א גלופּסק, א מעהומע אף איר! טאָג ווי נאַכט איז הו — האַ: קלינג — קלאַנג — סרייפּעס! האָך — האָך — כאַסע-נעס! כאַפּ — לאַפּ — גאַנאָווים! ניטאָ איין מינוט מענוכע. פוי, קיין גוטער זאָל זי ניט קענען!...

דעם עמעס מוז מען זאָגן, היינטיקס מאָל איז רעפאָעל אקעגן גלופּסק אומגערעכט געווען; ביז אהער האָבן די סרייפּעס אירע, די כאַסענעס און גנייוועס אים נישט געאַרט. זי האָט געמעגט ברענען צען מאָל א נאַכט; דער גוואַלד-גלאָק האט זיך געמעגט קלינגען, די קעסל-פויק קלאַפּן, באַגאנוועטע גוואַלדעווען צעזעצטערהייט, און ער האָט זיך גע-טון זיינס — געשלאָפן זייער פיין; גאַנץ פּאָשעט, ווייל ער איז דערמיט שוין געוויינט געוואָרן, און דול, קראַנק, כאָלילע, האָט עס אים נישט געמאכט. נישטמער וואָס? אים איז ניט גוט געווען גראד אפן הארצן, פון א מינדסטער זאך עפּעס נישט אזוי, איז ער געוואָרן אופּגעבראכט. האָט ער עס אצינד צו גלופּסק, נעבעך, אויסגעלאָזט. רעפאָעל איז באלד אראָפּ פונם געלעגער, געעפנט א פענצטער און זיך געשטעלט אַרויס-קוקן אף דער גאס.

א פריש מאָרגן-ווינטער האט א בלאָז געטון רעפאָעלן גלייך אין פּאָנים אריין, אים געגלעט, געקושט די באקן, די אויגן, זיך געשפּילט מיט די האָר און אָפּגעפרישט אים דעם קאָפּ. אין דרויסן איז טונקל-העל, דער הימל אין מיזרעך-זייט איז רויטלעך פאַרפאַרבט, ווייטער אביסל שימערט אף אים עפּעס א בלאסער פלעק — א סימען פון דער לעוואָנע. ס'איז אן אויסמישעניש פון טאָג און נאכט, א בלאָזעניש באַ זייער באגעגענען זיך. מע שפּירט, אז די זון איז שוין ניט ווייט, אָט-אָט

טוט זי זיך א ווייז, אָט-אָט איז זי דאָ מיט איר קאָוועד אליין! דאָס זאָגן די שוועלבעלעך, וואָס זיינען, קוים געעפנט די אייגעלעך, ארויס פון די נעסטן און שוועבן, דרייען זיך מיט א שירע אין דער לופט, און דאָס זאָגן אויך די קלעזמער דאָ, אף דער גאַס, וואס פירן אקעגן טאָג אָפּ אהיים, געוויינטלעך, מעכוטאָנים נאָך דער כופע-וועטשערע מיט דעם אומעטיקן, גאנץ גלופסק באקאנטן ניגנדל.

עס גייט זיך פאמעלעכן א דאר, בלייך אידל, פון יענע מינע אידע-לעך, וואס וואוינען אָנגעשטאָפּט צען אין איין שטיבל, משטיינס-געזאָגט, דאָרט ערגעץ אין א הינטער-געסל — אָרעמינקע, אָפּגעריסענע, דערשלאָ-גענע, דערנידעריקטע, אף וועלכע עס ליגט א בארג מאָרעשכוירע און ציטערן פריי דעם קאָפּ אופצוהייבן. אצינד גייט עס זיך, אָט דאָס אידל, האָפערדיק, ברייטלעך, ביגראַנדע, אָנגעטון שאבעסדיק, אין שיך און זע-קעלעך, דאָס קעפּעלע פאריסן, די הענטלעך פארלייגט אהינטער אונ-טערן מאנטל, פארנעמענדיק צו ביידע זייטן די פּאָלעס, און לאָזט זיך אָנטון קאָוועד. קלעזמער ארבעטן געשמאק אף די קיילים, אינגעלעך אין ספּענצערס, הינטן מיט ארויסגעשטעקטע העמדלעך, לויפן פאָרויס; א אידענע אין א יופּע אף איין ארבל, פארשטעקט דעם פארטעך, די עקן פונם קאָפּנטיכל צעלאָזט, העצקעט זיך ביעכידעס, פאר זיך אליין, די פרייע האנט אין דער הייך מיט עפּעס א מין נאָזטיכל, און דרייט זיך, פּלאָנטעט זיך פאר די פיס, לעבעדיק, פריילעך! עפּעס א קאטאָוועס, דאָס פירט מען אָפּ אהיים מיט א מארש, דורך אלע הויפּט-גאסן, א קאבצן מיטן ווייב, צוויי פיינע מעכוטאָנים — לאָז גלופּסק ניט שלאָפן, לאָז זי נישט קראנק זיין אופשטיין, נישקאָשע, און וויסן!...

רעפאָעל פארקרימט די נאָז מיט א זויערער מינע, ער איז, אפּאָנים, מיט דעם טאראראם נישט צופרידן, פון זיינעטוועגן וואָלט גאָר קיין אומ-גליק, כאסוועשאָלעם, ניט געווען, אז יענע מעכוטאָנים וואָלטן געגאנגען מיט די פיסלעך שטיל אהיים אָן א קאפּעליע, נישקאָשע!...

ער דרייט אוועק פון זיי דעם קאָפּ, קוקט אין גאַס, און די יעפיי-פיע, גלופסק, אַנטפּלעקט זיך פאר אים גאנץ אָפן אין איר געשטאַלט, מעכילע, ווי זי זעט אויס אינדערפרי. די רינשטאָקלעך און די „שמע-קנדיקע פּאַרפומעס", וואס מע האט פון די הייזער ארויסגעגאָסן נעכטן באַנאכט, גיבן די „שמוכט". די הייזער, פעסט צוגעמאכט פון דרויסן מיט די לאָדן, האָבן א פּאָנים גאָר עפּעס ווי גרויסע מיסט-קאַסטנס, פאר די טירן געפינט זיך פון קאָלטואוו: ביינער, ברעקלעך און אלע מינע זאַכענישן פון באַלעבאטישקייט. כאזיירים, נעגידים צווישן די בעהיימעס, וואָס זייער פארנאָסע געפינט זיך פאר זיי געגוג, איבער-געגוג אומעטום, זיי עסן דאָ פונם גרייטן שטארק פארטיפּט אין דער אכילע און כראָמ-

קען פאַר גרויס טאַינעג. הינט קאַבּצאָנים, אָן שטעלן, אָן פּאַרנאָסע, פּייגערנדיק, נעבעך, פאַר הונגער, דאַרע כאָרטעס, קאַליקעס, דראַבּעס פון קאָל האַמינים, נישטערן אין איטלעכס ווינקעלע, שנאָרן, זוכן דאָס שטיקעלע בּרויט. קומט אַ הינטל, שטעקט אַריין די נאָז דאָרט, וואו אַ כאַזער אַרבּעט אין אייסעק, געבּנדיק אים בּעשאַס מאַיסע אָנצוהערעניש מיט אַ בּיס אין אויער, פאַרדריסט עס יענעם שטאַרק און טוט אַ כריוקע, עפּנט דער אַ מויל און בּילט מיט אַזעס אים אַקעגן, לויפן זיך צונויף אַ פּעקל בּילערס און עס ווערט אַ געשלעג איבּער אַ בּיינדל, אַ רייסעניש, אַ בּייסעניש — אַן אויסכאַפּעניש פונם מויל איינער בּאַם אַנדערן. אויך וואָראָנעס גאַנאָווים, קאָלבּויניקעס, שפּאַצירן זיך דאָרט אַרום, שטאַרק אויסן עפּעס צו דערטאַפּן. איינע פון זיי שטעלט זיך אַ כאַזער אפן רוקן, שטרעקט אויס דאָס העלזעלע, קוקט מאַמזעריש אין דער זייט מיט איין אייגעלע, ווי יענער פּאָרעט זיך אין אַ בּערגל מיסט, און קוים האָט ער עפּעס געפונען, שפּרינגט זי פּוק אַראָפּ, כאַפּט די מעציע און פליט דערמיט געשווינד אַוועק. קי „פּעדערן" זיך אופשטיין פון זייערע געלעגערס אפן גאַס קילכויך האַשויר, לעקן זיך הינטן אַרום אַליין מיט דער צונג, אָדער קראַצן זיך, רייבּן זיך, ווי דער שטייגער איז, בּאַ אַ וואַנט, און לאָזן זיך, ווי גוטע בּאַלעבּאַטים, גיין, שמעקן, זוכן מעציעס אין מאַרק, וואָס דער אייבּערשטער שיקט צו: אַ שטרויעלע, אַ הייעלע איז אויך סכוירע פאַר זיי.

דער גלופּסקער מאַרק אין דער פרי מיט זיינע מינע בּאַשעפענישן, פירפיסיקע בּעהיימעס, מיט אַלע זייערע גיינג, זייער כאַפּעניש און יאָגעניש אין דער פּאַרנאָסע — האָט רעפּאָעלן זיך פאָרגעשטעלט גאָר עפּעס טאַקע ווי דער יאַריד פון די צווייפיסיקע זינדיקע נעפאַשעס, מיט דעם גאַנצן האַנדל, מיט דעם שווינדל, האָקוס-פּאָקוס, שאַכער-מאַכער. ער שטייט צעטראָגן, פאַרטיפט אין די געדאַנקען, און מעשונע-ווילדע בּרואים, פירפיסיקע און צווייפיסיקע, פאַרבּייטנדיק זיך איינע מיט די אַנדערע מיט זייערע פּענימער, דרייען זיך פאַר אים מעשוגענערווייס, אויסגעמישט אַלע אינאיינעם.

אַ קלאַפּ אין דעם פּאָדער-כיידער בּריינגט אַרויס רעפּאָעלן פון זיינע געדאַנקען. ער האָרכט זיך צו מיט איין אויער, און אין קאָפּ פּיקט אים הערשעלע.

— אָ, הערשעלע! — טראַכט זיך אים פאַר גרויס ראַכמאָנעס — ס'איז אַוואַדע פונם שלאָף... ער האָט, ווי איך, די גאַנצע נאַכט קיין אויג נישט צוגעמאַכט. וואָס זאָל עס זיין? עפּשער איז ער עפּעס נישט געזונט, אָדער עפּשער זאָגט אים דאָס האַרץ, אַז דאָס אָנהאַלטעניש זיינס, משטיינס-געזאָגט, אַף מיר איז אַן אויסגעבּלאָזן איי. ווער ווייסט, וואו

איך וועל מגולגל ווערן, און ער פֿאַרלירט אָט-דאָס נאַכטלעגער דאָ...
אומגליקלעך קינד, אז אין אַזאַ וויסט באַנק-בעטל באַשטייט דיין גליק!
גיי נאָכדעם זאָג: וואָס גוט, וואָס שלעכט... אַלע מענטשן זיינען פֿון
איין טייג געקנעטן, און דאָך ווי פֿאַרשידן זיי זיינען אין זייערע באַדער-
פֿענישן צום לעבן! יענעם איז דער גרעסטער פּאַלאַץ איינג, דעם אַנ-
דערן — גענוג א שטיקל אָרט, וואו אַנידערצולייגן דעם קאָפּ... איין בוים
מיט איינע בלעטלעך, די זיינען פֿריש, גרין, האַלטן זיך פֿעסט, יענע —
געל, דאַר-קוואַר, פֿאַלן, וואָגלען, נעבעך, פֿונם ווינט זיך עלנט אַרום...
אָ, עלנט יאָסעמל, אָ, פֿאַרוואָגלט קינד!

און ווי רעפֿאָעל טראַכט דאָ, אזוי הערט זיך ווידער א קלאַפּ, שוין
א גרעסערער, א שטאַרקערער, עפּעס ווי באַם עפּענען זיך א פֿענצטער
מיט אימפּעט, דערביי לאָזט זיך הערן הערשעלעס א געשריי גאָר אין
איין אָטעם:

— זי!... ס'איז זי, זי!...

אַז רעפֿאָעל איז נישט טויט — נישט לעבעדיק אריין אין פֿאָדער-
ביידער, איז הערשעלע שוין דאָרט נישט געווען. ער איז דורך דעם
פֿענצטער אַרויס ראַפּטאָם אויף דער גאַס. רעפֿאָעל זעט אים פֿונדערווייטנס
יאָגנדיק-זיך פֿלינק נאָך די מעכוטאָנים און פֿאַרשוואונדן-ווערנדיק באַלד
מיט זיי אין א געסל.

---

# דאָס אכטע קאפיטל.

די מעקלערן, וואָס איז אוועק מיט ביילען פון דער זאָרגבאַנק, האט זי פארפירט פון דאָרט גלייך צו זיך עפּעס אין א וויסט שטיבל, ערגעץ אין א פארלעגען געסל, אונטער אזא אויסרעד:

— דו, מיידעלע, בלייב זיך דערהווייל אָט-דאָ בא מיר, און איך וועל מיר אַ גיי טון אף איין פוס א שמעק געבן צו דער באַלעבאָסטע, בא וועלכער ס'איז דאָ פאַר דיר אן אָרט. בלייב, קינדעניו, און רו זיך טאַקע דערווייל אויס. אין פּאָנים דערקענט מען דיך, אז דו ביסט, נעבעך, מיד פונם וועג. געקומען, דאַכט זיך, האָסטו געזאָגט, פון קאַבּצאַנסק?

— פון קאַבּצאַנסק, ענטפערט ביילע: היינט ערשט געקומען.

— אַוואדע א ווילד פרעמדע דאָ, קיין קאָרעוו, קיין גויעל, האַ?

— יאָ, עלנט ווי א שטיין.

— זעסטו, ווי האָדל די מעקלערן טרעפט! ווער ס'איז שיין, און איך קלוג. האָב איך דיר געזאָגט, האַ! נו, גלויב-זשע מיר אַצינד, אז דער אייבערשטער וועט העלפן. עס וועט, אימירצעשעם, ווי דער מאָרגנשטערן שיינען דיר דאָס מאַזל, וועסט לעבן אין פיל גליק און נאַכעס, אָמיין, ריבוינע שעל אוילעם! קאַבּצאַנסקער מיידלעך גילטן זייער שטאַרק דאָ, אַבי נאָר קיין נאַראָנים ניט, ווערט אויס זיי לייט... האַ, וואָס האָב איך געוואָלט? דאָס געדעכטעניש איז מיר אף דער עלטער, נישט פאַר דיר געדאַכט, אביסל געשוועכט. וואס בא מיר אין איין אויער אַריין, גייט פונם אַנדערן אַרויס — יאָ, זיך דערמאָנט!... דערמאָן מיך, האָב איך געוואָלט זאָגן, ווי, האָסטו געזאָגט, הייסטו?

— ביילע! יאָ, ביילע, ביילע! שוין אָן איינאָרע, ביסטו, ביילע, גאָר קיין מאַיסע נישט. קיין נאַר ביסטו מעכויעוו אויך נישט צו זיין.— מאָכט האָדל, באטראַכטנדיק ביילען פון אויבן ביז אַראָפּ מיט א שיינענדיק פּענימל, און אַ קניפּ געבנדיק זי אין בעקעלע: — סכוירע!... איך מעג שווערן, ביילעניו, דו ביסט הונגעריק. זעט נאָר, אוי, א ווייטיק איז מיר, ווי בלייך זי איז! יאָ, הונגעריק? זאָג-זשע, נעשאָמע מיינע, זאָג, זאָג!

ביילע האט טאַקי דער גאַנצן טאָג פונם פרימאָרגן, ווען זי איז געקומען קיין גלופסק, ביז איצט נאָך אין מויל גאָר נישט געהאַט, נאָר זי האָט זיך געשעמט זאָגן „יאָ" און געשוויגן.

— שוויגן הייסט גערעדט. אָ, האָדל, נישקאָשע, ווייסט! ווייסט יענעמס פאַרבאָרגענע געדאנקען, איך קען, נישקאָשע, די מיידעלעך. אידישע טעכטער זיינען שעמעדיקע, באַזונדערס אָט די קליין-שטעטלדי-קע, דאָס שעמען-זיך ווייערס איז אָבער טאַקי נאָר אַן אַקשאָנעס, פע, כ'לעבן, אַ מיעסע זאַך אָט דאס אַקשאָנעס! וויל מען וויסן אַ טאַם פון לעבן, וואס הייסט אַזוינס געלעבט, איז די ערשטע זאַך — אין דר'ערד אַריין דאס אַקשאָנעס! געדיינק, טאָכטער, מיינע ווערטער, ווּעסט מיך אַמאָל פאַר זיי בענטשן... אָט וועל איך אַצינד אַ שפרונג טון דיר עפּעס קויפן. ביז וואַרמעס באַ אונז איז נאָך לאַנג צו וואַרטן. דער מאַן מיינער דרייט זיך אַ גאַנצן טאָג אַרום אין מאַרק, זוכן פּאַרנאָסע. די אינגלעך זיצן פון פרי ביז נאַכט אין כיידער, צוויי מיידלעך מיינע דינען, איינע באַ א הויבנפוצערן — די אַנדערע, באַ א נייטאָרן. האַלעוואַי זייער מאַזל אַף דיר געזאָגט געוואָרן! שיינע, גוטע, אויסגעקאָכט מיט איטלעכן, נישטאָ באַ זיי קיין פּיצל אַקשאָנעס. לייט קוועלן פון זיי גאָר אָן — געראָטן טאַקע אין דער מאַמען זייערער מוידוויים... עסן מיר וואַרמעס, הייסט עס, ערשט באַנאַכט. אָט וועל איך א שפרונג טון!

אַזוי לאָזט אויס האָדל דעם שמועס און ווערט באַלד אַנטרונען.

„אַ צאַדייקעס, כ'לעבן, די האָדל! — טראַכט באַ זיך ביילע — זי אַליין, ווי אין שטוב דאָ זעט אויס, איז, נעבעך, אָרעם, און זאָרגט זיך אַזוי פאַר מיר, ווי א מאַמע, עפּעס גאָר א דימענט, א גוטע, גאָר אָן א גאַל, גאָט באָרוך הו מעג איר פאַר איר גוטסקייט באַצאָלן!".

און אז ביילע טראַכט דאָ אַזוי, באַטראַכט די שטוב, אַלצדינג דאָרט, דאַנקט און לויבט זיין ליבן נאָמען פאַר די כאַסאָדים זיינע מיט דעם עלנטן, וואָס האט זיך דערבאַרעמט און צוגעשיקט איר אַזא, אַזאַ גוטע, קאָשערע נעשאָמע, — קומט אָן האָדל און לייגט אַנידער פאַר ביילען אַפן טיש א גאַנץ פעקל שפייז מיט זיסע ריידעלעך.

— עס, ביילעניו! אָט האָסטו דיר א קנעבעלע, א רעטעכל, אַ גרין אוגערקעלע. עס, נעשאָמעניו, זאלסט מיר געזונט זיין! איך וויל פונם גאַנצן האַרצן, וויל איך, אַז דו זאָלסט עסן און א שיין פּאָנים האָבן. אַ מיידעלע באַדאַרף זיך צולאָזן וואוילטאַג, האַנאָע האבן אין דעם לעבן. איך מוידוויים האָב איך מיך נישט אָפּגעזאָגט פון קיין זאַך, וואס דאָס האַרץ גלוסט. אַי, האב איך עס געלעבט, געלעבט!... זיי-זשע, ביילעניו, לעבעדיק מיידל און נישט געזאָרגט! לאָז זיך גאָט זאָרגן! עס, ביי-לעניו!

— צו וואס, כ׳לעבן, זאָלט איר זיך אַזוי מאַטריעך זיין? — מאַכטביילע און קוויינקלט זיך צוצורירן צום שפּייז, וואס פאַר איר: — בין גאָרניט אזוי הונגעריק, בין איך. און פאַר וואָס זאָלט איר זיך אַף מיר אַזוי אויסברייגגען?

— רייד נישט, איך בעט דיך, קיין נאַרישקייטן, א מיידעלע באַדאַרף עסן, זאָג איך דיר, נעמען אף זיך לייב און אַ שיין פּאָנים האָבן, אַנדערש קען מען זיך נישט ווייזן פאר לייט. און, איבעריקנס, בריינגסטו מיר גאָר נישט אויס, עסט נישט מיינס, ווי דיר דאַכט זיך, דו עסט פּריער גאָטס און דערנאָך דיינס. אַז גאָט וועט העלפן, דו דרייסט זיך אריין אַהין אַף דעם אָרט, וואו איך וויל דיר פאַרזאָרגן, וועסטו מיר, נישקאָשע, אָפּצאָלן מיט דאַנק. לאָז-זשע זיך נישט בעטן, נאַרעלע, און עס. געגוג געטאַינעט, נישטאָ מער קיין צייט. אַצינד באַדאַרף איך גיין, וועגן דיר טאַקע, אין א גוטער שאָ.

האָדל איז באַלד טאַקע אַוועקגעגאַנגען, און ביילע האָט זיך גענומען אונטערלענען דאָס האַרץ מיט אַפּעטיט, זייער צופרידן, וואָס דאָס מאַזל האט איר געדינט צו באַגעגענען זיך, באַלד בא איר אָנקומען אַהער, מיט אַזאַ דימענטיקער אידענע, בא וועלכער זי איז פאַרעכענט ווי אַן אייגן קינד. געשטערט די פרייד האט איר דאָס נאָר, וואס די מאַמע אינדערהיים דאָרט ווייסט עס נישט, און טראכט אוואַדע איבער וועגן איר, דער גוטער יאָר ווייסט וואָס אַזוינס. עס גיט איר אַ צופּ באַם האַרצן, דערמאָנענדיק זיך אָן די אלע ליבע אינדערהיים, און טראַכט בא זיך מיט אַ זיפץ: אוי, וואָס טוען זיי, נעבעך, וואָס מאַכן זיי דאָרט?

זי טראַכט און שטעלט זיך פאָר דאָס שווערע ביטערע לעבן אינדערהיים. די מאַמע איז געעלטערט, געבויגן, נעבעך, פאַר דער צייט; זי גייט אין אַקער פון פרי ביז נאַכט און פירט א לעבן, משטיינס-געזאָגט, אין דאַכקעס, אין נויט, קיין גוטע שאָ האט זי נאָך, נעבעך, ניט געהאַט... דער טאַטע האָרעוועט, רייסט קריע אַף דעם שטיקל ברויט. נאָך גוט, אַז ס׳איז כאָטש דאָ אַ פּיסנער קאָליש, אָדער אַ טעפּל קאַרטאָפל פון דער גאַנצער מי, אַמאָל קומט ער אַהיים ליידיק מיט א פאַרקלעמט האַרץ — און ס׳איז דאָס אויך נישטאָ, די לעצטע צייט איז ער, נעבעך, אויסגעדאַרט, ווי איינגעשרומפּן געוואָרן, קראַנק, צעבראָכן. קאָם וואָס די נעשאָמע האַלט זיך אין אים... די קינדערלעך, אוי, אַז אָך און וויי! פאַרוויסט, נעבעך, איז זייער לעבן, פאַרפינצטערט זייערע יונגע יאָרן! זיי עסן קיינמאָל זיך זאַט נישט אָן, האָבן נישט אַף זיך קיין לויט פלייש, נאָר הויט און ביין... אוי, וואָס טוען זיי, נעבעך, וואָס מאַכן זיי דאָרט?

עס שטעלט איר זיך אויך פֿאָר דאָס אָוועקפֿאָרן אירס פֿון דערהיים. אָך, ווי ווײ-און-ווינד דער מאַמע איז געווען צו שיידן זיך מיט איר קינד! די מאַמע פֿלאַטערט, ציטערט, איז טויט מיט אַלע אייוורים, ס'איז איר שווער איינצוהאַלטן זיך — און אַלע ווייטיקן, וואָס איר האט פֿון גאַנץ לאַנג ביז אַצינד זיך אָנגעקליבן אַפֿן האַרץ, גיסט זי עס אויס אין הייסע בלוטיקע טרערן. דער אַלטער, צעבראָכענער טאַטע מאַכט זיך קלוימערשט האַרץ, געזעגנט זיך מיט איר שטיל, קורץ — און אינעווייניק קאָכט זיך אים איבער דאָס ביסל בלוט, ער איז בלייך, צע-טראָגן אַ שרעק. איר שיידן זיך איז באַם גאנצן הויזגעזינד געווען אַ ריס פֿונם האַרצן.

דאָס שטעלט זיך איצטביילע פֿאָר, פֿילט, ווי דאָס האַרץ גייט איר אויס נאָך די אַלע ליבע אירע, און טראַכט: אוי, וואָס טוען זיי, נעבעך, וואָס מאכן זיי דאָרט?

אָרעמעלייט, אפֿאָנים, האָבן אויך אַ נעשאָמע, עלטערן צו קינדער, קינדער צו עלטערן און דאָס הויזגעזינד צווישן זיך פֿילן אויך ליב-שאַפֿט איינע צו די אַנדערע, עפּשער אַמאָל נאָך מער, ווי באַ יענע פֿאַרמעגלעכע.

עס רוקט זיך אָן אַף ביילען אַ וואָלקן מאָרעשכוירע, אָט-אָט, פֿילט זי, ברעכט איר דאָס האַרץ און עס טוט זיך אַ גאָס אַ מאַבל טרערן. נאר פֿון אַ ווינקעלע דאָרט אין איר נעשאָמע שיינט ארויס, ווי אַ ליכטיקער שטראַל, די האָפֿענונג, שלאָגט זיך דורך צווישן די געדיכטע וואָלקנס מאָרעשכוירע, און רוימט איר איין גוטע זאַכן — פֿרייד, נאַכעס אַף שפּעטער, אימירצעשעם, אַז גאט וועט איר העלפֿן זיך שטעלן דא אַף דעם גוטן אָרט, דורך דער קאָשערער נעשאָמע, האָדל די מעקלערן. אַוועקדינען אַ צייט און צונויפֿשלאגן עטלעכע גראָשן, וועט זי עס אינגאנצן אַהיים אָפּשיקן, אדער זי אַליין וועט גאר אַהיים צוריקפֿאָרן, ברייִנגען איטלעכן אַ מאַטאָנע, וועט העלפֿן דער מאמען אין דער יבאַלעבאַטישקייט, און לעבן אין פֿול גוטס איני-נעם מיט די עלטערן, זאָלן געזונט זיין.

מיט אַזעלכע טרייסטן פֿאַרוויגט ביילען די האָפֿענונג, עס קלעפּן זיך איר די אויגן, זי שפּאַרט זיך צו אַף אַ האַרט באַנק-בעטל, דרעמלט, און עס דאַכט זיך איר אין כאָלעם — בעטגעוואַנט! צוויי איבערבעטן, קישנס גרויסע און קליינע אַ גאנצער טורעם. אויך אַ שיינע גאַרדעראָ-בע — זי האט, הייסט עס, לעמאַזל, כאַסענע! ווער כאָסן, וואו כאָסן? פֿרעגט זי בעכיירעם, נאָר ס'איז אַ קושעניש, אַ טופּעניש, אַ שטו-פּעניש פֿון אלע זייטן, איין קאָל: מאַזלטאָוו דיר, ביילע, מאַזלטאָוו, מאַזלטאָוו!...

די זון האט זיך געזעצט, אין שטוב איז טונקל, און ביילע שלאָפט געשמאַק. אַפן פריפעטשיקל ברענט א פייערל. נאָסע שפּענדלעך א פּאָר קנאַקן, רויכערן, בלאָזן זיך, טוען דערנאָך א פלאַקער, בלאָזן אויס א טקיע גדולע — פוף — פוף, אַרויסשטעקנדיק די לאַנגע פייערדיקע צינגלעך, און כאַפּן אַרום אַ קאָכעדיק טעפּל, וואס שעפּטשעט, פּלוידערט עפּעס אַף זיין מין לאָשן. האָדל שעפּט אָפּ פון אויבן מיט א הילצערנעם לעפל און פירט א שטיל געשפּרעך מיט איר מאַן, וואס שטייט אָנגעבויגן איר בא דער זייט, אַרופלייגנדיק איטלעכס מאל אַ פינגער זיך אַף די ליפּן.

— שאַ, ברען ווי אַ פייער, שיפּילאַווע פּיסקעלע! אָט איז ער שוין געקומען, די שיינע צורע מיט דעם געפּייפטן לאָשן זיינעם: שישאַ — שושי — בייזערט זיך האָדל אף דעם מאַן שטילערהייט, שטאַרק אופגעבראַכט, נאָכקרימענדיק זיך אים ווי ער רעדט שיפּילאַווע — קראַנק ביסטו, האסט ניט קיין קויעך צו ריידן שטילער אַביסל, נישט פּייפן און אופוועקן זי פונם שלאָף, דו הערסט, שמענדריק?

— אַ שאַילע אַבישל צו איך הער. וואָס דען? צו־וואָש, זאָג־זשע מיר, איז דאָש סיעש מאַכן, ניסט סוין טאָקע פירן זי אַהינצוצו, סוין, אָן סום סיעש? — רוימט מענדיע, שטאַרק אָנבויגנדיק זיך, האָדלען אין אויער, שטיל ווי נאָר מעגלעך.

צו זיין אומגליק אָבער זיינען די זוזשענדיקע אויסיעס, ווי אַ „שין”, אַשטייגער, אים אַרויס פונם מויל מיט א פייף. עס האט אים נאך געפעלט טאָקע אַ פּאָר פעדערשטע ציין אויך, וואס אָן זיי מוזן אַזוינע אויסיעס אַרויסקומען געפּייפט. און, מאַיסע־סאָטן, זיינען אים אַריינגעפאַלן אין מויל דאפקע אַזוינע זוזשענדיקע אויסיעס, ווי א „שין”, אַשטייגער, ווי דעם אוילעמס א ווערטל טאָקע: אַז גאָט וויל שטראָפן אַן אַמאָרעץ, שיקט ער אים צו א פּאָסעק אין מויל, דאס הייסט, אַ גראָבער יונג שיט אין שמועס מיט פּסוקים, וואס קומען אויס לעמעשקע.

— אַי, אין דר׳ערד אַריין, ווי ער האט זיך עס אביסל צעפּייפט, צעשושקעט! — שעלט האָדל אַף אַ שושקענדיקן קאָל שטיל, מיט דעם גאַנצן קויעך פאַרבייסנדיק די ליפּן, און די אויגן פאַרלויפן איר מיט בלוט — פארוואס, פרעגסטו, נישט פירן זי אַהין היינט, באַלד טאָקע? בעהיימע! נאָך קענסטו זי נישט, די קאָלבויניצע, וואס פאר א גראָשן וועט זיך ביידע אויגן אַרויסנעמען! לאָזן איר טאָקע די אויגן אַרויסקריכן ביז זי וועט מיך זען מיט מיין סכוירע בא זיך! היינטיקס מאל לאז איך מיך, נישקאָשע, שוין נישט מער שפּייען אין דער קאָשע, שאַ, שלאָג מיך נישט איבער. וואס, גוילעם, האסטו אויסגעשטעלט דיינע קעלבערנע אויגן אף מיר אַזוי? האָרך בעסער, שמענדריק, און שווייג.

— סווייג, סווייג! ווייש נישט מער ווי סווייג. וואס-זשע איז בראש אַזוי דאָש סטיקעניש? — שושקעט מענדיע דעם ווייב אין אויער אַריין. און פאַר צופיל אָפּהיטעניש פאַרפּלאָנטערט זיך אים די צונג, פאַרבייט אַ שין אַף א סאַמעך, אַ סאַמעך אף א שין, און עס קומט אויס נאך ערגער געפייפט.

— טפו! — שפייט האָדל אויס, א מאַך-געבנדיק אף דעם מאַן מיט דעם לעפל — אַ פייפן אביסל! אָ — א פארפייפעניש זאל אף דיר קומען, ריבוינע שעל אוילעם! זאָלסט פייפן, פייפן... נו, שמענדריק, דו האָרכסט? דאס מיידל דאָרט שלאָפט. שאַ! זי זאל זיך נישט אופכאַפּן און הערן... נאָך א טאַם האב איך, וואס איך אייל מיך: לאָז זי א צוויי, דריי טעג בלייבן בא אונז דא, אונטערפּילעווען זיך אַביסעלע, נעמען אף זיך לייב, נישקאָשע, אַ גענזל, אז מען שטאָפט, גיט עס דיר שמאַלץ. אָט האסטו צוויי טאימים, צוויי מאַקעס דיר! און דער דריטער טאם טרעפט איבער אלע אנדערע — א דריטע מאקע דיר א גרויסע דערפאַר, וואס דו האסט א קאַצנקעפּל און פארגעסן, וואס נאכמען-טרייטל שרייבט אין דעם בריוול. נאַכמען-טרייטל בעט שיינע סכוירע, אז ער וועט איינגיכן קומען — זאל בא מיר דא זיין גרייט פארטיק, עס זאל נישט פעלן נישט מער ווי אָנצוקוקן זיך און שרייבן טנאָים, קעדיי ער זאל דאָ נישט לאנג פארזוימען און באלד טאַקע קענען מיט דער קאַלע, משטיינס-געזאגט, אוועקפארן אהינצו, וואוהין ער פאָרט אלע יאר מיט דער סכוירע זיינער און פארדינט א שטיק גאָלד. דו ווייסט דאָך, אַז נאַכמען-טרייטל באצאָלט טאָמיד שאַדכאָנעס-געלט מיט דער פולער האנט. איבער אלע אַכסאניעס האב איך היינט זיך גערדרייט, געזוכט, טאָמער איז ער געקומען. מאָרגן זאָלסטו גיין זוכן אים, שמעקן, ווי א הונט. אַצינד פאַרשטייסטו שוין, בעהיימע?

— וואָש-זשע איז אַזוינש נישט צו פארשטיין? זאָגט מען עש פריער אַרויש בעפיירעש און סאַ — שאַ — לאָזט אויס מענדיע מיט א לאנגן פייף.

— אַצינד, שמענדריק, מעגסטו שוין א מיסע מעשונע איינעמען, די קאפּאָרע ווערן פאר קאָל איסראָעל... אופגעוועקט! — מאכט האָדל, פארקרימענדיק זיך אף דעם מאן שטארק בייז, און לויפט-צו באלד טאקע צוביילען אינגאנצן ווי איבערגעביטן געוואָרן, מיט א פריילעך-שיינענדיק פּענימל און א זיס שמייכעלע אף די ליפּעלעך.

— א גוטער אופשטאנד אף דיר, ביילעניו! האָסט, אָן איינאָרע, זיך גוט אויסגעשלאָפן? נו, גענוג געשלאָפן. צייט עסן. מענדיע! — טוט האָדל א זאָג צום מאַן, עפּעס אַזוי פריינטלעך, גוט, גאָר מעכאיע — גיי, מענדיע לעב, רוף אריין די קינדערלעך. זיי א באַלעבאָס, מענדעניו, מאך דעם הערינג, שנייד אָן ברויט, און איך וועל מיר דערווייל אף א

קליין רעגעלע א גיי טון צום טעפּל, עס זאָל נישט צוגעבּרענט ווערן, דו קענסט נאָך מיר, כאס-וועשאָלעם, געבּן געט אָן קסובּע...

האָדל האָט באם טיש בּיילען אונטערגעטריבּן אלץ: „לאָז זיך נישט בּעטן, עס, לאָז דיר וואויל באקומען!", מאכן איר גרויסע האָפענונגען, אז אָט באלד וועט זי מיט דעם אייבערשטנס הילף אופגעריכט ווערן, זיך אין א שמאלץ-גרוב אריינכאפּן, אף א גוט אָרט, נישקאָשע.

אף דעם סמאך האט בּיילע באם טיש זיך וואויל געטון און זיך געלייגט שלאָפן מיט א גרינג געמיט.

---